

שלום־עליכם און ח. נ. ביאַליק האַג, 1907

י. ד. בערקאָוויטש

# אונדזערע ראשונים

## זכרונות־דערציילונגען וועגן שלום־עליכם און זיין דור



פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב

תשכ"ו — 1966

א
# מיין ערשטע נסיעה קיין אַמעריקע

פון די סך „מלאכות", וואָס שלום־עליכם האָט אויסגערעכנט אין זיין בריוו צו די אָדעסער פריינד, נאָך זיין קומען פון אַמעריקע, זענען געווען וויניק „ברכות". ער האָט געשריבן און קאָפּירט יעדע וואָך צוויי זאַכן פאַרן ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט" און דעם „אַמעריקאַנער", פאַרן „פריינד" און „דאָס אידישע פאָלק" אין רוסלאַנד, ער האָט אויך איבער־געדרוקט דעם „מבול" אין דער נייער טעגלעכער צייטונג „אונזער לעבען", וואָס האָט יענעם זומער אָנגעהויבן דערשיינען אין וואַרשע אונטער מ. ספּעקטאָרס רעדאַקציע, — נאָר פון וואַנען צו לעבן איז פאָרט ניט געווען. די אַמעריקאַנער אַרויסגעבער האָבן געצאָלט פון דער שורה זייער קאַרג און זענען געווען אומפּינקטלעך אין דרוקן אים יעדע וואָך, דער פּעטערבורגער „פריינד" האָט דעמאָלט שוין אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ, „דאָס אידישע פאָלק" אין ווילנע האָט געהאַלטן אינגאַנצן ביי פאַרמאַכן זיך, און די אַרויסגעבער פון „אונזער לעבען", כאָטש גאַנץ נייע מענטשן אויפן פעלד פון יידישער פאַרלעגעריי, האָבן פון דעסט־וועגן שכל געהאַט שלום־עליכמען צו עקספּלואַטירן, ווי גאָר געניטע פאַך־לייט: זיי אַליין זענען פון דעם „מבול" רייך געוואָרן, און דעם מחבר האָבן זיי אָפּגעפּטרט מיט גאָרנישט, — ווי דאָס וועט דערציילט ווערן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט. אויב מע זאָל צוגעבן דערצו, אַז שלום־עליכם האָט באַדאַרפט פון אַזעלכע אומזיכערע קוואַלן מפרנס זיין אַ פאַמיליע אין דער שווייץ, געבן די קינדער אַ מעגלעכקייט צו שטו־דירן, אויסהאַלטן דעם עלטערן זון מישאַ אין דער קיִעווער גימנאַזיע, — וועט גאָר קיין וווּנדער ניט זיין, וואָס ער האָט אין זשענעווע לאַנג ניט געקאָנט „רוען", און שוין אויפן צווייטן חודש נאָך זיין צוריקקומען פון

אַמעריקע האָט אים געגומען עקבויערן די אַלטע דערעסענע פראַגע: „וואָס וועט זיין ווייטער?"

וואָס וועט זיין ווייטער? — פון אַלע היימישע געשפּרעכן, אָפענע און פאַרבאָרגענע, איז געווען קלאָר, אַז צוריקפאָרן קיין אַמעריקע גלוסט זיך שלום־עליכמען אַזוי ניט, אַז ער מיידט אויס דערפון אַפילו צו ריידן. אמת, ער האָט זיך מיט אַמעריקע ניט אָפּגעזעגנט, איבערגעלאָזט דאָרט דעם אַיינדרוק ביי די, מיט וועמען ער איז געווען פאַרבונדן, אַז דאָס פאָרט ער קיין איירָאָפּע נאָר „אויף וואַקעישאָן", און אָנהייב ווינטער קומט ער צוריק — אפשר שוין מיט דער פאַמיליע, זיך אינגאַנצן צו באַזעצן. דאָס איז אָבער געטאָן געוואָרן מיט אַ „דיפּלאָמאַטישער" כוונה — איבערצולאָזן פאַר זיך אַן אָפענע טיר אין אַמעריקע, אויפן פאַל, אויב די נויט וועט אים טרייבן צוריק. דערווייל האָט ער געזוכט מיט ליכט אַן אַנדער אויסוועג. עס זענען אָבער ניט געווען קיין שום אויסזיכטן. אומקערן זיך מיט דער פאַמיליע צוריק אין קיִעוו? — קיִעוו איז שוין פאַר אים געווען טויט. מיט די אַמאָליקע בערזע־מסחרים האָט ער שוין לאַנג זיך געשיידט, אַחוץ אַלטע גוטע פריינד און קרובים און אַחוץ חובות, וואָס האָבן אים נאָכגעיאָגט אַזש ביז אַמעריקע און פאַרביטערט דאָס לעבן, האָט ער דאָרט גאָרנישט ניט געהאַט צו טרעפן. עס איז פאָרגעשטאַנען אַ פּראָבלעם, אַ סך שווערער ווי פאַראַיאָרן, בשעת מען איז אַהער געקומען פון גאַליציע, און כדי ניט אַריינצופאַלן אין פאַר־צווייפלונג (וואָס שלום־עליכם, מיט זיין טיף־גלייביקן אָפּטימיזם, האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן), האָט מען ביז וואָס־ועץ געדונגען אין זשענעווע אַ וווינונג מיט אַ קאָנטראַקט אויף דריי יאָר, געקויפט אויף אויסצאָלן דאָס סאַמע נייטיקע מעבל, און שלום־עליכם אַליין האָט זיך גענומען גרייטן אַרויסצופאָרן אויף פאָרלעזונגען איבער איירָאָפּע, פריער קיין מאַריענבאַד, דערנאָך קיין האַג, ווו עס האָט באַדאַרפט אינמיטן אויגוסט פאָרקומען דער ציוניסטישער קאָנגרעס, און פון דאָרטן קיין בעלגיע, הויפּטזעכלעך קיין אַנטווערפּן. אין מאַריענבאַד, וווהין פאַרמעגלעכע רוסישע יידן האָבן זיך געצויגן יעדן זומער „אויף קור", האָט שלום־עליכם געהאָפט צו טרעפן זיך ווידער מיט זיין „אייגענעם" פּובליקום.

פון וועלכן ער איז שוין באַלד צוויי יאָר געווען אָפּגעריסן. אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט ער געזאָלט פיגורירן אַלס דעלעגאַט, געשיקט פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן (די אָרעמע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע פון יענע טעג האָט דעלעגירט צו די קאָנגרעסן נאָך שוואַכערע ציוניסטן ווי שלום־עליכם — אַבי יענע זענען געפאָרן אויף אייגענע הוצאות). און אין אַנטווערפן האָט ער געהאַט בדעה צו באַקענען זיך נאָענט מיט די עמיגראַנטן, וואָס זעצן זיך דאָרט אויף די שיפן קיין אַמעריקע, און מיט די עמיגראַנטישע הילף־קאָמיטעטן, דורך וועלכע ער האָט פאַרטראַכט דורכצופירן „מאָטל פייסי דעם חזנס" מיט זיין גאַנצער „כאַליאַסטרע".

פון די אַלע טונקעלע דערוואַרטונגען איז מיר פּערזענלעך קלאָר געוואָרן איין זאַך: אַז ווייטער זיצן ביי שלום־עליכמען אויף קעסט טאָר איך ניט. און ווי שווער עס איז אונדז ניט געווען צו שיידן זיך, האָב איך מיט מיין פרוי באַשלאָסן, איך זאָל מער ניט וואַרטן אויף דעם אויסגאַנג פון שלום־עליכמס פּלענער, צי ער פאָרט צוריק קיין אַמעריקע, צי ער פאָרט ניט, און אַליין זיך לאָזן אַהין פּרוּוון דעם אייגענעם מזל. אונדזער באַשלוס האָט לכתחילה באַגעגנט אַ ווידערשטאַנד מצד די עלטערן. מע האָט ווידער אַ מאָל גענומען מאָלן פאַר מיר די גרויסע שטרויכלונגען פונעם אַמעריקאַנער לעבן. ענדלעך האָט מען מיר אָבער נאָכגעגעבן. שלום־עליכם האָט זיין הסכמה מאָטיווירט דערמיט, אַז ער לאָזט מיך אָפּ קיין אַמעריקע פּשוט צו זען זיך מיט מיינע עלטערן, וועלכע האָבן זיך דאָרט באַזעצט פון פריער. אגב, האָט עס אויך געהייסן, אַז ער שיקט מיך דערווייל קיין אַמעריקע, ווי זיין „אַמבאַסאַדאָר", און וואָס ווייטער וועט זיין — וועלן מיר שפּעטער זען... און איצט, אַז מיין פאָרן איז שוין געווען באַשטימט, האָט ער זיך געפּלייסט מיר לייכטער צו מאַכן דאָס האַרץ, געזוכט אַרויסצושטעלן אַמעריקע נאָר אין גוטן ליכט. נאָך אַלע זאַכן, איז דאָך עס פאָרט אַ זעלטן פריי און דעמאָקראַטיש לאַנד, איינס אין דער וועלט, און ס'איז גאָרניט משער צו זיין די גרויסע רייכע צוקונפט, וואָס יידן שטייט דאָרט פאָר!... איך האָב אַוועקגעשריבן צו מיין פאַמיליע, מע זאָל מיר אַרויסשיקן אַ שיפס־

קאַרט, און האָב מיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין. זיך געזעגנט מיטן זיידן מענדעלע, וועלכער האָט מיך געבענטשט מיט אַ פּאַראַפראַזירטן גמרא־ווערטל: פשוט נבלה באמריקה ואל תצטרך לליטרטור" — פּאַר־נעם זיך, הייסט עס, בעסער אין אַמעריקע מיט שינדן נבלות, אַבי ניט אָנקומען דאָרט צו דער ליטעראַטור... זיך געזעגנט מיטן שטענדיק קאָכיקן בן־עמי, וועלכער האָט ביים געזעגענען זיך גוט אויסגעשאָלטן אַמעריקע, געזאָגט, אַז עס איז אַ לאַנד פון „כולה פּאַסקודסטוואָ", אַז פון דעם איין נאָמען „אַמעריקע" גייט אים שוין דורך אַ שוידער איבערן רוקן.

אָנגעלאָדן מיט אַזעלכע שווערע ברכות, איז מיר דאָס שיידן זיך מיט מיינע אייגענע און מיט מיין קליין טעכטערל אָנגעקומען נאָך שווערער (שלום־עליכם איז דעמאָלט ניט געווען אין דער היים — ער איז מיט אַ וואָך פריער אַוועקגעפאָרן קיין מאַריענבאַד). דערצו האָב איך איבערגעלאָזט די גאַנצע פאַמיליע אין גרויס צעטראָגנקייט: די „באַבושקאַ", פרוי שלום־עליכמס מוטער, איז געלעגן קראַנק, און לויט די פנימער פון די דאָקטוירים איז געווען צו דערוואַרטן דאָס ערגסטע. פאַר די העכער אָנדערהאַלבן יאָר, זינט איך בין אַריין אין שלום־עליכמס פאַמיליע, האָב איך נאָענט דערקענט איר עכטע גוטסקייט, די באַהאַלטענע גוטסקייט פון אַ שווייגנדיקער, אויסערלעך ברוגזלעכער נאַטור, און בין געווען גערירט פון איר מוטערלעכער צערטלעכקייט, מיט וועלכער זי האָט אַרומגערינגלט די קינדער, וואָס האָט זיך געשפּרייט אין גלייכער מאָס אויך אויף מיר. אין זיכרון האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט איר לעצטער ווייטמוטיקער קוק אויף מיר — אַ קוק פון אַ מענטשן, וואָס געזעגנט זיך אָפּ אויף אייביק.

מיין שיפסקאַרט איז געווען אויף סויטהעמפּטאָן, אויפן זעלבן שיף, מיט וועלכן שלום־עליכם איז געפאָרן קיין אַמעריקע. איך בין אַרויסגעפאָרן מיט אַ וואָך פריער קיין לאָנדאָן, מיט דער כוונה צו באַקענען זיך דאָרט מיט י. ח. ברענער. מיין באַקאַנטשאַפט מיט ברענערן איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. דאָ וועל איך נאָר זאָגן פאַרבייגייענדיק, אַז כאָטש איך האָב ברענערן געטראָפן אין גרויסער אָרעמקייט און אָפּגעלאָזנקייט אין דעם פינצטערן שמוציקן ווהאַיטשעפּעלער דלות, האָט ער אין מיר

איבערגעלאָזט דעם אײַנדרוק פון אויסערגעוויינלעכער גייסטיקער פריש־קייט און ציכטיקייט. ער איז געווען ערלעך און אויפריכטיק אין זיינע ליטעראַרישע אָנשויאונגען און באַציאונגען, אָן קיין שום זייטיקע, עגאָ־איסטישע פניות, — דער אויפריכטיקסטער צווישן יידישע שרייבער, וואָס איך האָב געקענט. אַליין אַ ליידנדיקער, אַ טיף־געפיייניקטער פון זעלבסט־קריטיק, פון זיין אייגענער טאָג־טעגלעכער אומגעלומפּערטקייט, איז זיין קוק אויף דער וועלט און אויף מענטשן געווען קלאָר און געלייטערט, זיין וואָרט שטאַרק און שאַרף, ווי געשעפּט פון ערגעץ אַ פאַרבאָר־גענעם לויטערן קוואַל. ער האָט מיט מיר פאַרבראַכט לאַנגע אָוונטן אין לאָנדאָן און מיך באַגלייט אין אַ טונקעלן רעגנדיקן באַגינען צום צוג, וואָס גייט־אָפּ צום שיף. זיין ווייך־אָנגעבלאָזן טראַגיש פנים מיט די קליינע טרויעריקע סלאַווישע אויגן, זיין אָרעמער שווערער הילוך, זיין שווער האָרעפּאַשנע לעבן (ער האָט געאַרבעט אַלס האַנט־זעצער אין דעם לאָנדאָנער טעגלעכן „זשורנאַל") — זיין גאַנצע פינצטער־לעכע פיגור, באַלויכטן מיטן ריינעם ליכט פונעם ריינסטן אידעאַליזם, איז מיר לאַנג געשטאַנען פאַר די אויגן די זיבן טעג פון מיין נסיעה קיין אַמעריקע און מיר ווי שטום געוויזן דעם דרך־הישר פון אַ שרייבער ביי אַן אָרעמען פאָלק.

נאָך די חושכדיקע טעג אין דעם חושכדיקן לאָנדאָנער וווהאַיטשעפּל. אונטער אַ קאַלטן, רעגנדיקן הימל פון טיפן האַרבסט, בין איך אין ניו־יאָרק ווידער אַריינגעפאַלן אין הייסן ליכטיקן זומער אַריין, אין די סאַמע היצן פון מיטן אויגוסט — און דער ערשטער אײַנדרוק, וואָס אַמעריקע האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען זייער אַ זוניקער און זייער אַ הייסער. דורך אַ טעות, איז אַ גאַנצע קאָמפּאַניע יונגעלייט געפאָרן מיך באַגעגענען ניט אויף דעם האַפן, צו וועלכן מיין שיף איז צוגעקומען. און אַזוי ווי איך בין געפאָרן, מעשה פריץ, מיט צווייטער קלאַס, בין איך אַליין אַראָפּ פונעם שיף, צוגעפאָרן מיט אַ דראָזשקע צו אַ „קאַר" (איך האָב שוין געוווסט, אַז אַ טראַמוויי הייסט אין אַמעריקע „קאַר"). און אין פאַרלויף פון אַ גוטער שעה בין איך שוין געווען אין בראָנזוויל, דאָרט ווו מיינע עלטערן האָבן געוווינט. ווי יעדער אייראָפּעער, האָב

איך מיך געגוג אָנגעהערט וועגן די ניו־יאָרקער „הימל־קראַצערס״, איך האָב זיי היינט אין דער פרי שוין אויך געזען פונעם שיף, און דאָס האַרץ האָט מיך געשראָקן: ווי אַזוי לעבן דאָס מענטשן אין אַזעלכע הויכע אומעטיקע קאַסטנס מיט טויזנטער שטומע פענצטער, וואָס קוקן ווי די אויגן פונעם מלאך־המות?... ערשט דאָ, אין בראַנזוויל, האָב איך פלוצעם דערזען פאַר זיך שטילע יידישע, שבתדיק־זוניקע גאַסן, מיט הילצערנע צוויי־שטאָקיקע הייזער, געדעקט מיט געסאַליעוועטע ברעטער, מיט הילצערנע, כמעט היימישע גאַניקלעך, מיט יידישע ווייבער אין ווייסע שבת־דיקע קאָפּטלעך, וואָס זיצן אין שאָטן פון די גאַניקלעך, ריידן געשמאַק יידיש און קנאַקן געשמאַק „סיעמעטשקעס״ — אַן אמתע היימישע אידיליע! אַ גאַנץ בינטל ווייבער מיט קינדער האָט זיך געלאָזט גיין מיט מיר, מיך געפירט פריינדלעך ווייזן, ווו מיין פאָטער זיצט. ס׳איז מיר געוואָרן לייכט אויפן האַרצן. אומזיסט האָט מיך שלום־עליכם אַזוי געשראָקן מיט אַמעריקע.

מיין פאָטערס הויז איז אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה פול געוואָרן מיט מענטשן, וואָס זענען געקומען מקבל־פנים זיין דעם גרינעם גאַסט. עס זענען געקומען העברעער, יונגע שרייבער, פועלי־ציוניסטן (איך האָב פאַר דער לעצטער צייט געדרוקט אין דעם פועלי־ציוניסטישן וואָכנ־בלאַט „דער אידישער קעמפער״ עטלעכע זאַכן, בין איך געווען פאַררעכנט ווי איינער פון דער משפחה). מע האָט מיך גענומען מונטערן פון אַלע זייטן מיט אַלערליי ווערטער: איך האָב גוט געטאָן, וואָס איך בין געקומען קיין אַמעריקע — די „יידישע גאַס״ דאַרף דאָ האָבן יונגע טאַלאַנטן; נאָר פון דער צווייטער זייט, אויב איך מיין, אַז עס וועט מיר דאָ לייכט אָנקומען דורכצופירן דאָס, וואָס איך וויל — האָב איך אַ טעות... געוויס לעכצט די „יידישע גאַס״ נאָך גוטע ליטעראַטור, נאָר עס זענען שוין געמאַכט געוואָרן פרוון פאַר מיר — און זיי זענען דורכגעפאַלן... מע האָט מיר אויך געגעבן עצות, ווי אַזוי איך זאָל זיך האַלטן אין אַמעריקע — דערהויפּט, וואָס איך זאָל דאָ ניט טאָן: איך זאָל, למשל, ניט שרייבן אין אַזעלכע צייטונגען, ווי דאָס „טאַגעבלאַט״ און דער „מאָרגען זשורנאַל״. מיינע עטלעכע דערציילונגען, וואָס איך האָב ביז

אַהער געדרוקט אין „טאַגעבלאַט", האָבן אַרויסגערופן דערשטוינונג ביי די אמתע אינטעליגענטע לייענער. ווי קום איך צווישן שמעק־טאַבאַק־יידן, אַלטע יאַרמלקעס, צבועקעס ?... שלום־עליכם טוט אויך ניט ריכטיק, וואָס ער שרייבט פאַר די דאָזיקע צייטונגען... שלום־עליכם איז דאָ בכלל באַגאַנגען פעלערן — אַשטייגער, וואָס ער האָט געשריבן אין דער „ווארהייט" דעם „מבול", זיך געלאָזט דיקטירן פון מילערקען... (פאַר־וואָס זיי האָבן אַזוי צערטלעך פאַרצויגן לואי מילערס נאָמען — האָב איך נאָך ניט געוווּסט).

איך בין געזעסן צווישן שטאַרק־פאַרשוויצטע פרעמדע יונגעלייט אין הוילע אויבער־העמדער, מיט לאַנגע האַלז־טיכלעך, און עס האָט זיך מיר געדרייט דער קאָפּ: פון דעם ערשט־פאַרלאָזטן שיף, פון דער גרויסער ווייטקייט, וואָס איז פּלוצעם אויסגעוואַקסן צווישן מיין ווייט־פאַרשווונדענער ליבער היים אין זשענעווע און צווישן אַמעריקע, פון די עצות פון מיינע נייע, נאָך אומבאַקאַנטע עצות־געבער, און אויך פון דעם, וואָס אַ רעדאַקטאָר פון אַ גרויסער צייטונג מיט צענדליקער טויזנטער לייענער הייסט דאָ פּראָסט „מילערקע"... ס'איז מיר ווידער שווער געוואָרן אויפן האַרצן. אַפּנים, אַז שלום־עליכם האָט מיך פאָרט געשראָקן ניט אומזיסט...

## ב

# מיינע נסיונות אין ניו־יאָרק

פאַרבראַכט עטלעכע טעג מיט מיינע עלטערן, מיט וועלכע איך האָב זיך שוין יאָרן ניט געזען, האָב איך דאָך ניט געפאָלגט מיינע עצות־געבער און בין געפאָרן אין דער רעדאַקציע פונעם „טאַגעבלאַט". דער רעדאַקטאָר, יאָהאַן פאַליי, אַ מענטש מיט אַ פולן רויט־געפלעקטן פנים און מיט לאַכנדיקע אויגן, האָט מיך אויפגענומען מיט אַ ברייטן ברוך־הבא, מיך פאָרגעשטעלט פאַר די מיטאַרבעטער, געלויבט מיינע זאַכן, וואָס ער האָט געדרוקט אין זיין צייטונג, באַוויזן מיר, אַז ער האָט באַקומען פון שלום־עליכמען וועגן מיר אַ בריוו צוזאַמען מיט מיין בילד, געפּאַטשט מיר פריינדלעך אין פּלייצע און געזאָגט, אַז ער וועט מיר מאָרגן געבן אַ ריכטיקן „ראַיט־אַפּ". וואָס איז אַזעלכעס אַ „ראַיט־אַפּ" האָב איך נאָך געענוי ניט געוווּסט, נאָר געשטויסן האָב איך מיך, אַז דאָס האָט עפּעס צו טאָן מיט מיין בילד, וואָס שלום־עליכם האָט אים צוגעשיקט.

— איר זעט־אויס צו זיין זייער אַ שעמעוודיקער, — מאַכט ער צו מיר — כאָטש שרייבן שרייבט איר גאַנץ „באַיקע"... נעוער מאַינד, — פּאַטשט ער מיר ווידער אין פּלייצע און לאַכט מיט אַ הילכיקן געלעכטער — אַז מע וועט אַייך אַדווערטאַיזן אין פּעיפּער, וועט איר ווערן נאָך... מיר וועלן אייך, מיט גאָטס הילף, אויסגרינען!...

נאָר וועגן שרייבן פאַרן „טאַגעבלאַט" האָט ער מיר דערווייל גאָרניסט געקאָנט צוזאָגן. די באַלעבאַטים פון דער צייטונג ווילן ניט צאָלן קיין געלט פאַר „שיינע ליטעראַטור". „געלט צאָלט מען אין אַמעריקע — זאָגט ער צו מיר מיט אַן אונטערקויפנדיקן וויץ — נאָר פאַר מיאוסע ליטעראַטור"... ער האָט מיט די באַלעבאַטים שווער געקנעלט אויך וועגן מיינע פריערדיקע סקיצעס. איינער פון זיי האָט זיך אַיינגעשפּאַרט: ער וועט ניט צאָלן קיין געלט פאַר מעשיות! גענוג וואָס ער צאָלט שלום־עליכמען — איבערגענוג!...

אויף מאָרגן האָב איך אויף דער „פראָנט־פּיידזש" פונעם „טאַגעבלאַט" דערזען מיין בילד מיטן „ראַיט־אַפּ". מע האָט מיר דאָרט ניט געזשאַ־לעוועט קיין פעטע שבחים — ערשטנס, אינעם זכות פון „מאָשקעלע חזיר", צווייטנס, אינעם זכות פון שלום־עליכמען, און דריטנס, אינעם זכות פון מענדעלע מוכר־ספרים, מיט וועמען איך בין געזעסן אין איין שטאָט, אין זשענעווע. צו וואָס מע האָט נאָך באַדאַרפט מטריח זיין דעם כבוד פון מענדעלע מוכר־ספרים — האָב איך ניט רעכט פאַרשטאַנען. ניט ווילנדיק האָב איך מיך דערמאָנט אָן מענדעלעס שאַרפער עצה, איך זאָל אין אַמעריקע בעסער שינדן נבלות... ניין, היינטיקס מאָל האָט יאָהאַן פאַליי אַ טעות געהאַט: נאָך דעם דאָזיקן „אַדוועריטאַיזמענט" האָב איך ניט געוואָלט נאָך... איך האָב אויסגעשניטן מיין בילד פונעם „טאַגעבלאַט", צוגעמאָלט צו מיין יונגן פנים אַ היפּשע געדיכטע באָרד, אַ יאַרמלקע, אַ פּיינעם מגן־דוד, און עס אַוועקגעשיקט אַהיים קיין זשענעווע, צו באַ־ווייזן שלום־עליכמען באַשיינפּערלעך, אַז איך בין שוין, גאָט צו דאַנקען, „אָלרייט" אין אַמעריקע.

מיט מער ערפאָלג איז געווען מיין באַזוך אין דער רעדאַקציע פונעם „מאָרגען זשורנאַל". דער אַרויסגעבער, יעקב סאַפּירשטיין, האָט מיך אויך אויפגענומען זייער פריינדלעך, אויך באַוויזן אַ בריוו פון שלום־עליכמען וועגן מיר, נאָר ער האָט מיר פירגעהאַלטן, למאַי איך האָב ניט באַזוכט דעם „מאָרגען זשורנאַל" אין איין טאָג מיטן „טאַגע־בלאַט". ווען איך ווייס, ווי אַזוי צו פירן זיך אין אַמעריקע, וואָלט מען אויך אין „מאָרגען זשורנאַל" געשריבן וועגן מיר עטלעכע וואַרעמע ווערטער; איצט האָב איך שוין פאַרשפּעטיקט... דערויף האָב איך אים געענטפערט, אַז איך בין געקומען אין אַמעריקע ניט כדי אַנדערע זאָלן שרייבן וועגן מיר, נאָר איך וויל דאָ אַליין עפּעס שרייבן. האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך רייד ווי אַ גרינער, און פון דעסטוועגן האָט ער גלייך באַשטעלט ביי מיר אַ „סקעטש" פאַרן „אַמעריקאַנער". אויב דער „סקעטש" וועט זיין געשריבן אַזוי ווי ער מיינט, וועל איך קאָנען שרייבן אינעם „אַמעריקאַנער" יעדע וואָך.

אַזוי ווי ער מיינט... ווי אַזוי, אַשטייגער, מיינט ער? — דאָס האָב

איך ניט געפרעגט און ניט געוואָלט פרעגן. איך האָב שוין לאַנג אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך וועל אין אַמעריקע שרייבן נאָר אַזוי, ווי איך מיין. איך האָב מיך פאַרשפאַרט ביי מיין פאָטער אין שטוב, און אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך געבראַכט סאַפּירשטיינען אַ גרעסערע דערציילונג. ער האָט קודם כל איבערגעציילט די בלעטלעך און באַלד געפונען אַ חיסרון, אַז דער „סקעטש״ איז צו גרויס. ער האָט זיך אָבער אַרויסבאַוויזן ווי אַ דזשענטלמאַן און געפרעגט, צי דאַרף איך האָבן געלט, און מיט אַ טאָג שפּעטער האָט ער מיר דערלאַנגט אַ טשעק אויף גאַנצע פופציק דאָלער — אַלס אַוואַנס פאַר מיינע שפּעטערדיקע זאַכן.

דער פופציק־דאָלערדיקער טשעק האָט אין בראָנזוויל געמאַכט אַזאַ גוטן אַיינדרוק, אַז אַפילו מיינע פּועלי־ציוניסטן האָבן פאַר אים באַקומען דרך־ארץ און האָבן מיך שוין מער ניט געמוסרט, למאַי איך פאַרקויף מיך צו די „יאַרמלקעס״. אויפגעמונטערט פון אַלע זייטן, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט נאָך אויף עטלעכע טעג און אָנגעשריבן אַ צווייטע דערציילונג, שוין אַ קירצערע. סאַפּירשטיין האָט איבערגעציילט די בלעטלעך און האָט ברוגז אַ מורקע געטאָן: „אָלראַיט״. וועגן דער ערשטער דערציילונג האָט ער מיר אָבער אַריינגעלאָזט אַ ביטערן טראָפּן. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט זי געדרוקט „מיט גוואַלד״. ער וואָלט זי מיר אָפּגעגעבן צוריק, נאָר ווייל איך בין אַ גאַסט אין אַמעריקע, האָט ער מיר ניט געוואָלט פאַרשאַפן קיין צער גלייך ביים ערשטן אַרויספאָר... ס׳איז אָבער געווען „על אפו ועל חמתו״...

— פאַרוואָס ? — פרעג איך שטאַרק מטושטש. — זי איז אַזוי שלעכט געשריבן ?

ניין, די דערציילונג איז געשריבן אָלראַיט, שיין און קלאָר — ער גלייבט מיין שרייבן. נאָר זי האָט אַ מיאוסן חיסרון: שילדערונג — צופיל שילדערונג, צופיל רוסישע פּסיכאָלאָגיע... ס׳איז גוט פאַר רוסלאַנד, אָבער ניט פאַר אים. ער האָט פיינט רוסלאַנד און האָט פיינט רוסישע פּסיכאָלאָגיע...

איך האָב געשטוינט: וואָס הייסט, שילדערונג איז אַ חיסרון ? ווי

אַזוי קאָן מען דען שרייבן אַ דערציילונג אָן שילדערונג? און וואָס מיינט ער מיט „רוסישע פּסיכאָלאָגיע״?

— אין רוסלאַנד — דערקלערט ער מיר שוין דייטלעכער — האָט מען ליב אַ סך פּסיכאָלאָגיע, און אונדזער „פּאָליסי״ איז קעגן רוסלאַנד. מיר האָבן פיינט די רוסישע פּאָגראָמשטשיקעס און מיר דאַרפן אויף תשעה ניינציק כפּרות זייער פּסיכאָלאָגיע!...

דאָס האָט ער שוין אַרויסגערעדט מיט ווילדן כעס.

— אויב אַזוי — זאָג איך צו אים — האָב איך מורא, אַז אויך אין דער נייער זאַך איז דאָ אַ ביסל פּסיכאָלאָגיע... ווען איך ווייס דאָס פריער, וואָלט איך ביי אַייך ניט גענומען די פופציק דאָלער... איך האָב שוין אַ טייל דערפון אַוועקגעשיקט אַהיים...

— איר רעדט ווי אַ נאַר! — זאָגט ער צו מיר שוין איידעלער. — ווער מאָנט ביי אייך צוריק די פופציק דאָלער? איך גלייך זייער אייער שרייבן, און איך וויל, איר זאָלט ביי מיר שרייבן, נאָר איר דאַרפט מיר געבן דאָס, וואָס איך מיין...

איך האָב נאָך אַלץ ניט געוווּסט און ניט געוואָלט וויסן, וואָס ער מיינט, און האָב מיך גענומען שרייבן ווייטער. גראָד יענע טעג, ווען איך האָב געפילט, ווי עס לייגט זיך מיר אויפן האַרצן אַלץ שווערער דער דרוק פון איינזאַמקייט אין דער דאָזיקער פרעמדער וועלט, איז מיך באַפאַלן אַ חשק צו שרייבן, אויסצוגיסן מיין אַנגסט אין געשאַפענע בילדער און איבערלעבונגען. איך האָב איצט געשריבן אויף אַ טעמע, וואָס האָט פאַרכאַפּט מיין געדאַנק, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ס׳איז אַרויסגעקומען גאָר אַ גוטע זאַך. די דערציילונג האָט געהייסן „פּייוקעס יום־הדין״. וויפיל איך האָב ניט געהאַט אין זינען צו האַלטן זיך קורץ, האָט דער סוזשעט זיך צעשפּרייט און די זאַך איז אַרויס אַ גאַנץ היפּשע. איך האָב מיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל איך עס ברענגען פאַר סאַפּירשטיינען, און האָב עס דאָך געבראַכט.

סאַפּירשטיין האָט איבערגעציילט די בלעטלעך און האָט מיר דעם מאַנוסקריפּט אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש:

— מיר קאָנען ניט יוזן אַזעלכע לאַנגע מגילות!

איך בין געוואָרן אַן אָנגעצונדענער.

— הערט נאָר, — זאָג איך צו אים — דאָס איז דאָס ערשטע מאָל זינט איך שרייב, וואָס מע גיט מיר צוריק מיינע אַ זאַך אין אַ רעדאַקציע. אָבער וואַרפן מיר אין פּנים טאָר מען ניט — מיר וואַרפט מען ניט אין פּנים אַריין! און מיך וועט איר ניט לערנען, ווי אַזוי צו שרייבן! איך קום פון רוסלאַנד!... איך וויל נאָר פּטור ווערן פונעם חוב — און אויס מחותנים מיט אייך!...

דאָס האָט געווירקט. ער איז באַלד געוואָרן ווייך, ווי פּוטער.

— אַ מאָדנער יונגערמאַן! — זאָגט ער. — ווער רעדט מיט אייך פונעם חוב?... שאַ, איר ווייסט גאָר וואָס? שרייבט מיר אָן פאַר דער נעקסטער וואָך אַ קירצערן „סקעטש", וועל איך זען דרוקן. אַז איך זאָג דאָך אייך — איך גלייך אייער שרייבן!...

נאָר אויך די נעקסטע דערציילונג האָט ער ניט געדרוקט. געהאַנדלט האָט זיך דאָרט וועגן אַן אָרעמען יידן אַ שוסטער, ביי וועמען עס האָט געטראָפן אַן אומגליק — די יינגסטע טאָכטער, אַ מיידל, האָט געבוירן אַ קינד. דער אַלטער פאָטער איז אויסער זיך פון חרפּה, וויל שרייבן זיין עלטערער טאָכטער אין אַמעריקע, זי זאָל נעמען צו זיך די שוועס־טער מיטן קינד. און אַזוי ווי ער איז אַ „בעזגראַמאָטנער", רופט ער אַריין פון דער גאַס אַ ווילד־פרעמדן יינגל, דיקטירט אים דעם בריוו אַזוי, אַז יענער זאָל ניט פאַרשטיין וואָס ביי אים האָט פּאַסירט — און פאַרפּלאָנטעט זיך אין אַ טראַגי־קאָמישן פּלאָנטער.

סאַפּירשטיין האָט מיר אין עטלעכע טעג אַרום אומגעקערט די סקיצע מיט אַן אָנגעלאָדענעם פּנים:

— מיר קאָנען דאָס ניט יוזן.

— פאַרוואָס?

— דערפאַר, וואָס אַלע אונדזערע לעזערינס האָבן קינדער ניין חדשים נאָך דער חופּה...

אויב אַזוי, האָב איך אים געבראַכט אַ סקיצע מיט אַ העכסט־כשרן אינהאַלט: „מפטיר". אַן אָרעמער דערשלאָגענער ייד וויל קויפן זיין בר־מצוה־יינגל מפטיר אין שול, נאָר עס קלעקט אים ניט דערצו קיין העזה.

— ס'איז ווידער רוסישע פּסיכאָלאָגיע! — האָט מיר סאַפּירשטיין אַרויסגעטראָגן זיין אורטייל צוזאַמען מיט מיין מאַנוסקריפּט.

— וואָס הייסט? ס'איז דאָך אַ מעשה מיט אַ שול־יידן! ווי קומט אין אַ מקום־קדוש רוסישע פּסיכאָלאָגיע?... די זעלבע סקיצע האָב איך געדרוקט אויף העברעאיש אין „הצופה", האָבן רבנים פון איר געלעקט די פינגער.

— עס קאָן זיין, אַז רוסישע רבנים האָבן געלעקט די פינגער... איך זאָג ניט — ס'איז גאַנץ פיין געשריבן, אָבער ניט פאַר אַמעריקע. מיר קאָנען דאָ ניט יוזן קיין פּסיכאָלאָגיע.

איך האָב אָנגעהויבן חושד זיין, אַז סאַפּירשטיין גייט דאָ מיט מיר אויף צר־להכעיס — ער וויל מיך „איינברעכן". איך בין געווען אין אַ קריטישער לאַגע. מיין קומען אין אַמעריקע האָט מיר שוין אָנגעהויבן אויסזען ווילד און נוצלאָז. אָבער וואָס האָב איך געקאָנט אַנדערש טאָן? און וואָס זאָל איך דאָ איצט ווייטער טאָן?...

איך בין געקומען אַהיים אַ דערצאָרנטער, אַן אויפגעבראַכטער, און האָב באַשלאָסן ניט אויפצוגעבן דעם קאַמף. איך האָב זיך אָנגענומען מיט כוחות און פאַרטראַכט צו שרייבן אַ סעריע דערציילונגען, וואָס וועט מוזן איינברעכן אַפילו סאַפּירשטיינען: איך האָב געוואָלט דערציילן דעם אַמעריקאַנער יידישן לייענער וועגן דיליידן, וואָס עס שטייט־אויס אַ גרינער אין אַמעריקע דעם ערשטן יאָר, וועגן זיין איינזאַמקייט, זיין פאַרלאָרנקייט, זיין בענקען אַהיים — אַן אָפּקלאַנג פון מיינע אייגענע איצטיקע איבערלעבונגען אין אַמעריקע, פון די גרויסע ליידן, וואָס איך שטיי־אויס טאָקע פון סאַפּירשטייבען אַליין... די ערשטע דערציילונג האָט געהייסן „דער גרינער" און האָט זיך ביי מיר אויסגעגאָסן מיט טיפן ווייטאָג, פאַרהילט אין אַ לייכטן שלייער.

נאָר אויך דעם קרבן האָט סאַפּירשטיין פון מיר ניט אָנגענומען.

— אַ שאָד — האָט ער געזאָגט — איר שרייבט זייער שיין, אַ שיינע שפּראַך... גלייבט מיר, איך גלייך זייער אייער שרייבן... נאָר מיר קאָנען דאָס ניט יוזן. אייער גרינער איז ניט צופרידן מיט אַמעריקע, און דאָס איז קעגן אונדזער „פּאָליסי"... אונדזער „פּאָליסי" איז, אַז גרינע דאַרפן

זיין העכסט צופרידן פון אַמעריקע, ניט בענקען נאָך רוסלאַנד... אין רוסלאַנד מאַכט מען אויף יידן פּאָגראָמען, און אין אַמעריקע איז פאַר־קערט — יידן מאַכן דאָ אַ לעבן... דאַרף מען זיין דאַנקבאַר, ניט קרימען זיך, ווי אַ גרינער... פאָלגט מיין עצה — וואַרט־אויס אַ יאָר. איר וועט זיך אויסגרינען, וועט איר אַנדערש שרייבן...

איך האָב שלום־עליכמען פון מיין ראַנגלען זיך מיט סאַפּירשטיינען ניט דערמאָנט מיט קיין וואָרט. איך האָב אָבער יעדן טאָג געשריבן מיין פּרווו פון מיינע איבערלעבונגען אין אַמעריקע און עפּעס דערפון איז צו אים אויך דערגאַנגען. אין איינעם פון זיינע העברעאישע בריוו צו מיר האָט ער מיך געטרייסט:

„מיין טייערער! מיר האָבן דאָך דיר שוין דערציילט דעם אמת פונעם נייעם לאַנד, נאָר דו האָסט ניט געגלייבט, אָדער דו האָסט ניט געוואָלט גלייבן... פון דעסטוועגן, פאַל ביי זיך ניט אַראָפּ, נאָר שטאַרק זיך און פעסטיק זיך און זיי אַ מענטש"...

אַלע מיינע דערציילונגען, וואָס זענען, צוליב זייער „רוסישער פּסי־כאָלאָגיע", איינע נאָך דער אַנדערער פאַרבראַקירט געוואָרן פון יעקב סאַפּירשטיין, האָבן זיך ביי מיר פון דעסטוועגן ניט פאַרוואַלגערט. איך האָב זיי גיך, אָפּטמאָל טאַקע גלייך אַרויסגייענדיק פון דער רעדאַקציע פונעם „מאָרגען זשורנאַל", אָפּגעזעצט אין דעם פּועלי־ציוניסטישן „קעמ־פער", אין דעם טעריטאָריאַליסטישן „פאָלק", און שפּעטער אויך אין דער סאָציאַליסטישער „צוקונפט", וואָס איז דעמאָלט רעדאַקטירט גע־וואָרן פון מאָריס ווינטשעווסקי. די אַלע פּאַרטיי־אָרגאַנען, וואָס זענען געווען אָפן דווקא פאַר בעלעטריסטיק מיט „רוסישער פּסיכאָלאָגיע", האָבן מיך אויפגענומען גאָר פריינדלעך. דער „קעמפער" האָט זיך אַפילו אָנגעטאָן אַ כוח און מיר געצאָלט אַן אויסנאַמלעכן האָנאָראַר, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס חידוש ביי מיינע ניי־באַקאַנטע חברים, די עטלעכע יונגע שרייבער פון רוסלאַנד, וואָס זענען פּונקט ווי איך פּריציייטיק אַריינגעפאַלן אין אַמעריקע און אין רעגנדיקע האַרבסט־טעג זיך אומגעדרייט אין דער טונקעלער „קיבעצאַרניע", איבערן גליטשיקן קאַכעלנעם באָדן, באַשאָטן מיט „פּילענעס" (האָלץ־זעגאַכץ),

מיט פנימער פון היימלאָזע, פאַריתומטע אויבער־מענטשן. דערצו האָט שלום־עליכם די זעלבע דערציילונגען געשיקט קיין רוסלאַנד, אינעם „פריינד״ און „אונזער לעבען״, און איבערגעבנדיק מיר דעם ענטפער פונעם רעדאַקטאָר פון „פריינד״, שאול גינזבורג, אַז „ער איז זייער צופרידן מיך צוצורעכענען צו דער משפחה פון די מיטאַרבעטער פונעם „פריינד״, — האָט ער מיר אין זיין העברעאישן בריוו געמונטערט: „ווי עס ווייזט אויס, איז דאָ מער געשמאַק ביי די מענטשן פון דעם שוואַרצן נידעריקן רוסלאַנד, ווי ביי די פרייע לייט פון דער געלויבטער אַמעריטשקע״.

דאָס האָט מיר געגעבן אַ שטיקל סאַטיספאַקציע אַקעגן סאַפּירשטיינען, וועמען איך האָב אָפּט באַזוכט אין זיין פינצטערלעכן אָפיס אויף מעדי־סאָן סטריט, איצט שוין מער ניט אין מיינע אייגענע אינטערעסן, נאָר אין שלום־עליכמס שליחות. און מערקווירדיק — נאָכדעם ווי מיינע אַ פאַרבראַקירטע סקיצע האָט זיך געדרוקט אין איינעם פון די „ראַ־דיקאַלע״ זשורנאַלן, פלעג איך זען אויף סאַפּירשטיינס ברוגזלעכן פנים מיט דער היפשער האַרטער נאָז עפּעס ווי אַ ווייכן שאָטן פון חרטה. ער איז געוועזן צו מיר אויסערגעוויינלעך גוט, געפרעגט, צי איך מאַך כאָטש אַ לעבן, און איינמאָל האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן:

— אַז איר זענט אַן אַיינגעשפּאַרטער יונגערמאַן! ווען איר זאָלט וועלן זיין אַ מענטש, וואָלט איר ביי מיר געהאַט פּלענטי וואָס צו טאָן.

— כדומה למשל? — האָב איך שוין געפרעגט סאַרקאַסטיש.

— וואָס דאַרפט איר פרעגן „כדומה למשל״? אָט דאָס איז דאָך דער טראָובל מיט אייך, וואָס איר פרעגט. פרעגט ניט!... איך וועל אייך געבן אָט דאָ־אָ אַ דעסק, וועל אַייך צאָלן ווידזשעס, און מיר וועלן שוין פאַר אַייך געפינען וואָס איר זאָלט שרייבן...

איצט, אַז איך טראַכט דערפון, זע איך סאַפּירשטיינען אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט. איך זע, ווי אַזוי אונטער דער האַרטער קאָרע פון דעם אויפגעקומענעם איסט־סאַידער צייטונג־באָס, וואָס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט פון ביליקע ראָמאַן־העפטלעך ביז צו אַן אייגענער, פעסטער צייטונג־„פּאַליסי״, האָט זיך גערירט אַ גוט מענטשלעך האַרץ, וואָס האָט

מיט באַהאַלטענער וואַרעמקייט זיך באַצויגן צו מיין יונגער „גרינער" פּאַרלאָרנקייט, אַפילו צו מיין יונגן „גרינעם" ליטעראַרישן ברען... דע־מאָלט אָבער, אין מיין הייסער טראָציקייט, טיף דערצאָרנט פון דעם ווילד־פרעמדן, אומליטעראַרישן מענטשן, וואָס האָט געהאַט די העזה צו גלייבן, אַז ער וועט מיך מיט זיינע אומגעלומפּערטע הענט „איבער־מאַכן" — האָב איך אים שאַרף געענטפערט:

— ניין, איך וועל שוין אויף אייער „דעסק" קיינמאָל ניט שרייבן. איך וועל בעסער וואַרטן אויף אַן אייגענער צייטונג — דעמאָלט וועל איך אייך לערנען, ווי אַזוי מע דאַרף שרייבן!...

דאָס זענען אָבער געווען סתם דיבורים, דער אויסבראָך פון מאַכט־לאָזער פאַרביטערונג. טיף אין האַרצן האָב איך געמוזט מודה זיין, אַז שלום־עליכם איז פאָריקן ווינטער, אין זיינע בריוו צו מיר, געווען גע־רעכט: איך וועל מיטן מינדסטן פינגערל פון מיין קליין טעכטערל ניט איבערדרייען דאָס ראָד פון דער גרויסער מאַשין — איך וועל די יידישע פרעסע אין אַמעריקע ניט איבערמאַכן. איצט, אַז איך האָב דאָס אַליין געזען מיט מיינע אויגן און נאָך מער זיך אָנגעהערט פון געפּרוּווטע היגע זשורנאַליסטן, האָב איך שוין פון איבערמאַכן אַמעריקע מער ניט געטראַכט; איך האָב נאָר געטראַכט פון דעם, אַז אַמעריקע זאָל כאָטש מיך ניט איבערמאַכן. איך האָב געזוכט אין דעם דאָזיקן פרעמדן טומלדיקן לעבן אַ שטילן ווינקל, ווו איך זאָל קאָנען ברענגען מיין פרוי מיט מיין קינד, איך זאָל ניט דאַרפן מיט ווייטאָג פאָרן צוריק קיין זשענעווע, צו שלום־עליכמס פאַמיליע, וואָס האָט שוין ווידער דורכ־געמאַכט אַ ווינטער פון גרויס נויט... איך בין געגאַנגען זוכן אַ פּלאַץ פאַר מיין שרייבן אין לואי מילערס „וואַרהייט", כאָטש איך האָב גע־ווּוּסט פריער, אַז מיין גיין איז אַרויסגעוואָרפן: אויב מילער האָט נאָכן „מבול" אַרויסגעלאָזט שלום־עליכמען פאַרן „טאַגעבלאַט" און פאַרן „מאָרגען זשורנאַל", וועט ער זיך אויף מיר געוויס ניט וועלן אומקוקן. מילער האָט מיך דווקא אויפגענומען זייער פיין, מיך אַפילו פאַרבעטן צו זיך אַהיים, ווו מיר וועלן קאָנען שמועסן אומגעשטערט, נאָר פון אונדזער שמועסן איז גאָרנישט אַרויסגעקומען. קיין בעלעטריסטיק האָט

ער פאַר דער „וואַרהייט" ניט געדאַרפט האָבן. ער האָט דעמאָלט געגעבן אין זיין צייטונג יעדן טאָג „פערל פון דער וועלט־ליטעראַטור" — אַ מין מיש־מאַש פון אַלערליי ליטעראַרישע ווערק, קלאַסישע און פסעוודאָ־קלאַסישע, עכטע און צווייפלהאַפטע, וואָס זייער אינהאַלט, דער „סיפור־המעשה", איז איבערדערציילט געוואָרן פאַרן לייענער קורץ און טרוקן. דאָס האָט דעם „בעסערן" לייענער געמאַכט אי פאַר אַ גוואַלדיקן תלמיד־חכם — ער איז אויף איין פוס באַקאַנט געוואָרן מיט דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור, אי פאַר אַן אייביקן עם־הארץ — ער האָט שוין די וועלט־ליטעראַטור מער ניט באַדאַרפט לייענען... אַזוי צי אַזוי, נאָר אין קיין דערציילונגען האָט זיך מילער ניט געניייטיקט, און אויף זשור־נאַליסטישער אַרבעט בין איך געווען פאַר אים „צו גרין". אויף וואָס־זשע האָט ער מיך פאַרבעטן צו זיך אַהיים? אַפּנים, נאָר כדי צו באַ־וויזן מיר, אַז וויפיל איך זאָל ניט מיינען, אַז איך פאַרשטיי עפּעס — פאַרשטייט ער טויזנט מאָל מער, און וויפיל איך זאָל ניט גלייבן, אַז איך קען עפּעס — קען ער טויזנט מאָל בעסער... אַזאַ איינדרוק איז ביי מיר פון אים פאַרבליבן.

נאָר איין יידישע צייטונג אין ניו־יאָרק האָב איך דורכגעלאָזט — דאָס איז געווען דער „פאָרווערטס". פאַרוואָס? ווייזט אויס, דערפאַר, ווייל איך האָב מיך גערעכנט פאַר אַ העברעאישן שרייבער. לויט דער שאַרפער, אויסגעשפּראָכענער צעטיילונג, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט צווישן די מערסטע יידישע סאָציאַליסטן און צווישן די טרעגער פון דער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער יידישער קולטור, בין איך געווען זיכער, אַז מע וועט מיך אין „פאָרווערטס" אויפנעמען, ווי אַ פרעמדן. און איך האָב דאָס אָפּט באַדויערט, ווייל איך האָב געזען, אַז פון אַלע יידישע צייטונגען אין אַמעריקע איז דער „פאָרווערטס" געווען דער איינציקער, וועמעס רעדאַקטאָר, אַב. קאַהאַן, אַליין אַ בעלעטריסט און אַ ליטע־ראַטור־קריטיקער, האָט געהאַט אַ נאָענטע, פּערזענלעכע באַציאונג צו דער יידישער ליטעראַטור און אירע יונגע טאַלאַנטן. גראָד יענעם ווינ־טער האָט קאַהאַן וואַרעם אויפגענומען אין „פאָרווערטס" יונה ראָזנ־פעלדס דערציילונגען. מיינע עצות־געבער האָבן מיר געראָטן, איך זאָל

אַריין זיך פאָרשטעלן פאַר קאַהאַנען, נאָר איך האָב אַלץ געקווייקלט. ערשט קומענדיקן זומער, אַ טאָג פאַר מיין אָפּפאָרן פון אַמעריקע, בין איך אַריינגעגאַנגען אין דער רעדאַקציע פונעם „פאָרווערטס", שוין אָן זייטיקע כוונות, נאָר מיט דער איינציקער כוונה צו באַקענען זיך מיט זיין רעדאַקטאָר. איך האָב מיך פשוט געשעמט, וואָס איך פאָר אַוועק פון אַמעריקע און האָב ניט געזען אַב. קאַהאַנען, וואָס האָט שוין דע־מאָלט געהאַט אַ נאָמען אין די יידיש־ליטעראַרישע קרייזן פון רוסלאַנד, ווי די פּאָפּולערסטע פּערזענלעכקייט פון דער יידישער עפנטלעכקייט אין אַמעריקע. און ניט נאָר אין די יידישע ליטעראַרישע קרייזן — אויך אין דער רוסישער ליטעראַטור האָט מען פון אים געוווּסט. איך האָב געדענקט, ווי אַזוי דער רוסישער שריפטשטעלער טאַן האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געשריבן אין דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „מיר באָזשי" וועגן אַב. קאַהאַנען, אומגעפער, אַז „דער רוסישער געניוס וועט ניט אויס־געלאָשן אויך אויף יענער זייט אָקעאַן"... איך האָב קאַהאַנען ביי מיין באַזוך געטראָפן מיט עטלעכע אומבאַקאַנטע פּערזאָנען אין אַ הייסן שמועס — טאָקע וועגן ליטעראַטור (אַ זעלטענע דערשיינונג יענע טעג אין אַ ניו־יאָרקער יידישער רעדאַקציע). און אין זיכרון איז מיר פאַר־בליבן דער שאַרפער אָנבליק פון דעם יונגן אַב. קאַהאַן, ווען איך האָב שפּעטער מיט יאָרן דערקענט שוין מיט אַ דורכגעזילבערטן קאָפּ.

איך דאַרף מיך דאָ מודה זיין, אַז גראָד אין יענעם פּעריאָד בין איך פון דער העברעאישער וועלט אַ ביסל ווי אָפּגעפרעמדט געוואָרן. איך בין אַריין מיט לייב און זעל אין דער יידישער שפּראַך, דערפילט דעם אמתן נאַטירלעכן פאַרגעניגן פון שרייבן „מאַמע־לשון", און די אַלטע פּראַכט פון דער העברעאישער שפּראַך איז פאַר מיר אויף אַ צייט פאַר־טונקלט געוואָרן. דערצו האָט אויך געווירקט דער אָרעמער, מיזעראַ־בעלער צושטאַנד, אין וועלכן העברעאיש האָט זיך דעמאָלט געפונען אין אַמעריקע. ס'איז, אייגנטלעך, גאָר קיין „צושטאַנד" ניט געווען. דאָס גאַנצע ביסל העברעאיש איז דאָ געלעגן אויף די דערשלאָגענע שוואַכע פּלייצעס פון איינזאַמע עלנטע לערער מיט פאַראומערטע, פאַרזויערטע פּנימער, וואָס האָבן ביי יעדן באַגעגעניש ביטער געקרעכצט אויף „גלות

השכינה" — דאָס הייסט, וואָס די שכינה איז דאָ אין גלות ביי אויפגע־קומענע גראָבע יונגען, די „פּרעזידענטן" פון די תלמוד־תורהס. עס זענען אויך געווען געציילטע באַלעבאַטים „משכילים" — אַזעלכע, וואָס האָבן אַמאָל, אין דער היים, געלעקט די פינגער פון מאַפּו און סמאָלענסקין, נאָר אין אַמעריקע האָבן זיי יאָרן־לאַנג קיין העברעאישן ספר ניט אָנגעזען, און זייער גאַנצע אָנגעהעריקייט מיט העברעאיש האָט זיך אויס־געדריקט אין דעם, וואָס זיי האָבן געקרימט מיט דער נאָז אויף דער ניי־אַנטוויקלטער העברעאישער ליטעראַטור, אַז דאָס איז ניט קיין לשון־קודש, נאָר טערקיש... פאַר מיר איז דער דאָזיקער טיפּ „משכילים" געווען ווי אַ דערשיינונג פון יענער וועלט: אין רוסלאַנד, ווו עס האָט זיך די לעצטע יאָרן צעוואַקסן אַ לעבעדיקע, פולבלוטיקע העברעאישע ליטע־ראַטור, מיט זאַפטיקע שפּראָצונגען פון עכטער פּאָעזיע און קינסטלערי־שער בעלעטריסטיק, זענען מיר געווען זיכער, אַז די „משכילים" זענען שוין לאַנג אויסגעשטאָרבן, לאַנג אַוועק אַהין, וווהין די גאַנצע השכלה־באַוועגונג איז אַוועק — און דווקא דאָ אין אַמעריקע, אין דעם נייעם קאָכיקן לעבן, האָב איך אויסגעפונען, אַז זיי זשיפּען נאָך. דער איינצי־קער העברעאישער ווינקל אין ניו־יאָרק, וווהין איך האָב אַ מאָל געקאָנט אַריינקומען, איז באַשטאַנען פון אַ גרופּע יונגעלייט, צום מיינסטן סטו־דענטן און ערשט־געענדיקטע דאָקטוירים און יוריסטן, וואָס האָבן מיט־געבראַכט פון דער היים דעם סענטימענט פאַר העברעאישער אויפ־לעבונג און זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער פליסנדיקער העברעאישער ליטעראַטור. די דאָזיקע יונגעלייט זענען געווען פאַר־איניקט אין אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „מפיצי שפת עבר" (פאַרשפּרייטער פון דער העברעאישער שפּראַך), און האָבן אָפּגעהאַלטן וועכנטלעכע מיטינגען אין דער „עדיוקיישאָנאַל אַלייענס" אויף איסט בראָדוויי. זיי זענען כמעט אַלע געווען געקליבענע אינטע־ליגענטע בחורים, מיט אויפריכטיקער ליבשאַפט צו זייער העברעאישער מיסיע, נאָר אַזוי ווי אויף די מיטינגען האָט מען גערעדט העברעאיש, און העברעאיש ריידן איז נאָך דעמאָלט געווען שווערלעך, האָבן די רעדנער זיך מער געקוועטשט ווי גערעדט, די געדאַנקען האָבן זיך ביי

זיי געצויגן ווי פון פעך — און ס׳איז געוועזן היפשלעך נודנע.

קיין העברעאישע שרייבער, אַזעלכע, וואָס זאָלן זיין ענג פאַרבונדן מיט דער וואַקסנדיקער העברעאישער ליטעראַטור, האָב איך אין אַמעריקע ניט געפונען. איך האָב דאָ נאָר באַגעגנט איינצעלנע פאַרטריקנטע שפּראַכן פון צופעליק־פאַרוואָרפענע קערנער, וואָס האָבן אויף דעם נייעם פרעמדן באָדן אַרויסגעקוקט מאָדנע טרויעריק, יתומדיק־עלנט. אַזאַ איז געוועזן נפתלי הערץ אימבער, דער פאַרפאַסער פון דער וועלט־פאַרשפּרייטער ציוניסטישער „התקוה״, וואָס האָט אין ניו־יאָרק פאַרענדיקט זיין אָרעם טראַגיש לעבן. איך האָב מיך באַקענט מיט אים אויף אַ ציוניסטישן מיטינג, און ער האָט מיך איבערראַשט מיט זיין קלאַסיש־שיינעם פנים, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די לאַנגע הערלעכע גרויע לאָקן, ווי אַן איראָנישע מאַסקע פון אַ מיטלאַלטערלעכן פילאָזאָף. נאָר די מאַסקע האָט טעמפּ געשמייכלט אין טיפער שיכרות. ווי מיינער אַ העברעאישער קאָלעגע, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט נאָענט צו מיר און מיך שטאַרק אַ קניפּ געטאָן אין זייט: „גיב אַ ניקל אויף אַ שנאַפּס״...

שפּעטער, בעת אַנטראַקט, אין פאָדערהויז, האָב איך געפּרוווט פאַרבינדן מיט אים אַ שמועס. ער האָט אָבער גערעדט ניט־גערן. זיינע שווערע שיכורע אויגן האָבן געבלאָנזעט אויף די פנימער פון די פאַר־ביי־שפּאַצירער, אַפּנים, געזוכט אַזעלכן, ביי וועמען מע קאָן קריגן „אַ ניקל״. איך האָב אים געפרעגט, צי שרייבט ער נאָך אויך איצט ציון־לידער, האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ טריבן שיכורן שמייכל אויף די דינע איראָנישע ליפּן:

— אויף וואָס דאַרפסטו נאָך? איך האָב דיר ווייניק אָנגעזונגען? אַלע הייליקע ערטער האָב איך דאָרט פאַרדריפּעט מיט מיינע שירים!...

און מיט אַ מאָל גיט ער זיך אַ קער צו מיר, שטעקט אַריין אַ פינגער אין מיין ברוסט, ווי איינער, וואָס ס׳איז אים איינגעפאַלן אַ וווּנדער־לעכער געדאַנק:

— סעי ליסן... הער נאָר... דו ביסט דאָך, דאַכט זיך, אַן איידעם פון אָט יענעם... ווי אַזוי הייסט ער דאָרטן? שלום־עליכם?... קום פרייטאָג־צו־נאַכט צו סיראָטען, וועלן מיר דאָרט עסן געפילטע פיש... דיין שווער

האָט דאָרט אויך געגעסן פיש מיט מיר צוזאַמען, און האָט זייער גע־לויבט די פיש...

סיראָטע איז געווען אַ רייכער ייד, אַ משכיל און אַ ליבהאָבער פון שרייבער, איינער פון אימבערס שטיצער אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט צוויי קורצע בריוו פון אחד העם און ביאַליק, וואָס ער האָט באַקומען מיט דער הילף פון אברהם אליהו לובאַרסקי. און אין דער שטיל האָט ער אַליין אויך געשריבן לאַנגע שירים מיט אַ ציטערנ־דיקער האַנט פון פריען עלטער. יענע טעג האָט ער געהאַט אַ חלום חתונה צו מאַכן זיין זון פאַר שלום־עליכמס אַ טאָכטער, און האָט זיך געפּרווט עטלעכע מאָל מיך אײַנלאַדן צו זיך פרייטאָג־צו־נאַכטס צו דער סעודה. אויס פּאָרזיכטיקייט האָב איך מיין באַזוך אָפּגעלייגט פון וואָך צו וואָך. איצט, נאָך אימבערס אײַנלאַדונג, איז מיר אינגאַנצן פאַר־גאַנגען דער חשק צו עסן פיש ביי אַ מעצענאַט אין שטוב.

איך האָב דאָ אויך געטראָפן גרשון ראָזענצווייג, דעם מחבר פון „מסכת אמריקה״ (אַ סאַטיריש ווערק אויפן אַמעריקאַנער לעבן, געשריבן אין דער פאָרם און מיטן לשון פון דער גמרא). אַז איך האָב אין די יונגע יאָרן געלייענט די „מסכת אמריקה״, בין איך געווען זיכער, אַז דער מחבר איז שוין לאַנג טויט — אַזוי אַלט האָבן געקלונגען די שאַרפע פעפערדיקע גמרא־וויצן, וואָס האָבן שטאַרק דערמאָנט די אַלטע קלאַסישע פּאַראָדיע „מסכת פורים״ פון קלונימוס בר קלונימוס. און דאָ האָב איך פּלוצעם דערזען פאַר זיך אַ לעבעדיקן יידן, נאָך אין די מיטעלע יאָרן, אַ הויכן, אַ דאַרן, אַ געבויגענעם, מיט אַ טרוקענעם געקנייטשטן פּנים, מיט טיף־אײַנגעפאַלענע באַקן און מיט שאַרפע פאַר־ביטערטע אויגן. איך בין אַרונטער צו מיטאָג אין זיין קעלער־רעסטאָראַן, וואָס ער האָט געהאַט אויף איסט בראָדוויי, האָט ער זיך צוגעזעצט צו מיין טישל און מיך געגומען באַווײַנען אויף העברעאיש: „וואָס ביסטו געקומען אַהער? וואָס האָסטו דאָ און ווען האָסטו דאָ? וואָס וועסטו דאָ מאַכן מיט העברעאיש? און נאָך אַזאַ יונגעטשקער, דער מוטערס מילך ניט פאַרטריקנט אויף די ליפּן — דו ווערסט דאָך דאָ פאַרוויאַנעט ווערן, אָט פּונקט ווי איך... כלך לך מדרך זו!״ (גיי אַוועק

פון דעם דאָזיקן וועג) — האָט ער מיך געוואָרנט אויף גמרא־לשון, און עס האָט שטאַרק געשמעקט מיט קנאָבל — איך ווייס ניט, צי פון די מאכלים פון דעם קעלער־רעסטאָראַן, צי פון דעם רעסטאָראַטאָרס אַלטער שאַרפער שפּראַך, צי אפשר פון דעם רעסטאָראַטאָר אַליין...

און אַזוי ווי איך בין ביי אים געווען אַ נייער „קאָסטאָמער" (ניט דווקא אויף די מאכלים פון זיין רעסטאָראַן, נאָר דערהויפּט אויף זיינע גייסטיקע שפּייזן), האָט ער פאַר מיר אויסגעשאָטן אַ ביסל פון זיינע געלונגענע שאַרפע „מכתמים" (ווערטלעך), קונציק געבויטע אויף פּסוקים און אויף אַפּאָריזמען פון דער גמרא. דאָס זענען געווען, צום מיינסטן, ווערטלעך אומדרוקבאַרע, אַ טייל פון זיי פּשוט „חלבנע" — וואָרעם די כשרע האָט ער טאָג־טעגלעך פאַרברויכט אין „טאַגעבלאַט" פאַר אַ גראָשנדיקן האָנאָראַר.

פאַר העברעאישע שרייבער האָבן זיך אויך גערעכנט כמעט די מערסטע מיטאַרבעטער פונעם „טאַגעבלאַט". תשרק, דער הומאָריסט פונעם „טאַגעבלאַט", האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט, ווי מיינער אַ קאָלעגע, וואָס האָט מיט מיר צוזאַמען אָנטייל גענומען אין דעם ליטעראַרישן קאָנקורס פונעם „הצופה". דער חילוק איז נאָר, וואָס איך בין אַ בר־מזל, האָב איך באַקומען דעם ערשטן פּרייז, און ער האָט קיין מזל ניט געהאַט, האָט מען זיין דערציילונג אינגאַנצן פאַרבראַקירט. נאָר — האָט ער הומאָריסטיש אַ זאָג געטאָן מיר אין אויער אַריין — די באַלעבאַטים פונעם „טאַגעבלאַט" טאָרן דאָס ניט וויסן, וואָרעם זיי וועלן אים אייביק ניט וועלן געבן קיין „רעיז" [אַ הוספה]. און געצל זעליקאָוויטש — דער האָט מיר בפירוש דערקלערט, אַז כאָטש אויף יידיש האָט ער אָנגעשריבן גאַנצע וואַגאָנעס און אויף העברעאיש האָט ער געדרוקט אינעם „המליץ" נאָר אַ קליינע סעריע רייזע־בילדער פון מצרים, — וועט ער אויף יענער וועלט פאַרלאַנגען זיין חלק לעולם הבא נאָר אַלס העברעאישער שריפטשטעלער.

איך האָב אָבער אין דער רעדאַקציע פונעם „טאַגעבלאַט" געזוכט אַן אַנדער העברעאישן שריפטשטעלער — מנחם מענדל דאָליצקין, וואָס האָט דאָרט געשריבן דעם צייטונג־ראָמאַן. פון דאָליצקין האָט מען

אין אונדזערע העברעאישע קרייזן אין רוסלאַנד גערעדט מיט באַדויער, ווי פון אַ טראַגישער פּערזאָן, אַ געפאַלענעם שטערן. מע האָט נאָך גוט געדענקט זיינע ערשטע נאַציאָנאַל־לירישע לידער; מע האָט אויך גע־דענקט, ווי אַזוי דער באַרימטער העברעאישער דיכטער י. ל. גאָרדאָן האָט נאָענט פאַר זיין טויט, אין אַ ליד, געמאַכט דאָליצקין פאַר זיין יורש אין דער העברעאישער דיכטונג און זיך מיט אים רירנד געזעגנט: ער האָט אים אָנגערופן „מיין חבר אין דעם טעמפל פון אונדזער פּאָעזיע און מיין שכן אין די הויפן פון אונדזער גאָט", און האָט דאָס ליד פּאַטעטיש פאַרענדיקט: „הא לך עטי, עלה רש מקומי" (נאַ דיר מיין פעדער, קום־אַרויף פאַרנעם מיין פּלאַץ)... איצט, אין אַמעריקע, — האָט מען דערציילט, — איז דאָליצקי געוואָרן אַ פּשוטער „קאָלבאַסניק", דאָס הייסט, ער לעבט דערפון, וואָס ער פּעדלט אין יידישע רעדאַקציעס מיט כשרער ווורשט.

איך האָב דאָליצקין אין די ניו־יאָרקער יידישע רעדאַקציעס ניט געטראָפן פּעדלענדיק מיט ווורשט; איך האָב אים אָבער געזען אין אַ מער טרויעריקן צושטאַנד. געווען איז דאָס אין אָנהייב פונעם טע־אַטער־סעזאָן. די צייטונגען האָבן געהאַט געמעלדעט, אַז דאָליצקי האָט אָנגעשריבן אַ פּיעסע מיטן נאָמען „די חרטה" און האָט זי פאַרקויפט צו איינעם פון די טעאַטערס (דאַכט זיך — ליפּצינס) פאַר טויזנט דאָלער. נאָר אַז מע האָט די פּיעסע אויפגעפירט, האָט די ראַדיקאַלע פּרעסע זי שטאַרק אַרונטערגעריסן. גראָד יענעם טאָג בין איך געווען אין דער רעדאַקציע פונעם „טאַגעבלאַט" — איז פּלוצעם אַהין אַריינגעלאָפן עפּעס אַ הויך־געוויקסיקער מאַסיווער ייד, מיט אַ פאַרשוויצטן העכסט־אומגליק־לעכן פּנים, געהאַלטן אין די הענט עטלעכע צעקנייטשטע צייטונגען און זיך גלייך געלאָזט צו די טישן פון די שרייבער מיט אַ גוואַלד:

— איר האָט שוין געזען? געזען, וואָס די באַנדיטן האָבן געמאַכט פון מיין „חרטה"? וואָס זאָגט איר דערצו?... אַ פּגר — אַ פּגר, זאָגן זיי, איז מיין פּיעסע! ווי אַ פּגר ליגט „די חרטה" אויף דער בינע!...

איך האָב מיך באַלד געשטויסן, אַז דאָס דאַרף זיין דאָליצקי, כאָטש מיין אַנטוישונג איז געווען גרויס: די אַמאָליקע סענטימענטאַל־צאַרטע

לידער האָבן זיך גאָר ניט געפּאַסט צו דעם דאָזיקן גרויסן צעטרייסלטן גוף. ער האָט זיך געווישט דעם שוויס פונעם רויט־אויפגערעגטן פּנים, געקאָכט זיך, שיער ניט געוויינט, געטענהט מיט די „טאַגעבלאַט"־שרייבער, אַז זיי טאָרן אַזאַ הימל־שרייענדיקן סקאַנדאַל ניט פאַרשווייגן. נאָר יענע, ווייזט אויס, האָבן די זאַך אויפגענומען גאַנץ קאַלטבלוטיק. האָט דאָס אים נאָך מער אויפגערעגט, און ער האָט זיך פּלוצעם אַ קער געטאָן צו מיר:

— שאַ, אָט איז אַ זייטיקער יונגערמאַן, ניט קיין שרייבער, אַן אומ־פּאַרטייאישער... יונגערמאַן, איר האָט געזען מיין „חרטה"?...

— פּאַלאָזשים, — האָט אים תשרק איבערגעשלאָגן, — דער יונגער־מאַן איז שוין גאָר ניט קיין זייטיקער...

דערהערט, ווער איך בין, איז דאָליצקי געבליבן שטיין אַ ווײַלע ווי מטושטש. ער האָט מיר שטאַרק געדריקט די האַנט מיט זיין גרויסער פליישיקער האַנט און געקוקט אויף מיר זייער וואַרעם, מיט דער וואַרעמ־קייט פון אַ נאָענטן קרוב.

— אַ יונגער העברעאישער שרייבער... — האָט ער געזאָגט. — מע זעט דאָ אַזוי זעלטן אין אַמעריקע אַ יונגן העברעאישן שרייבער...

ער האָט אָבער באַלד געביטן דעם טאָן, אַ מאַך געטאָן צו מיר מיטן פינגער און געזאָגט:

— איר הערט, ליבער פריינד? אַנטלויפט פון דאַנען! אַנטלויפט פון אַמעריקע, כל־זמן איר זענט נאָך יונג! איר וועט דאָ פאַרפאַלן ווערן!...

דאָליצקי איז שוין פון מיר ניט אָפּגעשטאַנען. ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל אים באַגלייטן צו פּאַרק ראָו, ביז דער אייבערשטער באַן־סטאַנציע — ער וויל זיך אַ ביסל אויסריידן דאָס האַרץ פאַר אַן אייגענעם מענטשן, פאַר אַ יונגן העברעאישן שרייבער. מיר זענען געגאַנגען אונטערן טומל און געקלאַפּעריי פון דער בריק, און ער האָט גערעדט. ער האָט גערעדט אין גרויס אויפרעגונג פון זיין פּיעסע — אַ מייסטער־ווערק, וואָס מע וויל איצט אַרונטעררייסן, אַרויסרייסן ביי אים פונעם מויל דאָס שטיקל ברויט, טאָמער האָט גאָט אויף אים איין מאָל זיך אומ־

געקוקט און מע האָט אים געגעבן אַ גוטן פּרייז... ער האָט אויך גע־רעדט פון זיינע ראָמאַנען, איך זאָל ניט מיינען, אַז דאָס זענען שונד־ראָמאַנען — ער לייגט אין זיי אריין זיינע בעסטע כוחות, ער ברעכט זיך דעם קאָפּ איבער זיי טאָג און נאַכט, ער שלייפט זיי, ער פיילט זיי, זיי קומען ביי אים אַרויס מייסטערווערק... נאָר אַז מיר זענען אַרויף אויף דער בריק, איז ביי אים דער טאָן אַ ביסל געפאַלן. שפּאַצירנדיק הין און צוריק איבער דער פּלאַטפאָרם, האָט ער גענומען ריידן דערפון, אַז ער ווייסט, ער ווייסט אַלצדינג: ער ווייסט, אַז מע באַציט זיך צו אים אין רוסלאַנד, ווי צו אַ געפאַלענעם, ווי צו אַ זשאַרגאָנישן שונד־שרייבער. מע האָט שוין אַפילו אויפגעהערט צו דערמאָנען זיין נאָמען צווישן די לעבעדיקע דיכטער, פּונקט ווי ער וואָלט שוין לאַנג געווען טויט!... איצט איז דאָרט ביאַליק געהויכט... געוויס איז ביאַליק אַ גרויסער משורר — אָבער ווען? אַז מע האָט אַרום זיך אין רוסלאַנד העברעאישע צייטונגען, אַ „השילוח", אַ געזעלשאַפט „אחיאסף", אויף וועלכע יידישע גבירים שיטן מיט גאָלד... זיי וואָלטן אָבער באַדאַרפט אויסשטיין אַזעלכע יסורים ווי ער, אַזאַ ביטערן גלות, הונגער, נויט, איינער אַליין אין אַזאַ מדבר... איינער אַליין, נאָר מיט אַלטע זכרונות פון אַמאָל...

און דער גרויסער מאַסיווער עלטערער ייד האָט זיך אָפּגעקערט אויף אַ ווײַלע פון זיין יונגן חבר — עס האָט זיך אים אַ קרים געטאָן דאָס פּנים און טרערן האָבן גענומען קאַפּען פון זיינע אויגן.

איך בין געקומען קיין בראָנזוויל אַ צערודערטער, און ביז שפּעט אין דער נאַכט האָב איך מיך געוואַלגערט אויף מיין געלעגער. דאָליצקיס טרערן האָבן מיך ניט געלאָזט שלאָפן. פון דאָליצקיס צער בין איך אַרויפגעקומען אויף מיינע אייגענע שווערע טעג אין אַמעריקע — און עס האָט מיך מיט אַ מאָל אַרומגעכאַפּט אַ טיפע, פּיינפולע בענקשאַפט אַהיים. ניט נאָר אַהיים קיין זשענעווע, צו מיין פאַמיליע, נאָר אַהיים קיין רוסלאַנד, וואָס האָט מיך אויפגעצויגן און אַרויסגעפירט צום לעבן. איך האָב מיך פאַרבענקט נאָך די גוטע רוסיש־העברעאישע צייטונגען, וואָס האָבן מיך געצערטלט און געמוטיקט, נאָך דעם גוטן ריינעם גייסט פונעם „השילוח", נאָך ביאַליקן... און צו גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך

געצויגן מיין נשמה. איך האָב פאַרגעסן מיין נדר פון דער פּאָגראָם־נאַכט אין מאָהילעוו־פּאָדאָלסק, און איך בין אויסגעגאַנגען אין היימווייי נאָך די רוסישע פעלדער, נאָך די ברייטע וועגן, וואָס פירן אין די רוסישע שטעט, נאָך דער ערלעכער און געהויבענער רוסישער ליטעראַ־טור, נאָך דער טיף־מענטשלעכער „רוסישער פּסיכאָלאָגיע", וואָס יעקב סאַפּירשטיין האָט אַזוי פיינט געהאַט...

ג

## ח. נ. ביאַליק צוגאַסט ביי שלום־עליכמען

אין דער זעלבער צייט, וואָס איך האָב אומזיסט געזוכט אַן אָנהאַלט אין אַמעריקע, האָב איך פון זשענעווע באַקומען ניט קיין פריילעכע בריוו. די „באַבושקאַ", פרוי שלום־עליכמס מוטער, רחל לאַיעוו, וואָס האָט געלעבט אין שלום־עליכמס הויז אומאָפגעשיידט צוויי און צוואַנציק יאָר און האָט מיט איר אַלט־מוטערלעכער געטריישאַפט אָנגעהאַלטן אין שטוב אַ באַזונדערע יידיש־פּאַטריאַרכאַלישע וואַרעמקייט, — איז נאָך אַ שווערער קראַנקייט, דורכמאַכנדיק אַן אָפּעראַציע, געשטאָרבן. פאַר פרוי שלום־עליכם, וואָס האָט שטאַרק געליטן דערפון, וואָס די אַלטע מוטער איז אין אירע לעצטע יאָרן פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער פרעמד, איז דאָס געווען אַ טאָפּעלער טרויער, און די יונגע קינדער האָבן צום ערשטן מאָל דערזען דעם טויט אַזוי נאָענט פאַר די אויגן. דערצו איז שלום־עליכם, דער ליכטיקער טרייסטער פון זיין פאַמיליע, ניט געווען אין דער היים — ער האָט זיך אומגעטראָגן ערגעץ אין דער וועלט, אין מאַריענבאַד און אין האַג, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס, אין גרויסע זאָרגן פאַר דער עקזיסטענץ פון דער איבערגעלאָזטער פאַמיליע אין דער פרעמדער שווייץ. אַחוץ וואָס ער איז געווען אַ דעלעגאַט פון די אַמע־ריקאַנער ציוניסטן, האָט ער אויף זיך אויך גענומען צו שרייבן פאַרן ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט" „קאָנגרעס־בילדער", געפּלאַנט מיט משה קליינ־מאַן אַ נייעם טור פון פאָרלעזונגען איבער גאַליציע און געפירט אונ־טערהאַנדלונגען מיט די רוסישע ציוניסטן וועגן אויפלעבן דאָס אָפּגע־שטעלטע וועכנטלעכע „אידישע פאָלק" אַלס אַ טעגלעכע צייטונג, אונטער זיין רעדאַקציע. דער לעצטער פּלאַן האָט געזאָלט איינגאַנצן לייזן זיין שווערע פּראָבלעם — ער וואָלט מיט גרויס פרייד זיך אומגעקערט איצט צוריק אין רוסלאַנד און „באַנייט זיינע טעג ווי אַמאָל".

האָט מען אים אָבער געראָפן אַהיים קיין זשענעווע. די גוססע „באַ־בושקאַ“ האָט פאַרן טויט זייער געוואָלט זען איר איידעם, וואָס איז ביי איר געווען פאַררעכנט פאַר אַ זון (קיין אַנדערע קינדער, אויסער פרוי שלום־עליכם, האָט זי ניט געהאַט). זי האָט נאָר מורא געהאַט, אַז דאָס וועט אים שטערן אין זיין אַרבעט: „ער איז דאָך געפאָרן פאַרדינען צום לעבן“... שלום־עליכם האָט מיר דעמאָלט געשריבן פון האַג אין איינעם פון זיינע העברעאישע בריוו (כמעט אַלע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו מיר אַליין, זענען געגאַנגען אויף העברעאיש): „פון אונדזער שטוב קומען אָן זייער טרויעריקע ידיעות. איך זע־פאָראויס און דאָס האַרץ פילט, אַז עס שטייען אונדז פאָר טרויער־טעג נאָך אונדזער באַבע. גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען!“ און אויף מאָרגן, אין אַ צווייטן בריוו: „ניט קיין מענטש פון גוטע בשורות בין איך היינט. אַ טרויעריקע און אַ דערשיטערנדיקע נאַכריכט איז מיר אָנגעקומען, און זיי פאַרלאַנגען פון מיר, איך זאָל תיכף קומען אַהיים. און איך בין פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און מיט אַ סך טועכצן און פאַרטראַכטע פלענער, און איך מוז אַלץ איבערלאָזן און פאָרן צוריק אַהיים, כאָטש וואָס קאָן איך טאָן? מיט וואָס קאָן איך העלפן? ביי גאָט איז די הילף! — — —. מאָרגן פאָר איך קיין זשענעווע“.

אַהיים איז שלום־עליכם געקומען נאָך פאַר דער קבורה פון דער „באַבושקאַ“. די זשענעווער יידן האָבן שלום־עליכמס שוויגער אָפּגעגעבן אַן אָרט אויף זייער בית־עולם לעם אַ גרויסן לאַנדסמאַן — ביי דעם קבר פונעם דעמאָלט באַרימטן יידיש־רוסישן רעוואָלוציאָנער גאָץ (פון דער פאַמיליע וויסאָצקי). דער אַלטער מענדעלע מוכר־ספרים האָט גע־מאַכט דעם „אל מלא רחמים“, און שלום־עליכם האָט געזאָגט קדיש. איצט האָט שלום־עליכם אָפּגעלייגט אַלע פלענער, איבערגעריסן די „קאָנגרעס־בילדער“ אינמיטן און האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין דער היים דעם גאַנצן חודש פון „שלושים“. גראָד דעמאָלט זענען אָנ־געקומען מיינע ערשטע בריוו פון אַמעריקע. איך האָב זיי געשריבן צו מיין פרוי, נאָר אויך שלום־עליכם איז געווען בייגעריק זיי צו לייענען. מיטפילנדיק מיין אומעט, וואָס איך האָב געמוזט אין די ערשטע יאָרן

אַוועקפאָרן אַזוי ווייט פון מיין פרוי און קינד, האָט ער מיר גלייך אַוועקגעשריבן אַ בריוו, געזוכט צו מונטערן מיך מיט פאָטערלעכער גוטסקייט און מיט אַ לעבעדיקן גרוס פון דער היים, אויף זיין שטייגער:

„מיין טייערער זון! היינט האָבן מיר באַקומען דיין ערשטן בריוו פון דעם נייעם לאַנד, און אויך דיינע באַשרייבונגען פונעם שיף האָבן מיר אַלע געלייענט און געהאַט פאַרגעניגן. זיי בעטן זיך צו זיין געדרוקט אַזוי ווי זיי זענען געשריבן און אויף זייער שפּראַך.

„די פען איז ניט אימשטאַנד איבערצוגעבן דיר אונדזער געמיט־צושטאַנד אין די דאָזיקע טעג. אַצינד פילן מיר אַלע דעם גרויסן פאַר־לוסט. יעדן טאָג דאַוונט מען ביי אונדז מיט אַ מנין, און איך זאָג קדיש נאָך אונדזער מוטער, ווייל אַזוי איז געווען איר ווילן פאַר איר טויט. איך שלאָף אויף דיין בעט, און דיין תמרה וועקט מיך פון שלאָף זעקס אַזייגער, איך זאָל אויפשטיין צו דער אַרבעט, אָבער אַרבעטן לאָזט זי מיך ניט, מחמת זי האָט ליב צו טאַפּן מיט אירע קליינע צאַרטע פינגער־לעך מיין גרויסע נאָז און מיין לינק אויג דווקא, און זי מאַכט צו מיר תמיד אַ שמייכלענדיק פנים און רופט מיך באַ־באַ, צי פאַפאַ, און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז זי האָט מיך זייער ליב, כאָטש מע קאָן ניט געטרויען דעם שיינעם געשלעכט. — — —."

מיין פרוי האָט מיר געשריבן יעדן טאָג, אַזוי אַז איך האָב, זיצנדיק אין ניו־יאָרק, געוווּסט אַלצדינג, וואָס עס קומט פאָר ביי שלום־עליכמען אין זשענעווע. איך האָב געוווּסט, אַז כאָטש ער פלייסט זיך צו האַלטן דאָס הויזגעזינד אין מונטערן גייסט, געפינט ער זיך אַליין אין אַ גע־דריקטער שטימונג: פון זיינע פּלענער אויפן קאָנגרעס האָט זיך, ווי דער שטייגער איז, גאָרנישט אויסגעלאָזט, און ער ווייסט ווידער ניט, וואָס מאָרגן וועט זיין. ער האַלט אין איין שרייבן בריוו און וואַרט אויף ענטפערס. ער זוכט אַלע מעגלעכע וועגן, אַבי ער זאָל ניט זיין געצוווּנגען צו פאָרן צוריק קיין אַמעריקע.

דערווייל זענען אַוועק „שלושים" און עס זענען אָנגעקומען די „ימים נוראים" — און פון יום־טוב איז שלום־עליכם קיינמאָל ניט אַוועק־

געפּאָרן פון דער היים. דערצו האָט אים גאָט יענעם ראש־השנה צוגע־שיקט אַ גוטן ליבן גאַסט — ח. נ. ביאַליק.

מיט ביאַליקן האָט זיך שלום־עליכם באַגעגנט צום ערשטן מאָל אין לעבן טאַקע דאָ ניט לאַנג, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין האַג. ביז צו יענער צייט האָבן זיךביידע נאָר דורכגעשריבן אָפּט דורך וואַרעמע, חברשע בריוו. פאַר שלום־עליכמען איז זיין ערשטע באַגעגעניש מיט ביאַליקן געווען אַ גרויסע איבערלעבונג. „צוויי ברידער, וואָס האָבן ניט געזען איינער דעם אַנדערן צוואַנציק יאָר, האָבן זיך ניט באַדאַרפט אַזוי האַרציק קושן, ווי איך מיט ביאַליקן אויפן קאָנגרעס״, — האָט ער געשריבן צו מיין פרוי פון האַג. דאָס אייגענע האָט מיר שפּעטער געזאָגט אויך ביאַליק, אַז דער אַיינדרוק פון זיין ערשטער באַגעגעניש מיט שלום־עליכמען איז געווען, ווי ער וואָלט זיך געטראָפן מיט אַ ליבהאַרציקן יוגנט־חבר, מיט וועמען ער איז צוזאַמען אויסגעוואַקסן און נאָך וועמען ער האָט יאָרן־לאַנג געבענקט. ביידע האָבן פאַרגעסן דעם קאָנגרעס מיט די קאָנגרעס־רעדעס, זיך אַוועקגעלאָזט ווייט צום זאַמדיקן ברעג ים און שעהן־לאַנג געשפּאַצירט, גערעדט און ניט געקאָנט זאַט זיך אָנרעדן. מע האָט אָבער שלום־עליכמען אַרויסגערופן אַהיים — האָט ער ביי ביאַליקן גענומען דאָס וואָרט, אַז אויף זיין צוריקוועג קיין רוסלאַנד מוז ער פאַרפאָרן קיין זשענעווע און זיין ביי אים צוגאַסט.

וועגן זיין ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט ביאַליקן האָט שלום־עליכם דערמאָנט אין די „קאָנגרעס־בילדער״. אַ צווייטן מאָל האָט ער עס ברייטער באַשריבן שוין אין ניו־יאָרק, עטלעכע וואָכן פאַר זיין טויט, לכבוד ביאַליקס ליטעראַרישן יובילעי. איך גיב עס דאָ איבער מיט אייניקע כאַראַקטעריסטישע איינצלהייטן, וועלכע שלום־עליכם אַליין האָט דורכ־געלאָזט.

ביאַליק איז נאָך אַ קורצער רייזע איבער איטאַליע און דער שווייץ אָנגעקומען קיין זשענעווע פּונקט אום ראש־השנה. אַזוי ווי אין זשענעווע זענען אויך געזעסן מענדעלע און בן־עמי, האָט שלום־עליכם זיי געוואָלט איבערראַשן מיטן גאַסט און די גאַנצע זאַך געהאַלטן פון זיי בסוד (און אַגב האָט ער טאַקע געהאַט אַ כוונה „אויסצוכאַפּן״ פאַר זיך דעם גאַסט,

ער זאָל אַיינשטיין ביי אים אין שטוב, ווייל דאָס איז דאָך געווען זיין אידייע, אַראָפּצוברענגען ביאַליקן קיין זשענעווע). אויפן צווייטן טאָג ראש־השנה האָט ער גענומען ביאַליקן אין דער קליינער זשענעווער סינאַ־גאָגע, איבערגעלאָזט אים אין הויף און אַליין אַריין אין שול, צוגעגאַנגען גלייך צו בן־עמין, וואָס האָט פרום געדאַוונט פון דעם ראש־השנהדיקן מחזור.

— וואָס זאָגט איר דערצו? — האָט שלום־עליכם אַ זאָג געטאָן צו בן־עמין גאַנץ שטיל, נאָר זייער פייערלעך, ווי איבערגעבנדיק אַ גרויסן סוד — ער איז דאָך געקומען!

— ווער איז געקומען? — האָט בן־עמי אויפגעהויבן די פרומע ברילן פונעם מחזור.

— וואָס הייסט ווער? ביאַליק!

— וועלכער ביאַליק?

— איר ווייסט שוין גאָרניט, וועלכער ביאַליק? אונדזער ביאַליק! חיים נחמן ביאַליק!

— ביאַליק איז געקומען? — איז בן־עמי אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט. — ווי אַזוי?

— וואָס הייסט ווי אַזוי? מיט דער באַן!

— ווען?

— ערשט נעכטן אין אָוונט.

— אום יום־טוב???...

בן־עמי, וואָס היט אָפּ יידישקייט פון דער סאַמע יוגנט, איז שוין געווען אַ צעקאָכטער. עס האָט אָבער ניט געפּאַסט צו קאָכן זיך אין מיטן דאַוונען פאַר די שווייצאַרישע יידן מיט די יום־טובדיקע צילינדערס און די זיידענע טליתימלעך, האָט ער אַיינגעגראָבן דאָס אָנגעצונדענע פּנים אינעם מחזור און שוין מער ניט געוואָלט קוקן אין שלום־עליכמס זייט.

גאַנץ אַנדערש האָט אויפגענומען דאָס דאָזיקע נייעס דער זיידע מענדעלע. דערהערט, אַז ביאַליק איז דאָ, איז ער גלייך אַרויס מקבל פּנים זיין דעם גאַסט מיט אַ ברייטן ברוך־הבא.

ערשט ביי „אויסנעמעניש" האָט שוין בן־עמי ניט אויסגעהאַלטן און

איז אויך אַרויסגעקומען אין הויף. ער איז אָבער דורכגעגאַנגען פאַרביי ביאַליקן, גלייך ווי ער זעט אים ניט. ער האָט זיך נאָר אַ קרים געטאָן און אַ שפּיי געטאָן אָן דער זייט:

— טפו!...

דאָס האָט שוין מענדעלע ניט געקאָנט פאַרליידן און האָט בן־עמין אָנגעוועקגעגעבן אַ פאָרציע מוסר: וואָס פאַר אַ גאָטס סטראַפּטשע איז ער דאָס געוואָרן אין דער שווייץ אויף דער עלטער? דער רבונו־של־עולם קאָן זיין שטעטל אַליין באַשטיין — האָסטו געהערט אַ ביסל?!... בן־עמי האָט אויך ניט פאַרשוויגן און געזאָגט דעם זיידן, אַז ער איז אַ קאָס־מאָפּאָליט — ווי קומט ער צו נאַציאָנאַלע געפילן?... עס איז שיער ניט געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס. די איינציקע, וואָס האָבן ניט גענומען קיין אָנטייל אין דער דעבאַטע, זענען געווען שלום־עליכם און ביאַליק: די זענען געשטאַנען אָן דער זייט און זיך געבויגן צו דער ערד פון געלעכטער. דערהויפּט האָט בן־עמין געברענט, וואָס ביאַליק איז פאַר־פאָרן צו שלום־עליכמען, ניט צו אים: סטייטש, זיין ביאַליק איז גע־קומען אין זיין זשענעווע — האַלט ער גאָר סטאַנציע ביי שלום־עליכמען!...
דער סוף איז געווען, אַז פון שול איז מען אַלע געגאַנגען צו שלום־עליכמען אַהיים, געמאַכט דאָרט צווישן זיך שלום, און פאַר גרויס שמחה האָבן זיך די פיר שריפטשטעלער איינער מיטן אַנדערן, לכבוד דעם גאַסט און לכבוד ראש־השנה, צעקושט. ביי דער שמחה האָט זיך ביאַליק דערמאָנט אויך אָן מיר, אָנגעשיקט מיר אַ בריוו, צו וועלכן שלום־עליכם האָט צוגעשריבן אין פריילעכן טאָן: „וואָס זאָגסטו אויף דעם זולל־וסובאניק? אַ סך, אַ סך האָסטו פאַרלאָרן, וואָס דו ביסט דאָ ניט געווען אויף יום־טוב, וואָרעם דער וואָס האָט ניט געזען בן־עמין, ווי אַזוי ער האָט זיך געכעסט און איז געווען אויפגעבראַכט אויף אָט דעם רשע, וואָס האָט זיך דערוועגט קומען צו אונדז לכבוד דעם הייליקן יום־טוב די צווייטע נאַכט ראש־השנה, און דווקא מיט דער באַן, — דער האָט קיינמאָל קיין שמחה ניט געזען. אַ גרויסער סקאַנדאַל איז אַרויס דערפון, עס האָט שיער ניט געהאַלטן ביי פעטש. צום סוף איז געוואָרן שלום צווישןביידע צדדים. — — —".

מע קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן, מיט וואָסערע געפילן איך האָב געלייענט די בריוו פון דער היים וועגן דער דאָזיקער ליטעראַרישער אידיליע, בשעת איך אַליין בין אַרומגעלאָפן אין ניו־יאָרק מיט אַ פּאַר־שמאַכטן גייסט פון יעקב סאַפּירשטיין צו יאָהאַן פּאַלעי, און פון יאָהאַן פּאַלעי צו לואי מילער, געזוכט אַ פּלאַץ פאַר מיין „רוסישער פּסיכאָ־לאָגיע"... נאָר מער פון אַלץ האָב איך באַדויערט, וואָס איך האָב ניט געזען מיט מיינע אויגן, ווי אַזוי שלום־עליכם האָט אויפגענומען ביאַליקן ביי זיך אין שטוב. איך האָב געוווסט, וואָס פאַר אַ גרויסער מכניס־אורחים שלום־עליכם איז, וואָס פאַר אַ קוואַל פון ליבער געמיטלעכקייט און פיינע הומאָריסטישע איינפאַלן עס עפנט זיך ביי אים, ווען ער וויל דערפרייען זיין גאַסט און מאַכן אים איינגענעם ביי זיך אין הויז, ובפרט אַז דער גאַסט איז אַזאַ, ווי ביאַליק!

ביאַליק האָט פאַרבראַכט אין זשענעווע, ביי שלום־עליכמען אין הויז, אַ וואָך — „אַן אומפאַרגעסלעכע וואָך", ווי שלום־עליכם אַליין האָט זי דערנאָך באַצייכנט. פון יענער וואָך איז פאַרבליבן דאָס באַ־קאַנטע בילד פון די פיר שריפטשטעלער, ווי זיי זיצן אין אַ שיפל ביים ברעג פון זשענעווער אָזיערע, וואָס שלום־עליכם האָט אַ נאָמען געגעבן „פיר זענען מיר געזעסן". פון יענער וואָך איז אויך פאַרבליבן שלום־עליכמס סעריע מעשיות אונטערן זעלבן נאָמען: „פיר זענען מיר געזעסן". אין די דאָזיקע מעשיות איז אפשר פאַראַן מער שלום־עליכמס פאַנטאַזיע, ווי אמתע פאַסירונגען. די העלדן פון די מעשיות זענען אָבער געוויס אמתע. זיי הייסן דאָרט: „מענדעלע מוכר־ספרים — אַ שיינער זקן, רעדט צוקער־זיס. ביאַליק — אַ פּאָעט, אַ בעל־מחשבות. בן־עמי — אַ ייד, וואָס קאָכט זיך. שלום־עליכם — אַן אַלטער באַקאַנטער, וואָס הערט זיך צו און שרייבט אַלצדינג אַריין אין אַ ביכל"...

פאַר ביאַליקס אַוועקפאָר האָבן אים די זשענעווער שריפטשטעלער געמאַכט אַ „קערמעשל" — אַ מין היימישן באַנקעט. אין זשענעווע האָט זיך דעמאָלט באַזעצט אַ קאָלאָניסטן־פאַמיליע פון ארץ־ישראל, וואָס האָט געעפנט אַ געשעפט פון כרמל־ווײַן, — האָט מען געטרונקען יידישן וויין, געזונגען יידישע ניגונים, און „כטוב לב המלך ביין", האָט

שלום־עליכם אָפּגעשפּילט פאַרן עולם די ראָל פון רב אַלטער אין זיין קאָמעדיע „מזל טוב": ווי אַזוי רב אַלטער שדכנט זיך צו ביילע דער קעכין, טרינקט נאָכאַנאַנד ווײַן און האַלט אין איין טענהן, אַז „אַ ייד איז קיינמאָל ניט, אָבער טאַקע קיי־קיינמאָל ניט שיכור!"... דאָס איז געווען, דאַכט זיך, דאָס איינציקע מאָל, וואָס שלום־עליכם האָט זיך אַרויסבאַוויזן ווי אַן אַקטיאָר, און די, וואָס האָבן אים געזען יענעם אָונט, האָבן עדות געזאָגט, אַז אַזאַ פיינעם טראַגי־קאָמישן רב אַלטער, ווי ער האָט געגעבן, האָט מען אויף דער יידישער בינע נאָך ניט געזען.

אַלס עפּילאָג צו ביאַליקס באַזוך אין זשענעווע האָט אים שלום־עליכם, נאָך זיין אָפּפאָרן, געשריבן אַ בריוו, וואָס קאָן זיך פאַרגלייכן מיט זיינע העכסט־הומאָריסטישע מעשיות. דער בריוו לייענט זיך אַזוי:

„אוי, ביאַליק! ביאַליק!

„איר זענט אַוועקגעפאָרן און — ווי אין וואַסער אַריין. ווי אַזוי שרייבט דאָס ניט אַ מענטש אַ בריוול? איך האָב צו אייך, זאָלט איר וויסן, אַ געריס. טרעפט, פון וועמען? פון אייערע שיך, פון אייערע שטעק־שיך. אויף מאָרגן נאָך אייער אָפּרייזע פון דער שווייץ בין איך אויפגעשטאַנען, ווי אַלע מאָל, גאַנץ פרי, און, ווי אַלע מאָל, אָנגעבויגן זיך אונטערן בעט נאָך מיינע שיך. איך טו אַ קוק — אַ פּאָר שיך, גאַנץ אומבאַקאַנטע שיך, קעסטלדיקע שטעק־שיך, מיט לעדערנע נעזלעך. איך באַטראַכט די שיך — נאָך גאַנץ גוטע שיך, נייע שיך! וועמעס איז דאָס שיך? ערשט עס לאָזט זיך אויס אַ מעשה: ס'איז ביאַליקס שיך! ווי קומט אַהער ביאַליקס שיך? מסתמא האָט ער פאַר־געסן די שיך? און אפשר האָט ער דאָס מיר געלאָזט אַ מתנה זיינע שיך? בקיצור, ס'איז געוואָרן אַ טאַרעראַם אין שטוב: שיך — שיך, שיך — שיך!... קודם האָט זיך באַוויזן טיסי און איז אַרויס מיט אַ טענה, אַז די שיך דאַרפן זיין אירע שיך. איר בערקאָוויטש איז מיט ביאַליקן גאָר איינס, קומט איר די שיך. איז אַרויס די צווייטע מיינע, ליאַלי, די וואָס שטודירט אויף דאָקטאָר־מעדיצין: די שיך דאַרפן זיין על־פּי יושר, זאָגט זי, אירע שיך. וואָס איז די מעשה? אַזוי. זי האָט ניט קיין שטעק־שיך. זי האָט שוין, זאָגט זי, לאַנג חשק קויפן שיך. זאָגט

עמאַ, די דריטע הייסט עס, אַז די שיך מעגן זיין אירע שיך, וואָרעם זי האָט אַוודאי ניט קיין שיך! טענהט די קלענערע, מאַרוסי, אַז איר נשמה איז אויך ניט פון קלאָטשע, די שיך זענען גוט אויף איר אויך. דערהערט נוממשיק, אַז מע רעדט פון שיך, וויל ער גאָרניט וויסן, וואָס פאַר שיך, און צעשרייט זיך: מאַמע, איך וויל שיך! פונעם געפילדער כאַפּט זיך אויף מישאַ און מאַכט אַ פּאָגראָם; די שיך, זאָגט ער, זענען זיינע שיך, וואָרעם ביאַליק איז ניט געשלאָפן מיט קיינעם, נאָר מיט אים, געהערן אים די שיך „על־פּי סאָוועסט". דערווייל קומט־אָן בן־עמי מיט זיין טאָכטער סאַרע און ווערט געוואָר פון די שיך, — זאָגט ער, אַז די שיך קומען אים, וואָרעם ווען ניט דער אינצידענט מיט ראָש־השנה, וואָלט דאָך ביאַליק פאַרפאָרן געוויס צו אים און וואָלט איבערגעלאָזט די שיך געוויס ביי אים. נאַטירלעך, פּאַטאַקעוועט אים סאַרע און וואַרפט מיט אויגן אויף די שיך; פאַלן מיכה מיט תמרהן [בן־עמיס קינדער. — י. ד. ב.] אויף אַ פּשרה און זאָגן: ווייסט איר וואָס? לאָז זיין מיר אַ שוך און תמרהן אַ שוך. בקיצור, מיר זענען געגאַנגען צום זיידן פרעגן אַ שאלה וועגן די שיך, וועמען עס זאָלן געהערן די שיך? אויסגעהערט די טענות פון די שיך מיט צוגעמאַכטע אויגן און מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן, פּסקנט דער זיידע רב מענדעלע: אַזוי ווי די שיך זענען פאַרגעסענע שיך, הפקר הייסט עס, און אַזוי ווי אַלע ווילן די שיך, זאָל מען די שיך בעסער אַריבערטראָגן צו אים, צום זיידן הייסט עס, און דאָרט זאָלן די שיך שטיין עד שיבוא אליהו. פונעם פּסק־דין איז געוועזן צופרידן נאָר איין בן־עמי: ער האָט זיך דערמאָנט אינעם פּסוק „ניט מיר, ניט דיר"... נאָר איך בין ניט צופרידן, און דערווייל שטייען די שיך ביי מיר. איך רעכן, אם ירצה השם, אינגיכן אייך אַריבערפעקלען קיין אָדעס די שיך, געוויינטלעך, ניט ביידע שיך מיט אַ מאָל; איין שוך וועל איך אייך אָפּשיקן תיכף נאָך סוכות און דעם אַנדערן שוך וועל איך אייך צושיקן אויף פּסח, וועט איר שוין האָבן ביידע שיך. — און מחמת איר קערט אַוודאי בענקען נאָך די שיך, האָב איך געלאָזט פאָטאָגראַפירן ביידע שיך, און איך שיק אייך דאָ אַ בילד פון אייערע שיך מיט אַ פריינדלעכן גרוס פון אונדז

אַלע און פון אַייערע שיך, וואָס געפינען זיך לעת־עתה ביי מיר אויף די פיס, מחמת איך האָב טאַקע ניט קיין שיך, אַחוץ אַייערע שיך, און אַ דאַנק אַייך פאַר די שיך, תמיד, אַלע זומער זאָלט איר קומען צו אונדז מיט נייע שיך און זאָלט אונדז איבערלאָזן אַ פּאָר שיך, וואָרעם איך בין דערגאַנגען אַ פּראַקטיקע, אַז ס'איז בעסער מיט שיך ווי אָן שיך, ובפרט נאָך אַזעלכע שיינע שיך, ווי אַייערע שיך, וואָס זענען צווישן שיך די בעסטע שיך.

שלום־עליכם.

„מחרת יום־הכיפורים תרס"ח".

דער דאָזיקער פריילעכער בריוו איז געשריבן געוואָרן דווקא אין ניט קיין פריילעכע טעג. דער יום־טובדיקער גאַסט איז אַוועקגעפאָרן, און אין שטוב זענען ווידער אַרויפגעשוווּמען וואָכעדיקע זאָרגן: שלום־עליכם האָט זיך געקליבן קיין בעלגיע און קיין האָלאַנד אויף פאָרלע־זונגען, נאָר ס'איז ניט געווען מיט וואָס זיך צו רירן אין וועג אַריין... איך געדענק דאָס גוט: איך האָב באַקומען פון שלום־עליכמען אַ בריוו, איך זאָל אַיינמאָנען זיין האָנאָראַר אין „טאַגעבלאַט" און, למען השם, אַרויסשיקן טעלעגראַפיש. אין „טאַגעבלאַט" האָט מען זיך אָבער מיטן האָנאָראַר ניט געאַיילט. דער אַרויסגעבער האָט מיר דערקלערט, ערשטנס, אַז שלום־עליכם מעג זיך זיין טאַקע „דער קעניג פונעם יידישן הומאָר", נאָר פאַר אים איז ער אַ צו טייערער ביסן — ער האָלט אין איין שלעפּן געלט פונעם „טאַגעבלאַט"! און, צווייטנס, דאַרף מען וואַרטן, ביז זיין שותף וועט קומען אויף סוכות פון דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און פון די „יוראָפּשע" בעדער — אָן דעם שותף ווייסט ער גאָרנישט און וויל גאָרנישט ניט וויסן!... און אַז דער שותף איז ענדלעך געקומען פון די בעדער, האָט מען מיר געזאָגט, אַז מע דאַרף פריער איבערציילן די שורות פאַרן גאַנצן זומער, זאָל איך קומען אָן אַנדערש מאָל — איצט איז מען אין אָפיס „ביזי". האָב איך געזאָגט, אַז איך וועל מיך אַליין מטריח זיין איבערציילן די שורות — און האָב מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ האַלבן טאָג איבער דעם „פאַיל" פון „טאַגעבלאַט" ציילן די שורות.

נאָר דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן. מע האָט מיר געזאָגט, אַז איינער פונעם אָפיס וועט מוזן ציילן נאָך אַ מאָל, וואָרעם איך האָב, דאַכט זיך, עפּעס אָנגעציילט צו פיל שורות... האָב איך געזאָגט, אַז פון אַזעלכע רעדאַקציעס קאָן מען פּלאַצן! מאַכט צו מיר דער אַרויסגעבער: „וואָס יאָגט איר אַזוי האַלדז און נאַקן? דער ריוועד [דער טייך] ברענט?"...

ערשט אַז יעקב סאַפּירשטיין האָט זיך אַריינגעמישט, האָט מען „דעם קעניג פונעם יידישן הומאָר" אַרויסגעשיקט זיין פאַרהאָרעוועט געלט מיט בזיונות און מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון עטלעכע וואָכן.

## ד
##ווינטער 1908

נאָכדעם ווי איך האָב קוים מיט צרות — מיט דער הילף פון יעקב סאַפּירשטיין, און אויך מיט זיין אייגענער באַטייליקונג — אַרויסבאַקומען פונעם ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט" שלום־עליכמס האָנאָראַר פאַרן פאַר־גאַנגענעם זומער, זענען שלום־עליכמס אָקצ־יעס אין יענער צייטונג אינ־גאַנצן געפאַלן. איינער פון די צוויי באַלעבאַטים פונעם „טאַגעבלאַט" האָט זיך אַיינגעשפאַרט, אַז ער וועט שלום־עליכמס זאַכן מער ניט דרוקן. זיינע מאָטיוון זענען געווען עטלעכע: ערשטנס, „שלעפּט" שלום־עליכם פון דער קאַסע צו פיל געלט. צווייטנס, דרוקט דאָך שלום־עליכם די זעלבע זאַכן אויך אין רוסלאַנד — היינט פאַרוואָס זאָל זיך אים וועלן באַקומען צוויי מאָל האָנאָראַר? און דריטנס, איז דער אָפּמאַך מיט שלום־עליכמען דורכגעפירט געוואָרן אָן זיין ידיעה, און אַזוי ווי ער איז דאָ באַלעבאָס, ער זיצט ביי דער קאַסע, וועט ער מער קיין געלט ניט צאָלן! אויב יענער, דער צווייטער שותף, וויל האָבן שלום־עליכמען פאַר אַ מיטאַרבעטער אינעם „טאַגעבלאַט" — איז אָך, מיטן גרעסטן כבוד! זאָל ער אים צאָלן פון זיין אייגענעם „פּאַקעט"! געזונטערהייט!...

און כדי צו באַווייזן באַשיינפּערלעך, אַז ער איז באַלעבאָס אין דער צייטונג, האָט ער, ביים צוזאַמענשטעלן שלום־עליכמס חשבון, אַראָפּגעריסן אַ סענט פון דער שורה. לויטן אָפּמאַך, האָט שלום־עליכם פונעם „טאַגע־בלאַט" באַדאַרפט באַקומען פיר סענט, נאָר דער אַיינגעשפּאַרטער „פּאַב־לישער" האָט מער ווי דריי סענט פון דער שורה ניט געוואָלט צאָלן.

עס האָבן ניט געהאָלפן מיינע פּראָטעסטן. עס האָט אויך ניט געהאָלפן שלום־עליכמס בריוו, אַז ס'איז פשוטע גזילה, אַז ער רופט פאַר עדות יעקב סאַפּירשטיין, דעם רעדאַקטאָר יאָהאַן פּאַלעי און דעם צווייטן אַרויסגעבער פונעם „טאַגעבלאַט", וואָס האָבן מיט אים בפירוש אָפּ־

געמאַכט אַ פעסטן פרייז. יענער האָט געטענהט זיינס: אויב די דאָזיקע עדות ווילן זיין פיינע לייט, זאָלן זיי שלום־עליכמען דערלייגן פון זייער אייגענעם „פּאַקעט“ — אָך, געזונטינקערהייט! אָבער דאָ איז ער באַ־לעבאָס, ער זיצט ביי דער קאָסע!...

שלום־עליכם האָט דעמאָלט געהאַט צוגעשיקט אין „טאַגעבלאַט“ זיין סעריע דערציילונגען „פיר זענען מיר געזעסן“, וואָס ער האָט גענומען שרייבן גלייך נאָך ביאַליקס וויזיט אין זשענעווע. פאַרן „טאַגעבלאַט“ האָט ער די דאָזיקע סעריע באַטיטלט מיט אַן אַמעריקאַנישן נאָמען: „מיין וואַקיישאָן“. ער האָט מיר אויך געגעבן צו וויסן אין אַ בריוו, אַז נאָכדעם ווי דער „וואַקיישאָן“ וועט זיין געדרוקט, וועט ער פאַרן „טאַגעבלאַט“ שרייבן אַ צווייטע סעריע מיטן נאָמען „ווינטער־נעכט“. מיטן „וואַקיישאָן“ האָט אָבער פּאַסירט אַ מאָדנע געשיכטע. איך בין איין טאָג געקומען אין דער רעדאַקציע פונעם „טאַגעבלאַט“, געוואָלט אַריינטראָגן אינעם מאַנוסקריפּט אַ ריי אויסבעסערונגען, וואָס שלום־עליכם האָט מיר צוגעשיקט, — האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז דער „וואַ־קיישאָן“ איז פאַרשווונדן געוואָרן פון דעם רעדאַקטאָרס טישקעסטל. מע האָט אומזיסט איבערגעקערט די גאַנצע רעדאַקציע — מע האָט שלום־עליכמס היפשן פּאַקעט ניט געקאָנט געפינען. איך האָב וועגן דעם גלייך געשריבן שלום־עליכמען און האָב אים שטאַרק איבערגעשראָקן: גראָד פון דעם „וואַקיישאָן“ האָט ער ביי זיך ניט איבערגעלאָזט קיין קאָפּיע. ערשט מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אַנטפּלעקט, אַז דאָס האָט דער פאַרעקשנטער „פּאָבלישער“ מורא געהאַט, דער רעדאַקטאָר זאָל שלום־עליכמען ווייטער ניט דרוקן — האָט ער דאָס מאַנוסקריפּט „אַרויס־געגנבעט“ פון זיין טישקעסטל און האַלט דאָס ביי זיך אין דער היים אונטערן אַרעסט. תשר"ק, דער הומאָריסט פונעם „טאַגעבלאַט“, פאַר וועמען איך פלעג אויסגיסן מיין ביטער האַרץ, האָט מיך געטרייסט, אַז דער באַלעבאָס האָט דאָס געטאָן נאָר אויס ליבשאַפט צו שלום־עליכמען: ער האָט גענומען דעם „וואַקיישאָן“ צו זיך אַהיים, פשוט ווייל ער וויל דאָס לייענען דער ערשטער. ער האָט זייער ליב צו לייענען שלום־עליכמען פונעם מאַנוסקריפּט. ביידע באַלעבאַטים פונעם „טאַגע־

בלאַט" האָבן ליב צו לייענען שלום־עליכמס זאַכן איידער זיי דרוקן זיך אין דער צייטונג — זיי ווילן באַקומען פון שלום־עליכמס איווזן די ערשטע מצות... איינער פון זיי לייענט שלום־עליכמס מאַנוסקריפּטן דווקא אין בעט, פאַרן שלאָף, אַנשטאָט קריאת־שמע — אַזאַ גרויסער עולם־הזהניק איז ער!... נאָר אָט דער באַלעבאָס, וואָס האָט אַוועקגעלקחנט דעם „וואַקיישאָן", איז אַ קאַפּריזנער באַלעבאָס. לאָז אים נאָר איבערגיין דער קאַפּריז, וועט ער דעם „וואַקיישאָן" באַפרייען פונעם אַרעסט און וועט אים, אם ירצה השם, דערלויבן צו דרוקן, אַזוי אַז אויך די לעזער פונעם „טאַגעבלאַט" זאָלן קאָנען דערפון הנאה האָבן...

נאָר דער קאַפּריז פון דעם קאַפּריזנעם באַלעבאָס איז אַזוי גיך ניט איבערגעגאַנגען, און שלום־עליכמס „וואַקיישאָן" איז ביי אים געלעגן אונטערן שלאָס היפּשע עטלעכע וואָכן. עס האָט ניט געהאָלפן אַפילו דאָס, וואָס אין יענער צייט האָט דאָס „טאַגעבלאַט" געמאַכט אַן אַנקעטע ביי די לייענער פון דער פּראָווינץ, ווער פון די שרייבער ווערט פון זיי אַם מערסטן געלייענט, — און שלום־עליכם האָט באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען. דעם דאָזיקן סוד פון דער רעדאַקציע האָט מיר אַנטפּלעקט ווידער טאַקע דער זעלבער תשר"ק, און האָט דערביי צוגעגעבן שטיל, מיר אויפן אויער (כדי זיין קאָלעגע, דער פּראָפעסאָר געצל זעליקאָוויטש, זאָל דאָס ניט הערן), אַז די צווייטע צאָל שטימען האָט באַקומען ער, תשר"ק. דער יידישער עולם האָט ליב הומאָר!... נאָר ס'איז ניט ווערט קיין געבאַקטע ציבעלע — די באַלעבאַטים ווילן אים קיין „רעיז" [הוספה] נאָך אַלץ ניט געבן!...

אויך ביי סאַפּירשטיינען אין דעם „אַמעריקאַנער" האָט שלום־עליכם יענעם ווינטער געהאַט ניט קיין געהויבענע מערכה. סאַפּירשטיין האָט טאַקע שלום־עליכמען „געגליכן" און איז אין געלט־זאַכן געווען אַקעגן אים אַ דזשענטלמאַן, נאָר די לעצטע צייט האָט ער אויף אים געוואָרפן אַן אום־חן — אויס אַ פּרינציפּיעלן מאָטיוו: „מאָטל פּייסי דעם חזנס", וואָס האָט זיך געדרוקט אינעם „אַמעריקאַנער" קאַפּיטלעך־ווייז, איז אים גאָרניט געפעלן געווען. ער האָט מיר עטלעכע מאָל געזאָגט, אַז „ס'איז ניט דאָס". ניט אַזוי באַדאַרף שלום־עליכם שרייבן. ס'איז ווידער אַ מאָל

די אייגענע מעשה: רוסישע שילדערונג. דערצו ציט ער דאָס און ציט — ווען וועט שוין נעמען אַ סוף?... האָב איך אים אַ פרעג געטאָן אויף טשיקאַווען: אַט דרוקט ער אינעם „אַמעריקאַנער" אַ ראָמאַן, וואָס ציט זיך נאָך מער, און מע הייבט גאָרניט אָן צו זען קיין סוף!... האָט ער זיך צעלאַכט: אַ שיינער פאַרגלייך! דאָס איז אַ ראָמאַן, צו וועלכן דער לעזער איז צוגעזאָטן, וואַרט אויף אים מיט אומגעדולד פון וואָך צו וואָך, די נשמה גייט אים אויס; און דאָס איז פסיכאָלאָגיע — געדרייט דעם לעזער אַ ספּאָדיק מיט אַן אָרעמען ייִנגל אַ יתום און מיט עפּעס אַ ברודער אַ לא־יוצלח, וואָס פאַרנעמט זיך מיט מאַכן טינט, מיט פאַרטרייבן מייז און מיט נאָך אַזעלכע רוסישע אָרעמאַנסקע פּרנסות... וועמען אינטערעסירט דאָס דאָ, ביי אונדז אין אַמעריקע?... ער לייקנט ניט — שלום־עליכם קאָן שרייבן, ער האָט אַ טייערע וויציקע שפּראַך, וואָס צעגייט זיך אין אַלע איברים, און אַ סך לעזער, דערהויפּט גרינע לעזער, גלייכן אים, „דער אַמעריקאַנער" פאַרקויפט זיך צוליב אים מיט עטלעכע טויזנט קאָפּיעס מער, ער וויל דאָס גאָרניט לייקענען — נאָר ס'איז קעגן זיין „פּאָליסי", די גאַנצע זאַך איז אים „על אפו ועל חמתו"...

דער סוף איז געווען, אַז סאַפּירשטיין האָט זיך אָנגעהויבן וואַרפן מיט מאָטל דעם חזנס מעשיות. איינמאָל האָט ער מיך געשראָקן, אַז ער וועט זיי אָפּשטעלן אינמיטן. שלום־עליכם איז דעמאָלט געווען אין אַנט־ווערפּן, וווהין ער איז אַגב געפאָרן זען די ייִדישע עמיגראַנטן, וואָס זעצן זיך דאָרט אויף די שיפן קיין אַמעריקע, און די עמיגראַנטישע קאָמיטעטן — טאַקע צוליב די וויטערדיקע באַשרייבונגען פון מאָטלען, און האָט מחמת זיין נסיעה דורכגעלאָזט אינעם „אַמעריקאַנער" צוויי וואָכן. סאַפּירשטיין איז אין כעס געוואָרן און האָט געזאָגט, אַז שלום־עליכם הרגעט אים אַוועק דעם „אַמעריקאַנער": וועלכער לעזער וועט דאָס וועלן טראָגן אויפן קאָפּ עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד אַזעלכע פּוסטע מעשיות, קינדערשע פלאַפּלערייען פון עפּעס אַ כאַנדריקעווער תלמוד־תורה־ייִנגל!... האָב איך אים דערקלערט, אַז, ערשטנס, האָט ער אַ טעות — שלום־עליכם שרייבט ניט פון כאַנדריקעווע, נאָר פון כתרילעווקע, און

צווייטנס, האָט שלום־עליכם דורכגעלאָזט די צוויי וואָכן (פֿאַר וועלכע ער האָט קיין געהאַלט ניט באַקומען, ווייל געצאָלט האָט מען אים פֿון דער שורה) ספּעציעל צוליב דעם מאַטעריאַל פֿון די ווייטערדיקע באַ־שרייבונגען, וואָס ער האַלט איצט אין שטודירן. דאָס האָט געווירקט, און איך האָב מאָטלען אָפּגעשריען. ס׳איז אָבער געווען ניט אויף לאַנג. מיט אַ צייט שפּעטער, אַז איך בין אַריין אין דער רעדאַקציע פֿונעם „מאָרגען זשורנאַל״, האָב איך סאַפּירשטיינען געטראָפֿן ווידער אַ צע־קאָכטן. ער האָט אויפֿגעעפֿנט זיין „דעסק״ און מיר אַ וואָרף געטאָן פֿון דאָרטן שלום־עליכמס מאַנוסקריפּט: ער וועט דאָס „סטאָפּען״ צו דרוקן! וואָס איז שוין ווידער? — שלום־עליכם שיקט די טייערע מציאה אויף אינעם לאָנדאָנער „דזשואיש וואָרלד״ — ער „ספּאָילט״ אים דערמיט די ביזנעס! [ער מאַכט אים קאַליע די געשעפֿטן]. דער „אַמעריקאַנער״ האָט לעזער ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אויך אין ענגלאַנד! און חוץ אַלע זאַכן, ווייל ער דאָס שוין לאַנג ניט האָבן אין זיין „מעגעזין״ — ס׳איז ניט פֿאַר אים קיין סחורה! אָט האָט אים שלום־עליכם צוגעשיקט אַ קאַפּיטל מיט עפּעס אַ ווילדן קעפּל: „לאָנדאָן, פֿאַרוואָס ברענסטו ניט?״... ניין, ס׳איז ניט פֿאַר אים קיין סחורה — ס׳איז פּעסימיזם!...

איצטיקס מאָל האָט סאַפּירשטיין געהאַלטן וואָרט, און אַזוי איז „מאָטל פּייסי דעם חזנס״ איבערגעהאַקט געוואָרן אין רעכטן מיטן. עס האָט גענומען גאַנצע אַכט יאָר ביז שלום־עליכם האָט זיך אומגעקערט צו זיין איבערגעריסענעם ווערק. ערשט ביי זיין צווייטן זיין אין אַמעריקע, אַ האַלב יאָר פֿאַרן טויט, שוין קראַנקערהייט, האָט ער, ווי וועלנדיק אַריינכאַפּן, זיך גענומען פֿאַרענדיקן די יוגנט־געשיכטע פֿון זיין ליבלינג מאָטל — און האָט זי דאָך ניט דערפֿירט ביזן סוף.

איך האָב באַדאַרפֿט זיין שטאַרקער פֿון אַייזן, פֿירנדיק אַזעלכע פֿאַרהאַנדלונגען וועגן שלום־עליכמס אינטערעסן מיט די ניו־יאָרקער צייטונגס־אַרויסגעבער. אויב ביי מיינע אייגענע ענינים האָב איך נאָך געהאַט אין זיך די שטאַרקייט אַמאָל אָפּצוענטפֿערן זיי מיט יונגן, שאַרפֿן ווידערשטאַנד, בין איך אָבער דאָ געווען אינגאַנצן אָפּהענטיק. עס האָט אויף מיר געברענט די הויט, איך זאָל מיך ניט אַרויסכאַפּן מיט אַן

איבעריקן וואָרט, חלילה ניט דערצאָרענען די דאָזיקע „קאַפּריזנע באַ־לעבאַטים" פון דעם טרויעריקן געדרוקטן יידישן וואָרט, וואָס כמעט פון זיי אַליין איז איצט געוואָרן אָפּהענגיק שלום־עליכמס עקזיסטענץ. אַלע אַנדערע קוואַלן זענען אויסגעטריקנט געוואָרן.

איך האָב שלום־עליכמען פון אָט די אַלע איינצלהייטן דעמאָלט ניט געשריבן. פילנדיק פון דער ווייטן זיין לאַגע, האָב איך אים ניט געוואָלט פאַרשאַפן איבעריקן עגמת־נפש. פון מיין פרויס בריוו האָב איך געוווּסט, אַז ער לעבט דורך אַ שווערן ווינטער — אפשר דעם שווערסטן אין זיין לעבן. ער איז צוריקגעקומען פון בעלגיע אין זייער אַ געדריקטער שטימונג. צו זיין פאַרלעזונג אין אַנטווערפּן האָט ער דערלייגט עטלעכע הונדערט פראַנק. דאָס ביסל געלט פון די אַמעריקאַנער צייטונגען איז זיך גיך צעגאַנגען אויף אַרומצאָלן די חובות, פון דעם פּעטערבורגער „פריינד", וואָס האָט אָנגעהויבן פאַרלירן זיינע לייענער אין פוילן און וואָלין, איז קיין האָנאָראַר ניט אָנגעקומען, פונעם וואַרשעווער „אונזער לעבן", וואָס האָט זיך דווקא שטאַרק צעוואַקסן אויפן חשבון פון דעם „פריינדס" לייענער, האָט מען צוגעזאָגט פאַרן „מבול" אַזש הונדערט פופציק רובל, נאָר שיקן האָט מען ניט געשיקט. פון אַלע זייטן האָט אַריינגעקוקט די בייזע נויט, און געזעסן איז מען אין אַ פרעמדן לאַנד, ווו אַחוץ יידישע סטודענטן און רעוואָלוציאָנערן האָט מען ניט געזען אין די אויגן קיין רעכטן יידן... אין איין בריוו האָט מיר מיין פרוי געשריבן אַזוי: „היינט אין דער פרי האָט דער פּאַפּאַ געבעטן אַלע קינדער ניט גיין מער אין טעאַטער, וואָרעם ס'איז שוין ניטאָ קיין געלט און ס'איז ניטאָ קיין שום קוואַלן, קיין שום האָפענונגען"... קע־נענדיק שלום־עליכמס ליכטיקן כאַראַקטער און זיין ווייכע, פּאַרזיכטיקע באַציאונג צו די קינדער, האָב איך פון די דאָזיקע עטלעכע ווערטער אַליין זיך געקאָנט פאָרשטעלן די קלעם, אין וועלכער ער געפינט זיך. אין אַ צווייטן בריוו האָב איך געלייענט: „איצט איז ביים פּאַפּאַ אַזאַ צייט, אַז אַפילו קיין „חלומות" איז ניטאָ"...

פון שלום־עליכמס בריוו אַליין, וואָס ער האָט מיר יענע טעג געשריבן, וואָלט איך וועגן זיין אמתער לאַגע ווינציק־וואָס געקאָנט

וויסן. זיינע בריוו זענען אויך איצט, ווי אַלע מאָל פון דער ווייטן, געווען לייכטע און ליכטיקע, וואָס האָבן מיר געטראָגן איבערן אָקעאַן אַן אינטים־וואַרעמען גרוס פון דעם, נאָך וואָס דאָס האַרץ האָט געבענקט אין טיפער איינזאַמקייט. קומענדיק צוריק פון זיין רייזע, האָט ער מיר גלייך געשריבן, געוויינטלעך אויף אַ האַלב־מליצהדיקן העברעאיש:

„מיין טייערער!

„איך בין ערשט געקומען...

„ווער עס האָט ניט געזען די שמחה פון תמרהן, באַכדעם ווי זי האָט מיך ניט געזען צוויי וואָכן צייט, דער האָט קיין שמחה אויף זיין לעבן ניט געזען. פריער האָט זי מיך אָנגעקוקט מיט אירע שוואַרצע אויגן עטלעכע מינוט. דערנאָך איז איר פנים שטאַרק רויט געוואָרן. אַ קול אין דער הויך לאָזט זיך הערן! דאָס וויינט תמרה אויף איר „פּאַפּאַפּאַ" (וואָרים אַזוי רופט זי מיך, ניט פּאַפּאַ, נאָר „פּאַפּאַפּאַ", דריי מאָל פּאַ!). אויף שיכלעך האָב איך געבראַכט פאַר אירע גרויסע פיס, אויך אַ שטול מיט אַ טיש האָט מען איר צוגעגרייט, זיצט זי און שפּילט זיך און קושט מיט אירע ליפּן יעדן איינעם, אַפילו די קאָנסיערזשקע (הויז־פאַרוואַלטערין). דערמיט האָבן זיך געענדיקט מיינע רייד וועגן תמרהן.

„און אין אַמעריטשקע ביי אייך וואָס הערט זיך? היינט האָב איך אַרויסגעשיקט דעם „אַמעריקאַנער" די נייע מעשיות פון מאָטל פּייסיס, וואָס זענען צען מאָל בעסער פון די פריערדיקע. אַז דו וועסט זיך זען מיט אונדזער פריינד מר. סאַפּירשטיין, וועסטו אים אָפּגעבן אַ גרוס אין מיין נאָמען און בעטן אַנטשולדיקונג, וואָס ס'איז פון מיר אַרויסגע־קומען אַן אָפּהאַלט, צוליב מיין גרויסער נסיעה אין בעלגיע און האָלאַנד. פון היינט־אָן און ווייטער וועט „דער אַמעריקאַנער" באַקומען פון מיר מיינע דערציילונגען איינס נאָכן אַנדערן, אָן אַן אָפּשטעל, אם ירצה השם.

„און דאָס „טאַגעבלאַט" פאַרוואָס איז געוואָרן אַ „נעצר"? [גע־מיינט: פאַרוואָס האַלט ער זיך איין און דרוקט ניט דעם „וואַקיישאָן". — י. ד. ב.]. אויף דיינע בריוו וואַרטן מיר אַלע, אַפילו נומאַ, וואָס לערנט אַצינד אין שול צוויי מאָל יעדן טאָג".

אָבער אַז שלום־עליכם האָט דעמאָלט דורכגעלעבט אַ צייט אָן „חלומות״ — דאָס איז שוין געווען אַ טעות. גאָר אָן חלומות האָט שלום־עליכם ניט געקאָנט לעבן אַפילו אין די ביטערסטע מאָמענטן. ער האָט שטענדיק געפונען עפּעס, אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן, אַ ליכטיקן אויסגאַנג פון דער פינצטערניש. איצט, אין דער איינזאַמער קלעם פון נויט, האָט זיך ביי אים אין דער שטיל, פאַרבאָרגן פון זיינע קינדער, דאָך געוועבט אַ חלום — ער האָט געשריבן אַ נייע פּיעסע. ער האָט דאָס געטאָן אין דער שטיל — אפשר דערפאַר, ווייל נאָך דעם פאַראַיאָריקן צווייענדיקן דורכפאַל אויף דער אַמעריקאַנער יידישער בינע איז ער ניט געווען זיכער, צי די זאַך וועט אים געלינגען, און ער האָט זיינע נאָענטע ניט געוואָלט אַנטוישן מיט אומזיסטע האָפענונגען, און אפשר — ווייל ער האָט זיי געוואָלט דערפרייען שוין מיט אַ פאַרטיקן ערפאָלג. אַזוי צי אַזוי, נאָר איינמאָל אין אַ פרימאָרגן האָט מיר די בראָנזווילער פּאָסט געבראַכט פון שלום־עליכמען אַ פּאַקעט, אין וועלכן איך האָב געפונען אַ קאָמבינאַציע פון דריי בריוו, אַלע געשריבן צו מיר — איינער אין העברעאיש, אַ צווייטער אין רוסיש און אַ דריטער אין יידיש. דער העברעאישער בריוו איז געווען אויסשליסלעך פאַר מיר. דעם רוסישן האָב איך באַדאַרפט פאָרלייענען פאַר יעקב אַדלערן. און דעם יידישן האָב איך באַדאַרפט ווייזן דוד קעסלערן. רעדן האָט זיך אין אַלע דריי בריוו גערעדט פון דעם, אַז שלום־עליכם האָט פאַרענדיקט אַ פּיעסע אין פיר אַקטן און ער וועט זי מיר אינגיכן צושיקן פאַר דער יידישער בינע אין ניו־יאָרק — אויב די דירעקטאָרן פון די יידישע טעאַטערס זענען אין דעם פאַראינטערעסירט. דער נאָמען פון דער פּיעסע איז ניט אָנגעגעבן געוואָרן, נאָר אין דעם בריוו, וואָס איך האָב באַדאַרפט ווייזן אַדלערן, האָט שלום־עליכם געשריבן, אַז „די דראַמע איז אַ אידייאישע; איר אידייע איז ניט קיין פאַרבייגייענדיקע, נאָר אַן אייביקע, אַ לעבעדיק־צאַפּלדיקע, וואָס רעגט די יידישע מוחות, לעבט אין דער נשמה פון יעדן יידן און פאַרפאָלגט אונדז פיינלעך דורות־לאַנג״.

דער העברעאישער בריוו צו מיר האָט זיך געלייענט (דאָ — מיט איניקע אויסלאָזונגען) אַזוי:

„מיין טייערער!

„פון די צוויי בייגעלייגטע בריוו וועסטו במילא פאַרשטיין דעם גאַנצן זייער אינטערעסאַנטן ענין. דו דאַרפסט זיך אײַלן ((אויב דו ווילסט, פאַרשטייט זיך) קודם־כל צום גרויסן „אַדלער", און דערנאָך צו קעסלערן. דעם אַדלער וועסטו ווייזן מיין רוסישן בריוו, און קעסלערן וועסטו ווייזן מיין יידישן בריוו — וועלן זיי פאַרשטיין. — — —. וועסט זאָגן אַדלערן, אַז איך וויל ניט, אַז די זאַך זאָל דערגיין צו גאָרדינען, וואָרעם ער, אַדלער אַליין, ווייסט, ווי ווייט עס האָט מיך פיינט אָט דער מענטש גאָרדין, וואָס האָט אַראָפּגעשטויסן שעקספּירן פון זיין פּיעדעסטאַל און געירשנט זיין פּלאַץ. אויך דאָס זאָלסטו אים זאָגן: אַז אויב ער וועט דאָס דערציילן גאָרדינען, וועט זיך גאָרדין לאַנג ניט איינהאַלטן און וועט דערציילן מילערן, און מילער וועט דערציילן באַראָנדעסן, און באַראָנדעס מאַסליאַנסקין, און מאַסליאַנסקי לובאַרסקין, און לובאַרסקי — דער גאַנצער וועלט! נישטאָ קיין סודות אין ניו־יאָרק! — — —. מע באַדאַרף וויסן, מיין טייערער, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַזעלכע לייט. — — —. מיט דער לינקער האַנט אָפּגעשטויסן, מיט דער רעכטער צוגעצויגן; אַ ביסל אָפּגעדעקט, מער צוגעדעקט. דאָס זענען, דאַכט זיך, פּרינציפּן פון די בעלי־התלמוד, און ווער איז נאָך גרעסער פון די בעלי־התלמוד? — — און אַלץ וואָס דיינע אויגן וועלן זען און דיינע אויערן וועלן הערן זאָלסטו מיר דערציילן אין אונדזער הייליקער שפּראַך, וואָרעם איידער מיר וועלן מיט זיי מאַכן אַ וועלכן־עס־איז משא־ומתן, וויל איך ניט, אַז אַלע אונדזערע בני־בית זאָלן וויסן פון דער גאַנצער זאַך. און דיר זאָג איך מיט אַן אמת, אַז מיר איז געלונגען צו מאַכן זיסע שפּייז, וואָס אַזעלכעס איז נאָך ניט געשטעלט געוואָרן אויף דער יידישער בינע, ווי דיינע אויגן וועלן רעכטפערטיק זען, אם ירצה השם, אַז דו וועסט באַקומען פון מיר דאָס מאַנוסקריפּט (נאָכדעם ווי איך וועל דערהאַלטן דיין ענטפער).

„און איך בין אינגאַנצן דיינער.

„טיסי האָט דיר געוויס געשריבן, ווי אַזוי איך דערצייל פּאַר תמרהן

מעשיות וועגן אַ הונט און וועגן אַ קאַץ און וועגן אַ בער און וועגן אַן אָקס מיט הערנער און וועגן אַ קליין אָרעם מיידעלע, וואָס מע האָט דעם ניט געגעבן קיין שאָקאָלאַד — פון וואָס תמרה וויינט, עס רינען איר טרערן איבער די בעקלעך. כלעבן, דיין טאָכטער איז מער חכמה פון אַלע חכמי התלמוד! (שאַ! דערציי׳ל דאָס ניט אין אַמעריקע פאַר די באַלעבאַטים פון „מאָרגען זשורנאַל״ און „טאַגעבלאַט״, וואָרעם זיי וועלן מיך פאַרשטיינען!)...״

דער דאָזיקער בריוו, פון וועלכן איך האָב דערפילט דעם אָטעם פון פרישע האָפענונגען און חלומות, האָט מיך שטאַרק דערפרייט. דערהויפּט האָט מיך אויפגעהויבן דער מונטערער טאָן און די לעבעדיקע טעטיקע וויכטיקייט, אין וועלכער שלום־עליכם האָט איינגעוויקלט דעם גאַנצן ענין. אַ סימן, אַז עס וועלן נאָך קומען גוטע צייטן!... פון אַלע דריי בריוו איז געווען דייטלעך צו זען, אַז שלום־עליכמען ציט צו אַדלערן מער ווי צו קעסלערן, און אַזוי ווי איך בין שוין געווען אַ ביסל באַקאַנט מיט די אומשטענדן פון דעם יידישן טעאַטער אין יענעם סעזאָן, האָב איך מיך איבערגעלייגט און באַשלאָסן, אַז דערווייל, כל זמן איך האָב נאָך די פּיעסע ניט באַקומען, וועל איך גיין נאָר צו אַדלערן אַליין. דאָס האַרץ האָט מיך נאָר אַ ביסל געשראָקן, ווי אַזוי וועט אַדלער אויפ־נעמען די בשורה וועגן שלום־עליכמס אַ פּיעסע מיט אַ „אידייע״, „אַן אייביקע״, „וואָס לעבט אין דער נשמה פון יעדן יידן און פאַרפאָלגט אונדז פיינלעך דורות־לאַנג״?...

ה

# „דער גרויסער אָדלער״

מיט יעקב אַדלערן, „הנשר הגדול״ (דער גרויסער אָדלער), ווי ער האָט זיך אַליין באַטיטלט דווקא אויף לשון־קודש, האָב איך מיך געהאַט באַקענט שוין פריער, נאָך איידער איך האָב אים געבראַכט דעם בריוו פון שלום־עליכמען מיט דער בשורה וועגן אַ נייער פּיעסע. קומענדיק קיין אַמעריקע נאָענט ביים אָנהייב פונעם טעאַטער־סעזאָן, האָב איך געהאַט שטאַרק אין זינען צו פּרוּוון מיינע קרעפטן אויך אויף דער ניו־יאָרקער יידישער בינע. בפרט אַז איך האָב געגלויבט, אַז אַ ביסל בין איך שוין אַ „געפּרוּווטער״ אויף דעם געביט פון דראַמאַטישער קונסט: נאָך אין מיין געבורטשטאָט, אַלס זיבעצן־יאָריק בחורל, בין איך אין איין אָוונט באַרימט געוואָרן ביי מיין היימישער אינטעליגענץ דורך אַ קאָמעדיע, געשריבן דווקא אין יידיש, וואָס האָט געהייסן מיטן קלינגענ־דיקן נאָמען „די גרויסע אסיפה אין שושן הבירה״. פון דעם נאָמען אַליין איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז די קאָמעדיע איז געשריבן געוואָרן ספּעציעל לכבוד פּורים, און פאָרגעלייענט האָב איך זי אויף אַ ציוניס־טישן פּורים־באַל, אין אַ גרויסן „שאַלאַש״, פאַר אַ גאַנץ היפּשן עולם. די העלדן פון דער קאָמעדיע האָבן געטראָגן פּונקט אַזעלכע נעמען, ווי די העלדן פון דער פּורימדיקער מגילה, נאָר מיינע שטאָט־לייט האָבן אין זיי גלייך דערקענט פיגורן פון באַקאַנטע היימישע ציוניסטן, בונ־דיסטן און סתם אינטעליגענטן, וואָס מישן זיך אין קהלשע געשעפטן און אַרבעטן „לטובת הכלל״. לויט די אַפּלאָדיסמענטן, וואָס איך האָב באַקומען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, און לויט די שונאים, וואָס איך האָב מיר דעמאָלט געשאַפן, האָב איך געמעגט האָפן, אַז איך וואַקס אַ דראַמאַטורג.

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט אַדלערן האָט באַזאָרגט איינער שלום־עליכמס אַ חסיד און אַ געטרייער פריינד, אַ בראַנזווילער „בוטשער“ [קצב], וואָס איז געווען אַ היימישער משכיל און האָט אין אַמעריקע, אויסער „בוטשעריי“, געהאַט נאָך אַ זייטיקע באַשעפטיקונג: ער האָט אין אַדלערס טעאַטער איבערגעשריבן די ראָלן פאַר די אַקטיאָרן, און איז אויך געווען אַן איבערשרייבער ביי שלום־עליכמען פאָריקן ווינטער. מיין טעאַטראַלישער וועגווייזער האָט מיך, ווייזט אויס, שטאַרק רעקאָמענדירט פאַר אַדלערן, וואָרעם אַז מיר זענען געקומען אין „גרענד־טעאַטער“ אַ שעה פאַר דער אָוונט־פאָרשטעלונג, האָט מיך אַדלער אויפגענומען אין דעם ענגען „באָקס־אָפיס“ זייער וואַרעם, מיט אַ האַרציקן באַצויבערנדיקן שמייכל, געזאָגט, אַז ער האָט געהערט וועגן מיר פון שלום־עליכמען נאָך פאַראַיאָרן אין לאָנדאָן, און אַז ער האָט אויך געלייענט אין „טאַגעבלאַט“ וועגן מיין קומען, און האָט מיך גלייך אַ פרעג געטאָן סודותדיק־שטיל, מיט אַ ווייכן לאַשצענדיקן סאַמעטענעם קול:

— נו טאַטעלע? אפשר האָט איר אַ פיעסע פאַר מיר?

איך האָב צום ערשטן מאָל געזען פאַר זיך אַזוי נאָענט אַ באַרימטן אַקטיאָר, און בין געווען איבערראַשט פון זיין אויסערגעוויינלעכער שיינקייט. זיין זילבער־ווייסער קאָפּ מיטן יונגען פרישן ראָזעווען „מלאך־פנים“, מיטן פראַכטיקן הויכן שטערן, מיטן ווייכן פאַרנעבלטן ברען אין די אויגן און מיט זיין גאַנצן פיין־געכאָוועטן שלאַנקן אויסזען — האָבן געאָטעמט מיט זעלטענער גלאַנץ, מיט רייצנדיקער יום־טובדיקייט. דאָס איז אָבער געווען אַ יום־טובדיקייט מער אַ פיזישע, אַן אַקטיאָרישע, אַ זיס־פאַרפומירטע, כמעט אַ ווייבלעכע, וואָס ציט־צו און אין דער זעלבער צייט וועקט זי אויך פאָרזיכטיקייט, ווי צו אַ פרעמדן געשלעכט. אין דעם גלאַנציק־פאַרנעבלטן שמייכל פון די שיינע אויגן און אין די רייצנדיקע ווינקלען פון דעם קליינעם ווייבלעכן מויל איז געלעגן פאַרטאַיעט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט געקאָנט זיין אי ליב, אי פאַרדעכטיק. איך האָב אים אין געדאַנק ניט ווילנדיק פאַרגליכן מיט אַן אַנדער שיינעם זקן פון דער קינסטלערישער משפחה, מיט וועמען איך האָב מיך ניט לאַנג געזעגנט — מיט מענדעלע מוכר־ספרים: מיט יענעמס אָפענער מענערשער שטאַרקייט,

מיט זיין מוטיקן קלוגן בליק, מיט זיין ריינער בייזלעכער גייסטיקער ערלעכקייט, וואָס רופט־אַרויס צוטרוי אין אַלע ערלעכע הערצער.

שוין ביי אונדזער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט מיר אַדלער געגעבן אַ „פעס" [אַיינטריט־קאַרטל] אויפן גאַנצן סעזאָן אין זיין טעאַטער. געשריבן דעם „פעס" האָט ער דווקא אויף רוסיש, מיט גרויסע פאַר־דרייטע אותיות — אַ מין „קאַנצעליאַרסקער" כתב. דער סעזאָן האָט זיך ביי אים דעמאָלט אָנגעהויבן ניט־געלונגען: נאָך אַן איבעררייס פון אַ יאָר האָט ער זיך ווידער פאַרבונדן מיט יעקב גאָרדינען, נאָר גאָרדין האָט סוף זומער געמאַכט אַ רייזע איבער אייראָפּע און האָט פאַרשפעטיקט מיט זיין ערשטער פּיעסע צו דער עפענונג פונעם טעאַטער. האָט מען געמוזט דערווייל שפּילן גאָרדינס אַלטן רעפּערטואַר.

יענעם אָוונט איז געגאַנגען „דער פרעמדער". דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך זע גאָרדינס אַ שטיק, און כאָטש איך האָב מיך דעמאָלט ניט געהאַלטן פאַר קיין גרויסן טעאַטראַל, איז מיר די זאַך גאָרניט געפעלן געוואָרן. אפשר בין איך געווען צוגעגרייט צו אַזאַ באַציאונג דורך שלום־עליכמס געשפּרעכן וועגן גאָרדינען, ווי אויך דורך בעל־מחשבותס קריטיק איבער „גאָט, מענטש און טייוול", ווו ער האָט גאָרדינען אינגאַנצן מבטל געמאַכט און אויסגעחוזקט די „סמאַר־קאַטע מלאכימלעך" פונעם פּראָלאָג. איך בין געזעסן אין טעאַטער און נייגעריק זיך צוגעהערט מער צום טעקסט פון דער פּיעסע, ווי צו דער האַנדלונג, און דער טעקסט האָט מיר אויסגעוויזן אומנאַטירלעך, די קלוגע ווערטלעך, וואָס זענען געפאַלן פון די אַקטיאָרישע מיילער, האָבן געקלונגען היפּשלעך ווולגאַר און גאָרניט קלוג. ערשט אַז אַדלער האָט זיך באַוויזן אויף דער בינע, האָט זיך מיין שטימונג געביטן און איך האָב אָנגעהויבן צו גאַפן. איך האָב געעפנט מויל און אויערן — איך האָב צום ערשטן מאָל דערזען אַן עכטן, אַ גרויסן יידישן אַקטיאָר. איך געדענק שוין איצט ניט דעם אינהאַלט פון דעם „פרעמדן". איך געדענק אָבער, ווי אַזוי אַדלער, אין דעם פינצטערן גרים פון דעם „פרעמדן", איז אַריינ־געקומען שטיל אין דעם לעצטן אַקט, ווי אַזוי ער האָט אָפּגעשפּילט אַ שווייגנדיקע סצענע און ווי אַזוי ער האָט זיך פּלוצעם צערעדט —

פריער אײַנגעהאַלטן, נידעריק־געבראָכן, און דערנאָך אַלץ הייסער און סיפּער. איך האָב ביז יענער צייט שוין געהאַט געזען עטלעכע פון די גרויסע רוסישע אַקטיאָרן, איך האָב אויך געזען אין זשענעווע סאַראַ בערנאַר, נאָר אין מיין איצטיקער באַגייסטערונג האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַדלער שטייגט זיי אַריבער. דאָס איז געווען מסתמא דערפאַר, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל דערהערט דעם טיפן אָטעם פון אַ גרויסן אַרטיסט אויף מיין אייגענער, נאָענטער שפּראַך.

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט מיך מיין וועגווייזער, דער בראָנזווילער בוטשער־משכיל, אַריינגעפירט צו אַדלערן אין „דרעסינג־רום" [גאַרדע־ראָבע]. אַדלער, נאָך אַן אויסגעשמירטער אין שמינקע, אַן אויפגע־פלאַמטער, האָט מיר אויסגעשטרעקט פון אונטערן כאַלאַט אַ ווייכע וואַרעמע האַנט און אַ פרעג געטאָן אויף רוסיש:

— נו? ווי אַזוי שפּילט מען ביי אונדז טעאַטער אין אַמעריקע?

אויסגעהערט מיינע שבחים, האָט ער צו מיר הייס אַ בליץ געטאָן מיט די שמייכלענדיקע אויגן:

— איר מוזט ביי מיר זען, טאַטעלע, אַלע גאָרדינס פּיעסן! ער איז אונדזער גרויסער מייסטער! עס וועט אייך שטאַרק צונוץ קומען ביי אייער פּיעסע...

איך בין אַוועק פון אַדלערן אַ באַפליגלטער. עס האָט מיר אימפּאָנירט, וואָס ביים ערשטן ברוך־הבא האָט ער שוין ביי מיר כמעט „באַשטעלט" אַ פּיעסע. איך האָב זיך אַלץ געוווּנדערט: ער קען דאָך מיך גאָרניט — וואָס זשע האָט ער אויף מיר אַזעלכעס דערזען?... ערשט אין אַ צייט אַרום איז מיר די זאַך פאַרענטפערט געוואָרן: אַדלער האָט שוין געהאַט אַזאַ טבע, אַז ווי נאָר עס פלעגט קומען קיין אַמעריקע פון יענער זייט ים עפּעס אַ „אינטעליגענט", אַ מענטש מיט אַ נאָמען, אַזוי פלעגט ער אים אַוועקזעצן שרייבן אַ פּיעסע. דאָס אייגענע האָט ער געטאָן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער מיט ד"ר נתן בירנבוים, ווען יענער איז גע־קומען צוגאַסט קיין אַמעריקע: ער האָט ביי אים באַשטעלט כאָטש אַן איבערזעצונג פון אַ דייטשער פּיעסע (ד"ר בירנבוים האָט דעמאָלט אָנגעהויבן פּרעדיקן יידישיזם און האָט זיך געלערנט שרייבן יידיש).

און אַזוי ווי דער חשובער איבערזעצער איז אַליין ניט געווען קיין דראַמאַטורג, האָט אַדלער אַנאָנסירט אין די צייטונגען די פּיעסע, אַז זי איז איבערגעזעצט „פון דעם באַרימטן נאַציאָנאַליסט ד"ר נתן בירנבוים"...

און פון דעסטוועגן האָב איך אַדלערס עצה ניט געפאָלגט און בין ניט געגאַנגען לערנען זיך ביי גאָרדינען, ווי אַזוי צו שרייבן פּיעסעס. דאָס הייסט, איך בין טאַקע געגאַנגען זען אַלצדינג, וואָס מע האָט יענעם סעזאָן געשפּילט פון גאָרדינס רעפּערטואַר, און האָב אויך געזוכט צו לייענען וואָס ס'איז ביז דעמאָלט געווען געדרוקט פון גאָרדינס פּען. נאָר וואָס מער איך האָב מיך מיט אים באַקענט, אַלץ ווייניקער האָט מיך געצויגן צו גיין אין זיינע וועגן. דער איינדרוק איז פאַרבליבן דער ערשטער: געמאַכטע ליטעראַרישקייט (ניט ליטעראַטור) און געקליגלטע אַפּיקורסות, וואָס אין רוסלאַנד האָבן מיר דאָס שוין געהאַט איבער־געלאָזט אויף יענער זייט גרענעץ פון דער השכלה־באַוועגונג. איך האָב נאָר געזען, אַז גאָרדין האָט ביי די אייראָפּעאישע דראַמאַטורגן אַ סך געלערנט די אויסערלעכע דראַמאַטורגישע טעכניק (ניט דאָס אינערלעכע דראַמאַטישע שאַפן, וואָס דאָס קאָן מען ניט לערנען — דאָס דאַרף מען אַליין פאַרמאָגן), און האָט גוט געקענט זיינע אַקטיאָרן און זיין עולם — דעם ספּעציפיש־יידישן פּערטל־אינטעליגענט, וואָס קריגט התפּעלות פון „הויכע ווערטער". איך בין נאָך דעמאָלט געווען צו יונג און ניט־איינגע־וואַקסן אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן, עס זאָל מיך באַזונדער אינטערעסירן גאָרדינס היסטאָרישער פאַרדינסט פאַרן יידישן טעאַטער אַלס רעפּאָרמאַטאָר, אַלס איבערגייער פונעם פּוסטן באַלאַגאַן־שפּיל צום ערנסטן אינהאַלט פון דראַמע־שפּיל. אין אונדזערע ליטעראַרישע קרייזן אין רוסלאַנד האָבן מיר דעמאָלט דערהויפּט געזוכט אין דער יידישער שאַפונג עכטקייט פון געפיל און טאָן, און ביי גאָרדינען האָבן מיר, אַנ־שטאָט עכטע פּוטער, געפונען מאַרגאַרין. איך האָב בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין דעם „גאָרדין־קולט", וואָס איך האָב דעמאָלט געטראָפן ביי אַ היפּשן טייל פון דער ניו־יאָרקער יידישער אינטעליגענץ. ניט נאָר ביי אַקטיאָרן, נאָר אַפילו ביי שרייבער, און דווקא ביי דעם ערלעכן מין, איז גאָרדין געווען פאַררעכנט פאַר אַ שטיק גאָט, כמעט ווי פּרץ

אין וואַרשע. גראַד יענעם ווינטער איז אַב. קאַהאַן אַרויס אין „פאָר־ווערטס" מיט אַ סעריע אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט ברייט צע־גלידערט גאָרדינס אומקינסטלערישקייט. איך האָב מיך דעמאָלט באַקענט מיט ד"ר הלל זאָלאָטאַראָוו און האָב אין אַ געשפּרעך מיט אים אין זיין דאָקטאָר־אָפיס אויף איסט בראָדוויי זיך אַרויסגעזאָגט אויף דער זייט פון אַב. קאַהאַן, און נאָך אַ ביסל שאַרפער, — האָט ער אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע, כמעט דערשראָקענע אויגן, ווי אויף אַ גאָט־לעסטערער. אַליין אַ זויבערער מענטש, האָט אים אַפילו ניט שאָקירט, וואָס גאָרדין האָט דעמאָלט אין מילערס „וואַרהייט", פּאָלע־מיזירנדיק מיט מ. באַראַנאָוו פונעם „פאָרווערטס", זיך באַנוצט מיט אַ שפּראַך, וואָס איז ווייט געווען פון געטלעכער זויבערקייט. „יאַקאָוו מיכאַילאָוויטש" מעג!... אויך לעאָן קאָברין, דעמאָלט מיין בראָנזווילער שכן, מיט וועמען איך האָב אָפט פאַרבראַכט, האָט מיט מיר הייס דע־באַטירט וועגן גאָרדינען און האָט מיר שאַרף דערקלערט, אַז ביי אונדז אין רוסלאַנד הייבן מיר ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס טעאַטער איז, און הייבן ניט אָן צו וויסן, וואָס פאַר אַ קראַפט גאָרדין איז!

איך האָב שוין געגאַרט צו זען מיט מיינע אויגן גאָרדינען אַליין — אפשר שטעקט דער כישוף אין זיין פערזענלעכקייט? איך מוז אָבער זאָגן, אַז אויך ביי מיין באַקאַנטשאַפט מיט גאָרדינען האָב איך אין אים קיין שום כישוף ניט געפונען. די ערשטע צופעליקע באַגעגעניש מיט אים (אין דעם טיי־געשעפט פון אברהם אליהו לובאַרסקי) האָט אין מיר איבערגעלאָזט אַ געפיל פון פאַרדראָס — אויס אַ פערזענלעכן מאָטיוו. ער האָט מיר אַ זאָג געטאָן מיט דער גרינגקייט פון אַ מענטשן, וואָס איז געוווינט צו ריידן פון אויבן אַראָפּ:

— איך האָב געטראָפן אייער שלום־עליכמען אין אויסלאַנד. ער האָט זיך דאָרט אַרומגעדרייט אין מאַריענבאַד...

איך האָב אים ניט פאַרשוויגן:

— אַרום וועמען אַרומגעדרייט — אַרום אייך?...

ער האָט פאַרשטאַנען זיין אומטאַקטישקייט און האָט שוין געזאָגט מיט אַ טאָן העפלעכער:

— מיר אַלע האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט. מאַריענבאַד איז אַ פּלאַץ פאַר ליידיקגייער.

איך האָב מיך צוגעקוקט צו אים פון דער נאָענט. מע האָט אַלץ געשמועסט, אַז ער איז זייער ענלעך אויף הערצלען. איך האָב די דאָזיקע ענלעכקייט, אין פאַרגלייך מיט הערצלס באַקאַנטע בילדער, אין אים ניט געזען. סיידן דאָס, וואָס ער טראָגט אויך אַ באָרד? אויף זיין אָפענעם, עטוואָס גראָבלעכן פּנים מיט די וואָכעדיקע פליישיקע ליפּן איז געווען זייער ווייניק גייסטיקייט. נאָר די אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַ מידן, צייטנווייז פיינלעכן גלאַנץ. ער האָט געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ קליינ־שטעטלדיקן ברייטלעכן נגיד, וואָס גייט אַרום אויף גאָטס וועלט ברייט־לעך נאָר דערפאַר, ווייל ער איז זיכער, אַז אַלע אַרום אים זענען קבצנים, עניים ואביונים... אַזאַ איינדרוק האָט ער אויף מיר געמאַכט, ווען איך האָב אים עטלעכע מאָל געטראָפן שפּאַצירנדיק אויף דער איסט־סאַיד מיטן שטעקן, מיט פּאַמעלעכע געמאָסטענע טריט און מיט אָפענער הערשערישער זעלבסטווערדע.

איך בין אויך געגאַנגען הערן גאָרדינס אַ לעקציע, וואָס זיינע חסידים האָבן פאַר אים אַראַנזשירט אין קלינטאָן־האָל לכבוד זיין צוריק־קומען פון אייראָפּע. אין דער לעקציע האָט ער גערעדט נאָר פון זיך אַליין און פון זיינע פּיעסעס, זיך אָפּגערעכנט מיט די קריטיקער, וואָס פאַרגינען אים ניט זיין פּלאַץ אינעם יידישן טעאַטער, דערציילט פאַר די צוהערער, מיט וואָס פאַר אַ כבוד מע האָט אים אויפגענומען אין גאַ־ליציע — גאָרניט ווי דאָ אין דער היים, אין אַמעריקע... ער האָט זיך געהאַלטן אין זיין ריידן זייער היימיש, קליינזלדיק, געווירקט אויפן עולם אויך מיטן גוטן מיטל פון הומאָר, נאָר זיין הומאָר איז געווען פון דעם ווולגאַרן פּראָווינציעלן מין, וואָס אין רוסלאַנד פלעגן אים באַנוצן גימ־נאַזיסטן. אַשטייגער: „מיין קאָלעגע אין דראַמע — נו, ווי אַזוי רופט מען אים דאָרט... נו, דער נאָרוועגער... איבסען!" אָדער: „פאַר אַזעלכע בעזגראַמאָטנע אַקטיאָרן איז דאָ נאָר איין מיטל — געבן זיי מיט דער קני אין... אין... פלייצע!" איך האָב געשטוינט: וווּ־זשע שטעקט דאָ

גאָרדינס פערזענלעכער צויבער פאַר זיינע אינטעליגענטע, ליטעראַרישע חסידים ?...

איך האָב מיך בכלל געחידושט, וואָס דאָס ניו־יאָרקער „יידנטום“ איז אַזוי פאַרקאָכט אין טעאַטער. עס האָט געמאַכט דעם אַיינדרוק, ווי די יידישע אימיגראַנטישע אינטעליגענץ, אויסגעליידיקט פון אַלע נאַציאָנאַל־יידישע ווערטן, האָט זיך דאָ צוגעכאַפּט צו אַ נייער הייליקייט — צום יידישן טעאַטער־שפּיל. אין רוסלאַנד האָט די יידישע פּרעסע פון טעאַטער כמעט ניט געשריבן: די וואַנדערנדיקע יידישע טרופּעס, וואָס האָבן קיינמאָל ניט אויפגעגעבן זייער אָרעמע עקזיסטענץ, האָבן אין די צייטונגען קיין שום אָפּקלאַנג ניט געפונען. אַפילו די רוסישע פּרעסע האָט דעם רייכן פיל־פאַרצווייגטן רוסישן טעאַטער אויסגעטיילט אַ גאַנץ באַשיידענעם ווינקל, ערגעץ הינטער אַלע וויכטיקע פּאָליטישע אַרטיקלען. נאָר דאָ, אין דער ניו־יאָרקער יידישער פּרעסע, האָט דאָס טעאַטער פאַרנומען אַ חשובן אָרט. ניט נאָר די ראַדיקאַלע צייטונגען, נאָר אויך די פרומע שול־צייטונגען, די „יאַרמלקעס“, האָבן געדרוקט טעאַטער־קריטיק און באַהאַנדלט טעאַטער־ענינים אויבנאָן, מיט גרויסע שיינענדיקע קעפּ, — הגם אין דער זעלבער צייט איז די ליטעראַטור ביי זיי געלעגן טיף אין דער ערד. דערצו איז נאָך יענער סעזאָן געווען געבענטשט מיט סענסאַציאָנעלע טעאַטראַלישע געשעענישן. קעסלער האָט אויפגעפירט שלום אַשס „גאָט פון נקמה“ — איז געוואָרן פריילעך: די ראַדיקאַלע צייטונגען האָבן די פּיעסע געשטעלט הויך, און די פרומע האָבן געשפּיגן קלעק, אַריינגעוואָרפן די פּיעסע אין חרם; האָט די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ פאַררופן אַ פּראָטעסט־מיטינג קעגן די פינצטערע צבועקעס. עס זענען אויך געקומען געהויבענע טעאַטער־געסט פון רוסלאַנד: קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ מיט איר טרופּע און שאַליאַפּין. שאַליאַפּינען האָט סאַפּירשטיינס צייטונג באַלד מכבד געווען מיטן נאָמען „קאַצאַפּ“, און קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ, וואָס האָט אויף בראָדוויי געהאַט אַ פינאַנציעלן דורכפאַל, איז אַריבער אין אַ יידישן טעאַטער אויף דער איסט־סאַיד — און ביי דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ איז געווען יום־טוב. נאָר אויך אויף דער איסט־סאַיד איז דאָס טעאַטער געווען פּוסטלעך, דערפאַר האָט דער

שיטערער עולם גוט געקאָנט זען, ווי אַזוי גאָרדין מיט זיינע פריינד טראָגן אַנטקעגן דער גרויסער רוסישער קינסטלערין מיט טיפער הכנעה זייערע הייסע אַפּלאָדיסמענטן.

דערווייל בין איך געזעסן אין בראָנזוויל און מיט גרויס ערנסט געשריבן פאַר אַדלערן אַ דראַמע. שלום־עליכם האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט ער מיך געוואָרנט אין אַ בריוו אויף העברעאיש: „דו זאָלסט ניט פּרוּוון באַשאַפן פאַר אים דיינע אַ דראַמע, וואָרעם עס וועט דיר ניט געלינגען אויף דעם דאָזיקן וועג (פון זייער שטאַנדפּונקט), און דו וועסט נאָר פאַרלירן דיין צייט אומזיסט"... איך האָב מיך אָבער ניט צוגעהערט צו שלום־עליכמס ווערטער, ווייל אַדלער אַליין, זעענדיק מיך פון צייט צו צייט ביי זיך אין טעאַטער, האָט יעדן מאָל מיך געמונטערט מיט אַ וואַרעמען סודותדיקן שמייכל: „נו, וואָס הערט זיך, טאַטעלע? איר שרייבט, איר שרייבט?"... ער איז דעמאָלט געווען אין אַ געדריקטער שטימונג. גאָרדין האָט אים געגעבן זיין דראַמע „אָן אַ היים" — איז אים ניט געפעלן געוואָרן די ראָל, וואָס גאָרדין האָט פאַר אים אָנגע־שריבן, און ער האָט אין דער דראַמע ניט געשפּילט. ער האָט זיך צוגע־זעצט צו מיר אין דער „באָקס" און האָט געזיפצט: „גוואַלד, אַלע שפּילן, נאָר איך אַליין גיי אַרום פּוסטעפּאַס צוליב אָט דעם רוצח!... ווו האַלט איר אין אייער פּיעסע? אפשר קאָן מען שוין עפּעס לייענען?"...

קיין סך צו לייענען האָב איך נאָך ניט געהאַט. איז מיר איינגע־פאַלן, איך זאָל אים דערציילן אויספירלעך דעם אינהאַלט פון מיין פּיעסע, וואָס איז שוין ביי מיר געווען אויסגעאַרבעט מיט אַלע איינצלהייטן, — וועל איך טאַקע וויסן, צי עס לוינט זיך מיר ווייטער צו אַרבעטן. אַדלער איז אויף דעם איינגעגאַנגען, האָט מיך פאַרבעטן אין אַ פרייען נאָכ־מיטאָג צו זיך אַהיים, אַליין געגעסן פרישטיק און מיך מכבד געווען מיט ליקער, און איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

מיין דראַמע האָט געזאָלט הייסן: „ווען מע האַקט דעם וואַלד" (אַדלער האָט זיך אַ קרים געטאָן: „דער נאָמען טויג אויף כפּרות!"). און די האַנדלונג האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין דעם הויז פון אַ

אָנגעזועגעם ליטווישן רב. דער רב גרינדעט ביי זיך אין שטאָט אַ גרויסע ישיבה, אויפצוהייבן דעם געפאַלענעם גייסט פון דער תורה, פאַררופט אַן אסיפה פון חשובע באַלעבאַטים, צווישן וועלכע עס קאָכט זיך מער פון אַלעמען אַ רייכער דאַמסקי שניידער, וואָס נייט פאַר די פריצטעס פון דער סביבה. נאָר אין דער זעלבער צייט זענען דעם רבס קינדער שוין פאַרכאַפּט פון אַנדערע וועלטן: איין זון קומט צו פאָרן פון דער פרעמד אַן אָנגעשטעקטער פון דער רעוואָלוציע, ברענגט צו פירן באַ־האַלטן אין טשעמאָדאַן אַ רעוואָלווער און אַ רויט העמדל (אַדלער האָט באַמערקט: „ניט אין טשעמאָדאַן, טאַטעלע, — אויף זיך טראָגט ער דאָס רויטע העמדל, פאַלט אַריין צום טאַטן אין שטוב, טוט־אויס דעם „שינעל" און באַווייזט זיך אַ רויטער פאַר אַלע יידן — אָט בין איך!"...). אַ צווייטער זון, אַ שטילער, איז פאַרטיפט אין פילאָזאָפיע און צעפרעסן פון צווייפלונגען. אַ טאָכטער, אַ פאַרשלייערטע פאַר אַ מאַן אַ כניאָק, לייענט אין שייטל „אַנאַ קאַרענינאַ" פון טאָלסטאָי און פייניקט זיך. און דאָ איז געקומען אין שטאָט אַ רייכער וואַלד־סוחר צו האַקן דעם גרויסן וואַלד אין דער סביבה, געבראַכט מיט זיך אַ טאָכטער אַ שיינ־הייט, וואָס חברט זיך מיטן רבס טאָכטער און איז אויך אָנגעשטעקט מיטן אידעאַל פון דער רעוואָלוציע. דער רעוואָלוציאָנער מיט דער רעוואָלוציאָנערין פירן־אָן אַ באַהאַלטענע טעטיקייט צווישן די אַרבעטער אין שטאָט, פאַרכאַפּן אויך אַ טייל פון די ישיבה־בחורים, און דער זון דער פילאָזאָף פאַרליבט זיך אין דער שטיל, אָן האָפענונג, אין דעם וואַלד־סוחרס טאָכטער. דער סוף איז, אַז דער דאַמסקי שניידער, וואָס שפּילט אין שטאָט די ראָל פון אַ קאָכלעפל, אַנטפּלעקט די רעוואָלוצ־יאָנערע באַוועגונג אין דער ישיבה, דער רב פאַרטרייבט זיין געפערלעכן זון, וועלכער פירט מיט זיך אַוועק דעם סוחרס טאָכטער צוזאַמען מיט זיין שוועסטער. עס בלייבט איבער דער אומגליקלעך־פאַרליבטער זון, געפייניקט פון זיין שלים־מזלדיקן לעבן. ער האָט געהאַט אַרויסגע־גנבעט פון דעם ברודערס טשעמאָדאַן דעם רעוואָלווער — גייט ער אַוועק שבת אין וואַלד, פרוּווט זיך שיסן און פאַרוואונדעט זיך אַ האַנט. און בשעת דער פאַרביסענער אַלטער רב דרשנט פאַר זיינע ישיבה־לייט

צו „שלוש־סעודות״ וועגן „חיזוק התורה״, ברענגט אים די שטאָט צו פירן אין שטוב אַריין דעם געחלשטן געשאָסענעם זון...

אַדלער האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם אינהאַלט פון מיין ניט־אָנגעשריבענער דראַמע, פאַרטרונקען מיט אַ גלעזל ווייַן און טיף אָפּגעזיפצט.

— אַ פיין פּיעסעלע, איר האָט עס גוט דערציילט... וואָס זשע וועל איך דאָ טאָן?

— איך מיין, אַז איר וועט שפּילן דעם רב.

— געוויס דעם רב... וואָס זשע דען? אַ שניידער וועט אַדלער שפּילן?... אָבער וואָס וועל איך טאָן אויף דער בינע? „דאַווענען״? זאָגן תהילים?

— רבנים זאָגן ניט קיין תהילים, — ווער איך שוין אַ ביסל ברוגז — תהילים זאָגן עם־הארצים!... איר וועט דאָ האָבן אַ טראַגישע ראָל.

— וואָס טויג מיר די טראַגישע ראָל, אַז איך האָב דאָ ניט וואָס צו טאָן? אַלע וועלן זיין ביזי: איינער וועט מאַכן אַ רעוואָליוציע, אַ צווייטער וועט אויפדעקן די רעוואָליוציע, אַ דריטער וועט זיך שיסן, — נאָר איך, אַדלער, וועל מיך אומדרייען אויף דער בינע פּוסטעפּאַס...

— ווילט איר אפשר, איך זאָל מאַכן, אַז דער אַלטער רב אַליין זאָל אַוועקגיין אין וואַלד זיך שיסן?...

— ניין, טאַטעלע, איך וויל שוין גאָרנישט. איך וויל נאָר אַ פּיעסע פאַר אַדלערן. קאָנט איר אָנשרייבן אַ פּיעסע פאַר אַדלערן — וועל איך אייך גוט באַצאָלן...

איך בין אַוועק פון אַדלערס הויז מיטן געדאַנק, אַז מע מעג זיך צוהערן צו שלום־עליכמס ווערטער...

ו

# „וווהין?"

איך האָב מיך אומזיסט געשראָקן, נאָכדעם ווי איך האָב שוין אַ ביסל געקענט אַדלערן, אַז ער וועט די בשורה וועגן שלום־עליכמס אַ נייער פּיעסע „מיט אַ אידייע" אויפנעמען קאַלט. אַדרבה, ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט שלום־עליכמס רוסישן בריוו, וואָס איך האָב אים פאָרגעלייענט, פאַר גרויס שמחה געהייסן זיין שטוב־מיידל דערלאַנגען וויין, מיר ליבלעך געפּאַטשט אין פּלייצע און פאַרזיכערט, אַז ניט נאָר שלום־עליכם, נאָר אויך איך וועל נאָך שרייבן פאַר אים פּיעסעס, וואָרעם אָט דער רוצח גאָרדין דערגייט אים די לעבער! אַך, ווען שלום־עליכם זאָל אַצינד זיין אין ניו־יאָרק, וואָלט ער אונדז ביידן, אים און מיר, איבערגעגעבן דאָס טעאַטער, מיר זאָלן זיצן און שרייבן... זיך צוקוקן צו גאָרדינען און שאַפן אַ נייעם רעפּערטואַר... ער איז געווען גערירט פון שלום־עליכמס פריינדשאַפט און פון שלום־עליכמס קאָמפּלימענטן, כאָטש אין דעם זעלבן בריוו האָט אים שלום־עליכם פירגעהאַלטן, אַז ער, אַדלער, איז זיך מיט אים פאָריקן זומער באַגאַנגען ניט מעשה פריינד: ער האָט אויף אים אָנגערעדט שלעכטס פאַר די באַלעבאַטים פונעם „טאַגעבלאַט" און אים דערמיט געטאָן גרויס שאָדן. אַדלער איז אַזש אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל: דאָס האָבן שונאים אויסגעטראַכט, אום צו מאַכן אַ בייז לעבן צווישן אים מיט שלום־עליכמען! ער האָט גענוג שונאים און פּליאָטקע־טרייבערס אַרום טעאַטער... ווי אַזוי האָט ער גאָר געקאָנט אַרויסלאָזן פון זיין מויל אַ שלעכט וואָרט וועגן שלום־עליכמען, ווען ער האַלט שטענדיק אין איין טענהן מיט זיינע מענטשן, אַז שלום־עליכם איז די ליבסטע און פריינדלעכסטע פּערזאָן צווישן אַלע גרויסע שרייבער? ווי אַזוי קאָן מען גאָר פאַרגלייכן שלום־עליכמען

מיט אָט דעם רוצח גאַרדין מיטן שטעקן?... אַ שאָד נאָר, וואָס שלום־עליכם האָט אין זיינע טעאַטער־שטיק ווייניק האַנדלונג!... ער האָט זיך אַזוי צעוואַרעמט, אַז ער האָט גענומען אַ בויגן פּאַפּיר, לאַנג גערדרייט איבער אים מיט דער פּען אין דער לופטן און ענדלעך אים באַדעקט מיט זיינע גרויסע געפלאָכטענע אותיות — ער האָט אָנגעשריבן שלום־עליכמען אַ הייסן ליבע־בריוו, אַז ער וואַרט, ער וואַרט מיט אומגעדולד אויף דער פּרוכט פון זיין גאָלדענער פּעדער!...

דערווייל האָט די נויט פאַרטריבן שלום־עליכמען אין בערלין אויף עטלעכע חדשים. געפאָרן איז ער אַהין אויף אַ פאָרלעזונג, נאָר אין זינען האָט ער געהאַט עפּעס אַנדערש. אין יענע טעג האָט בערלין אָנגע־הויבן ביסלעכווייז צו ווערן אַ צוזאַמענגאַנג־פונקט פאַר יידישע שרייבער און כלל־טוער פון רוסלאַנד, וואָס פלעגן פון צייט צו צייט קומען אַהין איבערכאַפּן דעם אָטעם פון דער שווערער לופט אין דער רוסישער רעאַקציע. דאָס בערלינער קאַפע־הויז „מאָנאָפּאָל" איז געוואָרן אַ מין יידיש־ליטעראַריש־אַרטיסטישע „קיבעצאַרניע", ווו עס האָבן זיך צוזאַמענ־געטראָפן צוויי וועלטן — אָסט־יידן און יידן־דייטשן (צום מיינסטן „דייטשן" פון ריין־גאַליצישער אָפּשטאַמונג). צו דער דאָזיקער דער־נעענטערונג פון ביידע ראַסן האָט מיטגעהאָלפן טיילווייז דער ציוניזם, וואָס האָט פאַרברידערט אונטער איין אידייע דעם מזרח מיטן מערב, און טיילווייז — דער וווּקס פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט געוועקט אינטערעס ביי אַ געוויסער גרופּע יידיש־דייטשע שריפטשטעלער מיט אַ ניי־חסידישער באַפאַרבונג. עס איז געעפנט גע־וואָרן אַ טיר פאַר דער יידישער דראַמע אינעם דייטשן טעאַטער (דורך שלום אַשס „גאָט פון נקמה"), און ניט איין יידישער שרייבער האָט דעמאָלט געחלומט פון דער דאָזיקער געעפנטער טיר, ווי פון אַ דורכגאַנג אין דער גרויסער וועלט אַריין. אויך שלום־עליכם, וואָס האָט דער ערשטער געהאַט אַזאַ פּראָבע אויף דער פּוילישער בינע מיט זיין „צעזייט און צעשפּרייט", האָט זיך אָנגעצונדן מיטן זעלבן חלום. ער האָט אין בערלין געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט די ליטעראַריש־אַרטיסטישע קרייזן (דורך מאַרטין בובער און רודאָלף שילדקרויט), און זיין נייע פּיעסע,

וואָס ער האָט צוגעזאָגט אַדלערן, האָט ער אויך ערנסט געגרייט דורכ־צופירן אויף דער דייטשער בינע.

לכתחילה האָב איך דערפון ניט געוווּסט (הגם אין שלום־עליכמס בריוו, וואָס איך האָב באַדאַרפט פאַרלייענען פאַר אַדלערן און קעסלערן, איז געווען אַ „דיפּלאָמאַטישער״ ווונק, אַז די פּיעסע וועט איבערגעזעצט אויף רוסיש און אויף דייטש), און איך האָב מיך אַלץ געוווּנדערט, וואָס שלום־עליכם ענטפערט ניט אַזוי לאַנג אויף אַדלערס בריוו און שיקט ניט צו די צוגעזאָגטע פּיעסע, אויף וועלכער אַדלער האָט שוין אויס־געקוקט די אויגן. ערשט נאָך אַ פאַרלויף פון היפּשע עטלעכע וואָכן האָב איך אָנגעהויבן באַקומען פון שלום־עליכמען ידיעות, אַז זיין נייע פּיעסע מיטן נאָמען „וווהין?״ (אַ דראַמע אין פיר אַקטן, פינף בילדער) וועט איבערגעזעצט אויף דייטש, און אַזוי גיך ווי דאָס מאַנוסקריפּט וועט פריי ווערן פונעם דייטשן איבערזעצער, וועט ער עס מיר צושיקן פאַר אַדלערן. און עס האָט שוין טאַקע ניט גענומען קיין סך, ביז איך האָב די פּיעסע באַקומען, און איך האָב מיך אויף איר אַרויפגעוואָרפן אין העכסטער נייגעריקייט.

איך געדענק שוין איצט ניט קלאָר דעם סוזשעט פון „וווהין״ — ס'איז אַ געשיכטע פון יאָרן צוריק, און די שפּעטערדיקע פּיעסעס פון שלום־עליכמען האָבן אינגאַנצן פאַרטונקלט יענע פּיעסע. איך געדענק נאָר, אַז וואָס ווייטער איך האָב מיך פאַרטיפט אין לייענען, אַלץ מער איז געוואַקסן מיין אַנטוישונג. עס האָט זיך דאָ ווידער געהאַנדלט וועגן אַ טראַגישן יונגן ציוניסט, אַן אויסגעשטודירטן זון פון אַ מלמד (ד״ר לעווינסאָן איז געווען זיין נאָמען), וואָס ווערט ניט פאַרשטאַנען פון די קליינע מענטשעלעך פון זיין סביבה און ענדיקט זיין לעבן טראַגיש — אַן אָפּקלאַנג פון שלום־עליכמס פריערדיקער ציוניסטישער דראַמע „דויד בן דויד״, וואָס אַדלער האָט אין לאָנדאָן פאַרבראַקירט. עס האָט זיך נאָר געפילט, אַז אין דער דאָזיקער נייער דראַמע האָט שלום־עליכם גענומען אַ מער געהויבענעם טאָן, מער צוגעפּאַסט צו די באַגריפן פון אַן אינטע־ליגענטן עולם. דערצו איז דער דיאַלאָג געווען פרייער, ווי אין „דויד בן דויד״ (שוין מיט געוויינלעכער, ניט־ריטמישער פּראָזע). די דראַמע

איז אויך געווען נײַ לגבי שלום־עליכמען דערמיט, וואָס אין איר איז אָנגערירט געוואָרן די גייסטיקע באַדנלאָזיקייט פון דער יידישער יוגנט: אַחוץ דעם יונגן ציוניסטישן הויפּט־העלד ד״ר לעווינסאָן, וואָס האָט געטענהט: „וווּהין זאָל גיין דאָס יידישע פאָלק?״, איז דאָ אויך אַרויס־געטראָטן אַ יונגע הויפּט־העלדין סאַראַ, אַ געשטודירטע טאָכטער פון אַ חזן, מיט אַ פאַרנעבלטער צעריסענער אינטעליגענטער נשמה, וואָס האָט אין דער שטיל געפרעגט: „וווּהין זאָל גיין דער איינזאַמער מענטש?״ — און אַז זי האָט ניט באַקומען אויף דעם קיין ענטפער, האָט זי זיך געסמט... נאָר דווקא אין דער דאָזיקער נײַקייט האָט גע־שטעקט שלום־עליכמס שוואַכקייט: וואָרעם אין דער צייט, וואָס פאַר דער אַלטער יידישער וועלט מיט אירע ליידן און פריידן האָט ער פאַר־מאָגט די אמתע נאַטירלעכע שפּראַך, וואָס האָט זיך געגאָסן גלייך פונעם האַרצן, האָט ער פאַר דער יוגנט מיט אירע איבערלעבונגען באַנוצט די אויסגעלייענטע פובליציסטישע פּראַזעאָלאָגיע, וואָס האָט געקלונגען מער ווי רעדנערײַ, איידער ווי דורכגעפילטער דראַמאַטישער מאָנאָלאָג. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער פּיעסע האָבן אויך ניט געפעלט עכטע שלום־עליכמדיקע טיפּן פון דער אַלטער וועלט. דערהויפּט געדענקט זיך דעם העלדס אַ שוועסטער מיטן נאָמען אידעס (יהודית), אַ פּראַקטישע יידענע, אַן „אשת־חיל״, וואָס האָט געשטופּט איר ברודער, דעם „דאָקטאָר פילאָ־זאָף״, אין די „הויכע פענצטער״, מיט דער האָפענונג אָפּצורייסן אים פון דעם חזנס טאָכטער און פאַרקנסן אים מיט אַ רייכער כלה. עס זענען אויך געווען איינצעלנע פיין־אויסגעאָסענע מאָנאָלאָגן און סצענעס. נאָר די פײַנע איינצעלהייטן האָבן דאָ אויסגעזען ווי אָפּגעטיילטע רינגען פאַר זיך און האָבן זיך ניט צוזאַמענגעפלאָכטן אין איין געקייטלטער דראַ־מאַטישער האַנדלונג. פון דער ציוניסטישער אידייע, מיט וועלכער די דראַמע איז געווען אונטערגעשלאָגן, האָט מען ווידער געקאָנט זען דײַטלעך, אַז שלום־עליכם זוכט נאָך אַלץ אין דעם יידישן לעבן גע־הויבענעם שטאָף פאַר אַ דראַמאַטישן העלד, און קאָן ניט געפינען קיין אַנדער זאַך, אויסער די אייביקע יידישע גלות־טראַגעדיע. און אפשר האָט דאָ נאָך צוגעשפּילט דער חלום, אַז די פּיעסע וועט גיין אויף דער

דייטשער (און אויך רוסישער) בינע, און מע האָט באַדאַרפט ווייזן דער פרעמדער וועלט אַ געהויבענע יידיש־נאַציאָנאַלע דראַמע מיט געהויבענע נאַציאָנאַלע טיפּן?...

אַזוי צי אַזוי, נאָר נאָכן דורכלייענען די דראַמע בין איך געווען זייער באַטריבט. איך האָב געפילט, אַז מיט דער דראַמע וועט צעשטערט ווערן נאָך איין חלום פון שלום־עליכמס חלומות. מער פון אַלץ בין איך געווען זיכער, אַז דאָס איז ניט קיין פּיעסע פאַר אַדלערן. און מער פון אַלץ האָט מיך באַאומרואיקט, טאָמער וועט דאָ אַדלער דערקענען דעם גלגול פון „דויד בן דויד". איך האָב שוין געטראַכט: אפשר איז גלייכער איך זאָל אַדלערן די פּיעסע אינגאַנצן ניט ווייזן?... גראָד איז אַדלער דעמאָלט קראַנק געוואָרן, און איך האָב אים עטלעכע וואָכן סייווי ניט געקאָנט זען. האָב איך מיך דערמיט באַנוצט און אָנגעשריבן שלום־עליכמען מיין אייגענע מיינונג וועגן „וווהין", כדי צוצוגרייטן אים צום זיכערן דורכפאַל ביי אַדלערן. דערווייל זענען געלאָפן צו מיר יעדן טאָג אומרואיקע בריו פון שלום־עליכמען: צי האָב איך שוין באַקומען די פּיעסע? צי האָב איך זי געלייענט פאַר אַדלערן? און אויב אַדלער וויל ניט די פּיעסע, צי בין איך געגאַנגען מיט איר צו קעסלערן?... און פון דער שווייץ האָט מען מיר אין דער זעלבער צייט געשריבן העכסט־טרויעריקע זאַכן: אַז סיי די פאַמיליע אין זשענעווע, סיי שלום־עליכם אין בערלין זיצן שוין לאַנג אָן אַ סאַנטים. און אינמיטן באַקום איך פון שלום־עליכמען אַ בריוו, אַז ער שרייבט און האַלט אין פאַרענדיקן אַ נייע פּיעסע, אַ קאָמעדיע מיטן נאָמען „דער אוצר", וואָס דאָס וועט זיכער זיין אַ „כפתור ופרח" (אַן אַנטיקל)!... פון דער דאָזיקער לעצטער ידיעה בין איך געוואָרן אי מטושטש, אי פריילעכער. וואָס זאָל דאָס באַדייטן? צי מיינט דאָס ניט, אַז שלום־עליכם אַליין איז ניט צופרידן מיט זיין דראַמע „וווהין", און דעריבער האָט ער זיך גענומען שרייבן עפּעס בעסערס?...

אָנגעלאָדן פון איין זייט מיט שלום־עליכמס נייער דראַמע, און פון דער אַנדערער זייט מיט זיין בשורה וועגן אַ נייער קאָמעדיע, בין איך געקומען צו אַדלערן מיט צעטיילטע געפילן צווישן פאַרצווייפלונג און

האָפענונג. איצטיקס מאָל האָט מיך אַדלער אויפגענומען גאָר מיט אָפענע אָרעמס: גאָט אַליין האָט מיך אַצינד געבראַכט! גראָד געפינט ער זיך די לעצטע טעג אין זייער אַ מיאוסער לאַגע. איך האָב שוין מסתמא געהערט פון זיין אומגליק. יעקב גאָרדין האָט אים געגעבן אַ צווייטע פּיעסע, „גלות גאַליציען”, אין וועלכער ער האָט ווידער ניט געפונען פאַר זיך קיין ראָל (ער האָט די ראָל אַוועקגעשענקט מאָשקאָוויטשען) — און די פּיעסע איז גלייך דורכגעפאַלן. איצט בלייבט אים איבער נאָר צושליסן דאָס טעאַטער. זאָל כאָטש גאָט רחמנות האָבן, שלום־עליכמס פּיעסע זאָל זיין עפּעס אַ רעכטע צאַצקעלע!... נו? וועלן מיר זיך טאַקע גלייך נעמען צו דער אַרבעט — לייענען די פּיעסע! צי אפשר וויל איך פריער אַ גלעזעלע אויסלענדישן, אמתן „זאַגראַניטשנעם” פּאָרט־וויין, אָדער אַ קאַפּעלע גוטן ליקער, וועט זיך מיר געשמאַקער לייענען?...

און דער אַלט־יונגער אַדלער, אַ גוטער, אַ ווייכער, אַ סאַמעטענער, מיט אַ באַזונדערן יום־טובדיקן ברען אין די שיינע אַקטיאָרישע אויגן, האָט זיך אַוועקגעזעצט אַקעגן מיר, גרייט אויסצוהערן שלום־עליכמס נייע פּיעסע. קודם כל האָט ער אָנגעטאָן די ברילן און גענומען אין די הענט אַריין שלום־עליכמס פּראַכטפולן דיקן מאַנוסקריפּט, געשריבן אויפן בעסטן פּאַפּיר, וואָס מע האָט געקאָנט קריגן אין בערלין, געשפּיגלט זיך אינעם געצאַצקעטן שער־בלאַט מיט די גרויסע געכתיבעטע אותיות, אַריינגעקוקט אינעם טעקסט מיט די ליכטיקע עלעגאַנטע שורות, מיט די קלאָרע, געפּערלטע, חנעוודיקע פריילעכע אותיותלעך, און אַ זאָג געטאָן מיט אַ וואַרעמען שמייכל פון אמתער פאַרליבטקייט: „שלום־עליכמס הענטעלע! אַי, האָט ער אַ גאָלדן הענטעלע מיט אַ גאָלדענער שפּראַך! גאָט זאָל נאָר רחמנות האָבן, ס'זאָל זיין עפּעס אין דער פּיעסע האַנדלונג!”... דערנאָך האָט ער מיר איבערגעגעבן דאָס מאַנוסקריפּט מיט אַ צערטלעכן אויסדרוק אויף דעם יום־טובדיק באַלויכטענעם פּנים: „נו, אין אַ גוטער, אין אַ מזלדיקער שעה — הייבט־אָן!”

אויפגעמונטערט פון אַדלערס וואַרעמקייט, האָב איך גענומען לייענען די פּיעסע שוין אין אַ געהויבענער שטימונג און האָב זיך געפלייסט, ווי ווייט מיין טאַלאַנט האָט געגרייכט, גוט צו אינטאָנירן די ווערטער און

צו שטעלן דעם ריכטיקן טראָפּ. עס האָט מיך פּלוצעם באַפאַלן אַ האָפענונג: ווער ווייסט — אפשר וועט טאַקע גאָט רחמנות האָבן?... דערביי האָב איך פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ בליק אויף מיין צוהערער. געוואָלט כאַפּן דעם איינדרוק, וואָס די פּיעסע מאַכט אויף אים. אַדלער איז געזעסן ביים טיש, אָנגעשפּאַרט מיטן פּנים אויףביידע הענט, די ערשטע צייט געהאָרכט אויפמערקזאַם־קאָנצענטרירט, מיט אַ פאַרב אין די באַקן און אַ וואַרעמען פאַרנעבלטן שיין אין די שמייכלענדיקע אויגן, ביי יעדן געלונגענעם מאָנאָלאָג, דערהויפּט פון די אַלט־וועלטלעכע פערסאָנאַזשן, אויסגערופן: „אַי, שרייבט ער! אַי, ריידן ביי אים יידעלעך!״... וואָס ווייטער, איז אָבער דער שיין אין זיינע אויגן אַלץ טונקעלער געוואָרן, די באַגייסטערטע אויסרופן האָבן זיך מער ניט געלאָזט הערן, און אַז איך האָב געענדיקט לייענען דעם ערשטן אַקט, איז ער געזעסן אַ ווײַלע אַ שווייגנדיקער, שוין אַ פרעמדער, די אויגן האָבן באַקומען אַ קילן כיטרען גלאַנץ, ווי ביי אַ פאַרטייעטן רויב־פויגל, און ער האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ ווייטן, פרעמדלעכן טאָן: „נו, אויב איר זענט ניט מיד, וועלן מיר הערן, וואָס זאָגט ער אונדז אין דעם צווייטן אַקט״...

פון דעסטוועגן האָב איך פריי אָפּגעאָטעמט: ער האָט מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן „דויד בן דויד״. אַפּנים, ער האָט די גאַנצע געשיכטע שוין לאַנג פאַרגעסן?...

מיטן צווייטן און מיטן דריטן אַקט איז עס געגאַנגען נאָך ערגער: איך האָב אין אַדלערס פּנים געזען אַ פולשטענדיקע גלייכגילטיקייט. די שטימונג איז ביי מיר געפאַלן, איך האָב שוין מער ניט געהערט וואָס איך לייען, איך האָב נאָר געטראַכט דערפון, ווי ווייט און פרעמד עס דאַרפן קלינגען די געהויבענע ציוניסטישע מאָנאָלאָגן פון שלום־עליכמס טראַגישן העלד אין די אויערן פון דעם אַלטן אויסגעכאָוועטן „אַקטיאָר־קראַסאַוועץ״ מיטן פרעמדן כיטרען גלאַנץ אין די אויגן, וואָס קוקן פון גאָר אַן אַנדער וועלט. איך האָב מיט אַ מאָל פיינלעך דערפילט דעם תהום צווישן דעם יידישן שרייבער און דעם יידישן אַקטיאָר, און עס האָט מיך באַשלאָגן אַ קאַלטער אַנגסט... ביים פערטן אַקט האָט מיר אַדלער געזאָגט, אַז מסתמא בין איך שוין רעכט מיד — קאָן איך אים דעם

סוף נאָר דערציילן, וועט ער שוין וויסן. און אַז איך בין פאַרטיק געוואָרן, האָט ער זיך אויפגעהויבן און טיף אָפּגעזיפצט:

— געוויס איז שלום־עליכם אַ גרויסער שרייבער... אַ שאָד, אַ שאָד, איך דאַרף אַזוי נייטיק האָבן אַ פּיעסע!...

מער האָב איך פון אים ניט באַדאַרפט הערן. איך האָב שטיל אײַנגעפּאַקט דאָס מאַנוסקריפּט און בין שוין גרייט געווען אַוועקצוגיין. נאָר פאַרן אַוועקגיין האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז דערמיט ווערט איבערגעריסן שלום־עליכמס לעצטע האָפענונג אין אַזאַ ביטערער צייט, — האָב איך ביים געזעגענען זיך אַ זאָג געטאָן אַדלערן, אַז שלום־עליכם האַלט איצט אין פאַרענדיקן אַ נייע פּיעסע, אַ קאָמעדיע מיטן נאָמען „דער אוצר".

דאָס האָט געווירקט. אַדלער איז מיט אַ מאָל ווידער געוואָרן אויפגעלעבט.

— אַזוי? אַ קאָמעדיע? שלום־עליכמס אַ נייע קאָמעדיע? הערט נאָר, טאַטעלע, וואָס זשע האָט איר געשוויגן?... און וואָס אײַלט איר זיך אַזוי אַוועקצוגיין? זיצט נאָך אַ קאַפּעלע. מיר האָבן דאָך מיט אײַך גאָרניט געשמועסט וועגן דער דראַמע!... ווי אַזוי הייסט די קאָמעדיע — „דער אוצר"? אַ גאָלדענער נאָמען!...

און אַדלער האָט מיך ווידער אַוועקגעזעצט און גענומען אַנטוויקלען אַ פּלאַן, ווי אַזוי שלום־עליכם דאַרף איבערמאַכן זיין דראַמע „וווּהין", — נאָר מיט אַ תנאי, אַז איבערמאַכן זאָל ער זי פאַר אים, ניט פאַר קיין אַנדערן. און דערהויפּט זאָל איך ניט גיין אין אַן אַנדער טעאַטער מיטן „אוצר"... שלום־עליכם ווייסט, אַז זיינע אַ קאָמעדיע קאָן שפּילן נאָר ער, אַדלער. אַז ער האָט געשפּילט דעם „אויסוווּרף", האָט דאָס טעאַטער געקראַכט פון געלעכטער!... ווען שלום־עליכם איז אַצינדערט דאָ, וואָלט מען אויך דעם „אויסוווּרף" געקאָנט באַנייען — ער האָט פאַר אים אַ שפּאָגל־נייעם פּלאַן, גאָר אַן אַנטיק... נאָר לאָמיר דערווייל ריידן וועגן דער היינטיקער פּיעסע „וווּהין"... „וווּהין" איז ניט קיין נאָמען פאַר אַ פּיעסע — וואָס וווּהין? וועד וווּהין? ווי קומט צו שלום־עליכמען אַזאַ טויטער נאָמען?... אָט האָט דער יונגערמאַן, דער שלום אַש, אַ נאָמען

געגעבן זיין פּיעסע „גאָט פון נקמה" — זעט איר, וואָס סע טוט זיך?... פון דעסטוועגן מעג איך שרייבן שלום־עליכמען, אַז די נייע פּיעסע איז אים סצעניש דווקא געלונגען מער ווי די פריערדיקע... עס זענען פאַראַן עטלעכע פיינע „כאַראַקטערע", וואָס קאָנען אויסגעאַרבעט ווערן אין שטאַרקע דראַמאַטישע ראָלן... די צרה איז נאָר, וואָס זיי ריידן דאָ כמעט יעדער איינער פאַר זיך, עס זענען ניטאָ קיין קאָנפליקטן, עס איז שוואַך אַנטוויקלט די ליבע... ליבע אויף דער בינע דאַרף ברענען און בראָטן, דער עולם זאָל זיך אָנצינדן... מע באַדאַרף זען, אַז דאָס געבילדעטע מיידל, די „באַרישניע", איז שטערבלעך פאַרליבט אין דעם משוגענעם דאָקטאָר, דעם ציוניסט! און פאַרוואָס זאָל דער דאָקטאָר זיין דווקא אַ ציוניסט? ער קאָן דאָך זיין גלאַט אַזוי אַ דאָקטאָר. אַ ציוניסט שפּילט איצט טאָמאַשעווסקי אין גאָלדפאַדנס נייער אָפּערעטע „בן־עמי", — וויל ער ניט גיין קאָנקורירן מיט טאָמאַשעווסקין... אַ פיינער כאַראַקטער איז דעם דאָקטאָרס פאָטער, דער מלמד מיט דער אַסטמאַ, נאָר מע דאַרף אים דורכפירן אין אַלע אַקטן, ניט נאָר אין דעם ערשטן אַקט, און מע דאַרף ביי אים אויך אַוועקנעמען די אַסטמאַ. אַ מלמד מיט אַן אַסטמאַ איז שוין געווען אויף דער יידישער בינע אין גאָרדינס אַ פּיעסע... אויך אידעס איז אַ פיינער כאַראַקטער פון אַ יידענע. ווען שלום־עליכם פאָלגט אים און גיט אין דער פּיעסע נאָר זיינע יידן מיט זיינע יידענעס, און שמייסט אַרויס צו אַלע טייוואָלים די דאָקטוירים די יאָלדן מיט זייערע רייד!... נאָר די הויפּטזאַך איז „דער אוצר"... אַ קאָמעדיע! שלום־עליכם דאַרף שרייבן קאָמעדיעס! ווען שלום־עליכם גיט אים היינט צו טאָג די אמתע קאָמעדיע, וואָס ער מיינט, באַצאָלט ער אים גלייך מזומן קעש פינף טויזנט דאָלער!... איז וואָס זשע בלייבט, טאַטעלע, — גיב איך אים דאָס וואָרט, אַז איך ועל מיטן „אוצר" מירצעשעם קומען גלייך צו אים?...

איך בין געווען צופרידן, וואָס איך גיי אַוועק פון אַדלערן כאָטש מיט עפּעס אַ פאַרבינדונג אויף ווייטער. ס'איז פאַר מיר קלאָר געווען, אַז די דראַמע וועט אַדלער סיי ווי ניט שפּילן, אַפילו אין אַן איבערגעמאַכטער פאָרם. נאָר שלום־עליכם האָט פון מיר פאַרלאַנגט אַ פולן באַריכט פון

מיינע אונטערהאַנדלונגען מיט אַדלערן, האָב איך אים איבערגעגעבן אַדלערס „פּלאַן" שטאַרק סטיליזירט, מיט מיין אייגענער באַלייכטונג. שלום־עליכם האָט אָבער וועגן דער דראַמע „וווהין" שוין מער ניט דערמאָנט אין זיינע וויטערדיקע בריוו — ניט וועגן דעם יידישן טעקסט און ניט וועגן דער דייטשער איבערזעצונג, וואָס ער האָט געלאָזט מאַכן אין בערלין. וואָס מיט יענער דראַמע איז געוואָרן — האָב איך יאָרן־לאַנג ניט געוווּסט. שלום־עליכם האָט פון איר נאָכדעם קיינמאָל ניט גערעדט, און צווישן זיינע מאַנוסקריפּטן האָט מען זי ניט געזען.

ערשט דאָ ניט לאַנג איז מיר אויסגעקומען צו לייענען אַ קאַפּיטל זכרונות וועגן שלום־עליכמס טרויעריקע טעג אין בערלין, געשריבן פון איינעם אַ רוסיש־יידישן זשורנאַליסט מיטן נאָמען מ. טראָצקי, וואָס איז דעמאָלט געווען דער בערלינער קאָרעספּאָנדענט פון דער מאָסקווער צייטונג „רוסקאָיע סלאָוואָ", און פון די דאָזיקע זכרונות בין איך דערגאַנגען, וואָס ס'איז יענעם ווינטער געשען מיט דער דראַמע „וווהין". און כאָטש דער שרייבער פון די זכרונות האָט אַרויסבאַוויזן אַ שוואַכן זכרון וועגן דער כראָנאָלאָגיע פון דער געשיכטע (ער האָט סך הכל פאַרמישט ווינטער 1908 מיט ווינטער 1913), איז אָבער צו זען, אַז די איבערגעגעבענע געשיכטע אַליין איז ניט ווייט פונעם אמת. לויט ווי יענער זשורנאַליסט דערציילט, האָט ער אין אַ ווינטערדיקן אָוונט באַגלייט שלום־עליכמען אינעם הויז פון מאַרטין בובער, וווהין אַ געזעלשאַפט פון דייטשע שרייבער און אַרטיסטן איז איינגעלאַדן געוואָרן אויסצוהערן שלום־עליכמס דראַמע. שלום־עליכם איז געווען שטאַרק אויפגעלעבט און האָט געגלייבט, אַז זיין דראַמע וועט ביי די דייטשן אויסנעמען. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז נאָך די פאָרגעלייענטע ערשטע צוויי אַקטן, בשעת דער עולם איז פאַרבעטן געוואָרן צו טיי, האָבן די דייטשן מיט שלום־עליכמען גערעדט פון אַלצדינג אין דער וועלט, נאָר ניט פון זיין דראַמע. שלום־עליכם האָט דאָס אויפגענומען ווי אַ העפלעכע אָנצוהערעניש, אַז זיין ווערק האָט ניט פאַראינטערעסירט, און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו לייענען ווייטער. ער איז אַוועק אַן אויפגערעגטער און אַ נידערגעשלאָגענער צו זיך אין האָטעל און האָט די דראַמע גלייך פאַרברענט...

הייסט עס — אַז „וווהין״ האָט געהאַט דעם זעלבן גורל, וואָס „דויד בן דויד״...

פון שלום־עליכמס בריוו האָב איך דעמאָלט ניט געפילט, אַז ער האָט איבערגעלעבט אַזאַ אַנטוישונג, און איך האָב די דראַמע „וווהין״ גיך פאַרגעסן. וואָרעם גלייך נאָכדעם איז מיר אָנגעקומען „דער אוצר״, וואָס איז באמת געווען אַ „כפתור ופרח״ און האָט פאַרשאַפט מיר אַ סך אַרבעט און לויפעניש איבער אַלע יידישע טעאַטערס אין ניו־יאָרק, און שלום־עליכמען — אַ סך עגמת־נפש.

ז

## שלום־עליכמס „פאַרלעגער“

זיין קאָמעדיע „דער אוצר“ האָט שלום־עליכם געשריבן אין בערלין ביי אַזעלכע אומשטענדן, ביי וועלכע עס איז גאָרניט צו גלייכן, אַז אַ שרייבער זאָל זיך קאָנען קאָנצענטרירן אויף אַן ערנסטער אַרבעט. ניט אומזיסט האָט ער זיך אַליין באַצייכנט אין זיינע ביאָגראַפישע נאָטיצן צו י. ח. ראַווניצקין, אַז ער איז „מסוגל צו שרייבן אַפילו אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָדל און אויף אַ שאַרף פון אַ שווערט!“... אַ פאַרוואָגלטער אין גרויסער נויט פון דער היים, אַ צערודערטער פון זיין אומגעלונגענער דראַמאַטורגישער פּראָבע ביי די דייטשן, אָן אַ וועלכן־עס־איז אָנהאַלט, אָן אַ שטראַל פון האָפענונג אויף מאָרגן, — איז ער געזעסן אין אַ בערלינער האָטעל און געשריבן איינע פון זיינע העכסט־הומאָריסטישע שאַפונגען. דערצו נאָך איז ער יענע טעג געווען באַטריבט דורך אַ מיאוסער האַנדלונג פון איינעם אַ צייטונג־אַרויסגעבער, וואָס האָט אים אינגאַנצן אויפגעטרייסלט און אויפגעוועקט ביי אים אַן אַלטע וווּנד: ס׳איז געגאַנגען דאָס פינף־און־צוואַנציקסטע יאָר פון זיין פּראָדוקטיווער ליטעראַרישער אַרבעט, ער האָט ביז דעמאָלט שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט אַזויפיל ווערק, וואָס האָבן געקאָנט קלעקן פאַר אַן אויסגאַבע פון פינף און צוואַנציק בענדער, מיט די דאָזיקע ווערק האָבן זיך געקוויקט ניט נאָר די יידישע לייענער, נאָר אויך עטלעכע וואַרשעווער פאַרלעגער, וואָס האָבן פאַרכאַפּט אַ טייל פון זיי און געצויגן פאַר זיך אַ פיינע אַיינקונפט, — און נאָר ער אַליין, דער מחבר פון די ווערק, האָט דערפון ניט געהאַט אַפילו מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען.

פיר בענדער פון זיינע בעסטע שאַפונגען זענען „פאַרוואַלגערט“ געוואָרן אין דעם וואַרשעווער העברעאישן פאַרלאַג „תושיה“. ער האָט זיי מיט יאָרן צוריק געהאַט פאַרקויפט דעם פאַרלעגער בן־אביגדור בלויז

אַלס פרעמיע פאַר זיין וואָכנבלאַט „יודישע פאָלקסצייטונג״. די פרעמיע איז אין איר צייט פאַרוועגדט געוואָרן, דאָס וואָכנבלאַט איז שוין לאַנג געווען אונטערגעגאַנגען, נאָר שלום־עליכמס ווערק זענען פאַרבליבן אין פאַרלאַג „תושיה״, ווי אַ גוטער קוואַל, וואָס שעפּט זיך גאָרניט אויס. מע האָט שכל געהאַט פון דער פרעמיע־אויסגאַבע איבערצולאָזן סטערעאָטיפּן, און פון צייט צו צייט האָט מען פון די סטערעאָטיפּן „אָפּגעקלאַפּט״ נייע אויפלאַגעס, וואָס זענען זיך גאַנץ שטיל און גאַנץ פיין צעגאַנגען איבער דער יידישער וועלט. מע האָט אַזוי לאַנג „געקלאַפּט״, ביז די סטערעאָטיפּן האָבן זיך היפּש אָפּגעניצט און די ביכער זענען שוין אַרויסגעקומען אָפּגעמעקטע. אין אַ מאָמענט פון נויט פלעגט זיך שלום־עליכם דערמאָנען אָן דער דאָזיקער גזילה, וואָס שטילע, איידעלע לייט האָבן אים אַזוי שטיל און אַזוי איידל באַגזלט, און ער פלעגט זיך אויפעסן דאָס האַרץ, אַז נאָר מיט מנחם־מענדלען דערלויבט מען זיך אַזוינס צו טאָן; דער כעס פלעגט אים אָבער גיך אָפּגיין און די זאַך פלעגט ווידער פאַרגעסן ווערן.

ניט בעסער איז זיך מיט אים באַגאַנגען אַ צווייטער וואַרשעווער פאַרלעגער, מ. קרינסקי, וואָס האָט ביי אים מיט עטלעכע יאָר צוריק אָפּגעקויפט פאַר אַ שיבוש אַ טייל פון זיינע דערציילונגען און מאַנאָ־לאָגן אויף אַרויסצוגעבן זיי אין באַזונדערע העפטן, דערביי זיך מתחייב געווען צו צאָלן אים אַ געוויסן פּראָצענט פון דעם פאַרדינסט. די העפטן האָבן זיך פאַרקויפט אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּליאַרן, נאָר צו־שטעלן שלום־עליכמען אַ חשבון — דאָס האָט דער פאַרלעגער פאַרגעסן. און אַזוי ווי דאָס זענען געווען יאָרן פון רעוואָליוציע און פּאָגראָמען — האָט אויך שלום־עליכם פאַרגעסן.

נאָר ערגער פון די ביידע האָבן אים איצט באַהאַנדלט די באַלע־באַטים פון דער וואַרשעווער טעגלעכער צייטונג „אונזער לעבן״, ש. האָכבערג און זיין שווער. די דאָזיקע צוויי נייע אַרויסגעבער האָבן געהאַט ווייניק שייכות מיט גייסטיקייט און גאַנץ ווייניק פאַרשטאַנד פאַר אַ יידישער צייטונג; דערפאַר האָבן זיי פאַרמאָגט היפּשע אַפּעטיטן און אַ שטאַרקן חשק צו מעלקן אַזאַ בכבודיקע קו, ווי די יידישע פרעסע.

מיט שרייבער האָבן זיי זיך געהאַלטן זייער קליין, ווי עס פּאַסט פּאַר עם־הארצים, וואָס ציען פּרנסה פון תלמידי־חכמים; נאָר צו דער זעלבער צייט האָבן זיי געהאַט גענוג טעמפּע העזה די שרייבער צו עקספּלואַטירן, אויסכיטרעווען און אויסזייגן זיי ביז לעצט, אויפן עכטן „קאָלאַקישן" שטייגער. צו שלום־עליכמען האָבן זיי זיך דערשלאָגן דורך זיין פריינד מ. ספּעקטאָר, וואָס איז געווען זייער שותף און רעדאַקטאָר אין דער צייטונג. זיי האָבן פון שלום־עליכמען אַרויסבאַקומען דעם „מבול", האַ־נאָרירט אים מיט גאַנצע הונדערט פּופציק רובל, וואָס זיי האָבן אויסגע־צאָלט מיט אַ שטייפער קאַרגשאַפט, נאָך אַ סך דערמאָנונגען און פּאָדע־רונגען. דער „מבול", וואָס האָט ביי די יידישע לייענער אין רוסלאַנד געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן ערפאָלג, האָט געשאַפן דער נייער צייטונג אַ ברייטע פאַרשפּרייטונג. נאָר די אַרויסגעבער זענען געווען אַזוי כיטרע־פאַרזיכטיק, אַז זיי האָבן דאָס פון שלום־עליכמען פאַרבאָרגן. זיי האָבן געטאָן נאָך עפּעס: אַחוץ וואָס דער „מבול" האָט זיך געדרוקט אין זייער צייטונג כמעט אומזיסט, האָבן זיי דעם ראָמאַן אין דער שטיל אויך אַרויסגעגעבן אין סעפּאַראַטע ווערכנטלעכע העפטן, מיט וועלכע זיי האָבן פאַרפלייצט דעם יידישן ביכער־מאַרק. שלום־עליכם, וואָס האָט זיך געפונען ווייט פון וואַרשע, האָט זיך פון דעם דערוווּסט ערשט קו־מענדיק קיין בערלין. דאָס האָט אים באַזונדער איבעררראַשט, ווייל גראָד דעמאָלט האָט ער זיך געקליבן קיין קראָקע אַליין אַרויסצוגעבן דעם „מבול" העפטנווייז, אום צו שאַפן זיך כאָטש עפּעס אַן אָנהאַלט אין זיין פאַרצווייפלטער מאַטעריעלער לאַגע.

דערווייל האָט מען אין וואַרשע זיך דערוווּסט, אַז שלום־עליכם זיצט אין בערלין, און עס האָבן אָנגעהויבן קומען צו אים וואַרשעווער געסט מיט ליטעראַרישע „געשעפטן". די ערשטע זענען געקומען טאַקע די זעלבע צוויי אַרויסגעבער פון „אונזער לעבן", דער איידעם מיטן שווער. זיי זענען פאַרלאָפן דעם וועג אַן אַנדער צייטונג, וואָס האָט דעמאָלט אָנגע־הויבן דערשיינען אין וואַרשע — דעם „היינט". ביידע האָבן שלום־עליכמען אַרומגערינגלט מיט אַ סך חניפה און מיט זיסע, הכנעהדיקע רייד, אים באַרואיקט, אַז די סעפּאַראַטע העפטן פונעם „מבול" זענען

חלילה ניט געגאַנגען אין פאַרקויף, נאָר זיי זענען געטיילט געוואָרן אומזיסט צו נייע אַבאָנענטן, וואָס האָבן געוואָלט לייענען דעם אָנהייב פונעם ראָמאַן. זיי האָבן אים אויך גערופן אויף פאָרלעזונגען קיין רוס־לאַנד, צוגעזאָגט צו שטעלן צו זיינע נוצן די גאַנצע צייטונג, און גלייך געלאָזט דרוקן אין „אונזער לעבן“ פון ראובן ברייינין אַ לויב־אַרטיקל וועגן שלום־עליכמען אַלס שריפטשטעלער און פאָרלעזער. שלום־עליכם האָט באַלד תופס געווען די דאָזיקע לייט; זיי האָבן אים אָבער צוגעטראָפן אין אַזאַ געדריקטן מאָמענט, אַז ער איז גרייט געווען צו שרייבן ווייטער אין זייער צייטונג פאַר דעם קלאָגעדיקן פרייז פון פופציק רובל אַ חודש — אַבי זיי זאָלן אים גלייך אַרויסהעלפן מיט אַ מזומנעם אַוואַנס פון עטלעכע הונדערט רובל. דעם מזומנעם אַוואַנס האָט מען שלום־עליכמען ניט געגעבן גלייך, נאָר צוגעזאָגט — און די צוויי „צייטונג־קולאַקעס“ זענען אַוועקגעפאָרן פון בערלין, צופרידענע מיטן נצחון, וואָס זיי האָבן אָפּגע־האַלטן איבער זייער באַרימטן און נאַאיוון מיטאַרבעטער, וואָס שפינט פאַר זיי אַזוי ביליק דאָס גאָלד...

דער צווייטער גאַסט איז געווען יעקב לידסקי, דעמאָלט דער אייגנ־טימער פון דעם קליינעם און גוט־אָוועקגעשטעלטן וואַרשעווער פאַרלאַג „פראָגרעס“. לידסקי איז בטבע געווען אַן ערלעכער פאָלקס־מענטש. ער האָט זיך באַצויגן מיט אמתן רעספּעקט צו די געהויבענע לייט, וואָס שאַפן ביכער פאַר די פאַרלאַגן — דערהויפּט אַזעלכע ביכער, וואָס גייען. גע־שעפט איז אָבער געשעפט — האָט ער חשק געהאַט אָפּצוקויפן פון שלום־עליכמען אַלע זיינע ווערק טאַקע פאַר מזומן, נאָר עס זאָל קאָסטן וואָלוול. שלום־עליכם האָט פאַר זיך געהאַט אַ גרויסן נסיון, נאָר עס ווייזט אויס, אַז לידסקיס „פראַקטאַקיש“ אויסזען האָט ביי אים ניט אַרויסגערופן גענוג צוטרוי, ער זאָל אים איבערגעבן זיין גאַנץ ליטעראַריש פאַרמעגן. אַזוי ווי אָבער די אַרויסגעבער פון „אונזער לעבן“ האָבן זיך ניט געאַיילט מיטן צוגעזאָגטן אַוואַנס, האָט ער לידסקין פאַר נויט פאַרקויפט נאָר פופציק בויגן פון זיינע ווערק, צו צען רובל פאַרן בויגן. אין די פופציק בויגן האָט זיך לידסקין שטאַרק געוואָלט האָבן דווקא דעם „מבול“, וואָס האָט געשמט אין וואַרשע פאַר אַ „גאָלד־גרוב“. דערביי האָט ער אָפּנהער־

ציק דערציילט שלום־עליכמען, אַז די אַרויסגעבער פון „אונזער לעבן" האַלטן נאָך אַלץ אין איין דרוקן די העפטלעך פונעם „מבול" און ווערן פון זיי רייך. ס'איז גאָר אַ סברה, אַז איצט זוכן זיי צו פאַרקויפן די סטערעאָטיפּן פונעם „מבול" צו אַ גוטן קונה פאַר אַ רעכטן פּרייז... דאָס האָט שלום־עליכמען אַזוי צעטומלט און אויפגעבראַכט, אַז ער האָט זיין גאַנץ ביטער האַרץ אויסגעגאָסן אויף זיין אַלטן פריינד און אינטימען חבר מרדכי ספּעקטאָר, למאַי יענער איז געזעסן אין דער רעדאַקציע פון „אונזער לעבן", צוגעזען מיט די אויגן אַזאַ גזילה און געשוויגן. מיט ספּעקטאָרן האָט זיך שלום־עליכם ניט געצערעמאָניעט: ספּעקטאָר איז געווען דער איינציקער צווישן יידישע שרייבער, מיט וועמען שלום־עליכם איז געווען אויף „דו" און וועמען ער האָט געשריבן די סאַמע האַרציקסטע און סאַמע ביטערסטע בריוו — וועדליג דער שטימונג. איצט זענען געלאָפן צו ספּעקטאָרן, איינער נאָכן אַנדערן, העכסט־אויפ־געגרעגטע, העכסט־נערוועזע בריוו וועגן דער הימלשרייענדיקער עוולה. אין איין בריוו האָט ער אים געשריבן: „פאַרגעס ניט מיין לאַגע. איך בין נע־ונד. איך בין אָפּגעריסן פון דער היים"... אַ צווייטן בריוו האָט ער אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „חבר ספּעקטאָר! זשענירט דיך ניט דער נאָמען חבר? האָסטו נאָך אַ טראָפּן געוויסן אין זיך און ווערסט ניט פאַרברענט פון דעם, וואָס איך רוף דיך חבר? איך האָב זיך באַגאַנגען מיט דיר ווי אַ חבר מיט אַ חבר, ווי אַ קאָלעגע אַ שריפט־שטעלער — און ווי באַגייסט דו זיך קעגן מיר? מיט וואָס פאַר אַ רעכט דערלאָזטו, אַז מע זאָל מיט מיר זיך באַגיין ערגער ווי אין סדום, מיין איך אַמעריקע?..." און אַ דריטער בריוו (פון דעם 23סטן יאַנואַר, 1908) לייענט זיך אַזוי:

„ברודער!

„אַלזאָ, דו שווייגסט.

„איך רעכן אָבער, אַז נאָך מיין נעכטיקן אולטימאַטום ווערסטו אָנהייבן ריידן, אָדער צווישן אונדז וועט שוין קיין מאָל ניט זיין מער קיין פריינד־שאַפט! — דערווייל, אַזוי ווי איך וואַרט נאָך אויף דיין ענטפער, טייל איך דיר מיט, אַז איך האָב באַקומען אַ בריוו פון „זיי" [פון די אַרויס־

געבער. — י. ד. ב.]. ערשטנס, שרייבן זיי מיר, אַז אַלץ, וואָס מע האָט מיר דאָ דערציילט וועגן „מבול״, איז שקר וכזב! און מיניה־וביה קומט מיר אָן פון דער רעדאַקציע אַ פעקל מיט צוועלף ביכלעך צו 5 קאָפּ. אַ שטיק. צווייטנס, שרייבן זיי מיר, אַז די מאַטריצן מיט די ביכלעך וועלן זיי איבערגעבן לויט מיין באַפויל, נאָר זיי פאָדערן געלט, דען זיי האָבן אַ סך געלט אַריינגעלייגט אין די סעפעראַט־ביכלעך(!). דריטנס, לייגן זיי מיר בעסער פאָר אַ גאַנצע סומע געלט פאַר מיין „גוטפריינד־שאַפט״, און לאָז דאָס בלייבן פאָ־סטאַראָמו, ד. ה. איך זאָל זיי שרייבן אַלע טאָג אַ פעליעטאָנטשיקל און זיי זאָלן זיך דרוקן ביכלעך, פאַרקויפן מאַטריצן, פלאַטן, א. ז. וו., אויף דור דורות! אַנו, טרעף, וואָס פאַר אַ סומע געלט זיי לייגן מיר פאָר (און דאָס זאָל שוין זיין ביז 1טן יאַנואַר 1909)? נאָך גאַנצע צוויי הונדערטער!!! איך האָב נאָך ניט געענטפערט גאָרנישט. איך וואַרט אויף דיין בריוו.

„ברודער! איך האָב צוויי וועגן צו זיי; ביידע זענען פאַר דיר ניט גינסטיק:

„1) איך זאָל קומען קיין וואַרשע. דאַן בין איך ניט מקנא ניט זיי, ניט דיר, דען דו וועסט דאָך מוזן נאָכשלעפן זיך מיט זיי. דו וועסט דאָך מוזן זיין אָדער זייערער, אָדער מיינער. ווערסטו זיין זייערער — ביסטו דאָך אַ פּאָדלעץ קעגן דיין שלום־עליכמען, וואָס דו ווייסט אין דיין טיפן געוויסן, אַז ער איז דיינער און אַז ער האָט ביי דיר קיין פאָדלאָסט ניט פאַרדינט. ווערסטו זיין מיינער — פאַרלירסטו ביי זיי די שטעלע, און זיי וועלן דיך באַלד אַרויסדאָסן (און זיי וועלן דאָס טאָן, קאָנסט זיין זיכער).

„2) איך זאָל אויפהייבן אַ שטורעמווינט אין דער פרעסע — דאַן איז אַז אָך און ווייַ יעדן, וואָס איז געשטאַנען אויפן שילד פון „אונזער לעבן״, דען אין סדום איז אויך ניט געטאָן געוואָרן אַזאַ זאַך, מע זאָל ירשנען אַ מענטשן פאַר זיין לעבן אויף זיינע אויגן — פאַרוואָס? דער־פאַר, וואָס ער האָט געוואָלט אונטערהאַלטן גוטפריינדשאַפט!

„אַלזאָ, איז דאָ אַ דריטער וועג. דאָס איז דער וועג פון שלום. אויף דעם דרך קען די זאַך געלייזט ווערן אין צוויי מינוט:

„א) דאָס וואָס מע האָט זיך באַנוצט מיט מיין נאָמען און מיט מיין מאַטעריאַל, 140,000 שורות („מבול") * פאַר 150 רובל — בין איך מוחל.

„ב) דאָס וואָס מע האָט געדרוקט באַזונדערע ביכלעך, וועלכע ווערן פאַרקויפט בכל תפוצות ישראל צו 5 קאָפּ. — בין איך (ביז 31סטן דע־צעמבער 1907) מוחל.

„ג) איצט טאָר מער ניט פאַרקויפט ווערן קיין איינציק בלעטל פון „מבול", וואָרעם ס'איז מעשה סדום! איך וועל איבערקערן די וועלט, איך וועל ניט דערלאָזן!

„ד) אַלע מאַטריצן, פלאַטן, א. ד. ג., ווי אויך אַלע שוין אָפּגעדרוקטע ביכלעך, דאַרפן זאָפאָרט אָפּגעגעבן ווערן מיר צו די הענט (איך וועל שוין אָנווייזן וועמען!), ניט צו לידסקין, ניט צו קיין אַנדערן, נאָר צו מיר — און אָן אַ שום באַלוינונג — דאָס איז דער איינציקער קנס פאַר דער גזילה — און דאַן איז אַלעס ווי געווען, שלום ושלוה — שאַ! נאָטאַ בענע: טאָמער וועלן זיי איבערלאָזן זיך איין איינציקן עקזעמפּליאַר אויף צו פאַרקויפן, וועל איך געוויס געוואָרע ווערן, און עס וועט זיך טאָן חושך. זיי דאַרפן זיך געזעגענען מיטן „מבול" און פאַרגעסן. — ענטפער באַלד.

דיין פריינד שלום־עליכם".

די דאָזיקע גזילה־געשיכטע האָט זיך פאַרצויגן נאָכדעם אויף לאַנגע מאָנאַטן. ספּעקטאָר האָט זיך שפּעטער פאַרענטפערט, אַז ער האָט געהאַט זיינע אייגענע צרות מיט די באַלעבאַטים פון „אונזער לעבן", וואָס האָבן אים סוף־כל־סוף, ווי שלום־עליכם האָט פאָראויסגעזאָגט, פון דער צייטונג אַרויסגעשטופּט.

אין דער זעלבער צייט האָב איך אין ניו־יאָרק געפירט אונטער־האַנדלונגען וועגן שלום־עליכמס ווערק מיטן פאַרלעגער עוואַלענקאָ. איך בין אויך געוועזן געבעטן פון מענדעלע מוכר־ספרים צו ריידן מיט

* ס'איז אַ פּליטת הקולמוס: עס דאַרף זיין: 14,000 — י. ד. ב.

וואָלענקאָן וועגן אַ יובילעאום־אויסגאַבע פון זיינע ווערק. איך האָב געהאַט עטלעכע באַגעגענישן מיט וואָלענקאָן און מיט זיין ליטעראַרישן סעקרעטער ה. אַלעקסאַנדראָוו. מע האָט געטראַכט און געטראַכט, נאָר ס׳איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. ס׳איז געווען אַ קריזיס־יאָר אין אַמעריקע, און אַזוי ווי וואָלענקאָ האָט דעמאָלט אָנגעהויבן דרוקן די ווערק פון י. ל. פרץ, האָט ער מורא געהאַט אַריינטרעטן אין נייע אונ־טערנעמונגען. דערפאַר האָבן זיך געפונען אין ניו־יאָרק אַנדערע בעלנים אויף שלום־עליכמען. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָב איך פלוצעם דערזען אין אַ ניו־יאָרקער צייטונג אַן אַנאָנס, אַז ס׳איז נאָר־וואָס דערשינען אין עטלעכע העפטן שלום־עליכמס באַרימט ווערק „גאַנץ באַרדיטשעוו״: „באַרדיטשעווער טראַמוואַי״, „באַרדיטשעווער האָטעלן״, „באַרדיטשעווער גנבים״... איך האָב מיך געלאָזט אויף דער איסט־סאַיד לויט דעם אַדרעס פונעם נייעם פאַרלאַג און האָב געטראָפן אין אַ קעלער, ווו ס׳איז געווען איינגעריכט אַ קליינע האַנט־דרוקעריי, צוויי פאַרלעגער מיט אַ מאָל,ביידע יונגעלייטלעך. די דאָזיקע יונגעלייטלעך זענען דווקא געווען פאַר־מענטשן: זיי זענען ניט לאַנג געקומען פון וואַרשע, ווו זיי האָבן אינעם פאַרלאַג „תושיה״ געדינט אַלס קאַנטאָר־ייִנגלעך („אָפיס־באָיס״). איצט האָבן זיי דאָ אין ניו־יאָרק געעפנט אַ קליינע דרוקעריי, נאָר אַזוי ווי ס׳איז אַ קריזיס אין לאַנד און קיין אַרבעט איז ניטאָ, האָט מען זיך דערווייל גענומען דרוקן און פאַרקויפן שלום־עליכמס באַרימטע מעשיות. פון מיין פלוצעמדיקן דערשיינען און פון מיין אויסזען זענען די צוויי בחורימלעך געוואָרן שטאַרק מטושטש (זיי האָבן, אַפּנים, פראָסט איבער־געטראַכט וועגן פּעטש?), נאָר אַ תירוץ האָבן זיי געהאַט דווקא אַ גוטן: „בן־אביגדור מעג, און מיר טאָרן ניט?״... זיי קומען דאָך פון „תושיה״, ווו מע האַלט אין איין „קלאַפּן״ שלום־עליכמס ביכער — האָט זיי אויך אָנגענומען אַ חשק צו שלום־עליכמען. בפרט אַז אין אַמעריקע איז אַזאַ קריזיס...

אַז שלום־עליכם האָט זיך דערפון דערוווּסט, איז ער געווען אויסער זיך פון האַרצווייטאָג. ער האָט מיר געשריבן, אַז ער האָט מורא, די „באַרדיטשעווער גנבים״ זאָלן דאָרט ניט אַרויסגעבן ביסלעכווייז אַלע זיינע

ווערק און אים רואינירן אויף אייביק. איך זאָל דעריבער פּרוּוון ריידן נאָך אַ מאָל מיט וואַלענקאָן און געבן אים אָנצוהערעניש, אַז איצט איז אַ מאָמענט, וואָס ער קאָן באַקומען שלום־עליכמס ווערק גאָר ביליק...

צו וואַלענקאָן האָב איך מיט אַזאַ שליחות ניט געוואָלט גיין. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן — און דאָס אייגענע האָבן אַרויסגעזאָגט אויך שלום־עליכמס ניו־יאָרקער פריינד, — אַז נאָך אַלעמען וואָלט שלום־עליכם פאָרט באַדאַרפט קומען צוריק קיין אַמעריקע, וויבאַלד זיין לאַגע אין אייראָפּע איז אַזוי האָפענונגסלאָז. דערצו האָט אין יענע טעג אין דער ניו־יאָרקער יידישער צייטונגס־וועלט עפּעס פּאַסירט: דאָס „טאַגע־בלאַט" האָט פאַרלאָרן זיין רעדאַקטאָר — יאָהאַן פּאַלעי איז פּלוצעם געשטאָרבן. יאָהאַן פּאַלעי איז געשטאָרבן ניט מיט אַ נאַטירלעכן טויט, נאָר ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן, און אין שטאָט זענען געגאַנגען פאַרשיידענע קלאַנגען וועגן די סיבות פון זיין טויט, און דאָס פרומע „טאַגעבלאַט" האָט זיך דערפילט פון דעם זייער געפאַלן, אַזוי געפאַלן, אַז מע האָט דעם פאַרשטאָרבענעם רעדאַקטאָר אויף די שפּאַלטן פון זיין צייטונג גאַנץ קאַלט מספּיד געווען. נאָר איין געצל זעליקאָוויטש האָט געלאָזט פאַלן אויפן פרישן קבר פון זיין חבר איינע פון זיינע אַמעריקאַניזירטע העברעאיש־מעסיקע מליצות: אַז דער גרויסער נפטר שפּאַצירט איצט אום „אין סאָבוועי פון דעם אל שדי". דאָס האָט אָבער וויניק געהאָלפן אויפצוהייבן דעם געפאַלענעם פּרעסטיזש פונעם „טאַגע־בלאַט". מע האָט באַדאַרפט די געהלשטע צייטונג אָפּמינטערן מיט עפּעס אַ וויכטיקן אויפטו. מע האָט געשמועסט, אַז די באַלעבאַטים פונעם „טאַגע־בלאַט" ווילן אַראָפּברענגען פאַר אַ רעדאַקטאָר איינעם פון די אייראָפּע־אישע גדולים. גערעדט האָט מען פון נחום סאָקאָלאָוו, פון שמריהו לעווין, און אַנדערע האָבן אָנגערופן אויך שלום־עליכמס נאָמען. די אידייע, אַז שלום־עליכם זאָל ווערן דער רעדאַקטאָר פונעם „טאַגעבלאַט", איז געווען מאַסליאַנסקיס. ער האָט גערעדט וועגן דעם מיט די אַרויס־געבער פון דער צייטונג און האָט מיט מיר געטענהט, אַז שלום־עליכם וואָלט אין דעם מאָמענט באַדאַרפט זיין אין אַמעריקע. דער סוף איז געווען, אַז די באַלעבאַטים פונעם „טאַגעבלאַט", וואָס האָבן זיך ניט

אויסגעצייכנט מיט באַזונדערער רירעוודיקייט און אונטערנעמונגס־גייסט, האָבן באַשלאָסן, אַז דערווייל דאַרף מען קיין נייעם רעדאַקטאָר ניט האָבן, און די רעדאַקציע וועט צעטיילט ווערן צווישן די אַלטע מיט־אַרבעטער פון דער צייטונג. די בעלעטריסטיק איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון תשר"קן, און תשר"ק האָט מיר באַלד אָנגעזאָגט אַ גוטע בשורה, אַז דער קאַפּריזנער באַלעבאָס פונעם „טאַגעבלאַט", דער וואָס האָט עטלעכע חדשים געהאַלטן אונטערן שלאָס שלום־עליכמס „וואַקיישאָן" (די סעריע דערציילונגען „פיר זענען מיר געזעסן"), האָט איצט אויפ־געגעבן זיין קאַפּריז און האָט פון שלום־עליכמען אַרונטערגענומען דעם אַרעסט — מע דאַרף איצט האָבן אין דער צייטונג גרויסע נעמען!...

נאָר וואָס דען? אין די אינטערעסן פון שלום־עליכמען וויל ער דעם „וואַקיישאָן" טיילן אויף באַזונדערע קורצע סקיצעס, ווייל דער באַלעבאָס האָט ניט ליב קיין לאַנגע מגילות.

די אָנדייטונגען אין מיינע בריוו וועגן די נייע מעגלעכקייטן אין אַמעריקע האָט שלום־עליכם אויפגענומען גאַנץ סקעפּטיש. ער האָט מיר געשריבן, אַז פון קומען צוריק קיין אַמעריקע איז איצט נאָך פרי צו טראַכטן. דערפאַר האָט ער זיך דערפרייט, וואָס זיין „וואַקיישאָן" וועט ענדלעך געדרוקט ווערן, און ער האָט זיין נייעם רעדאַקטאָר תשר"ק אָנגעשריבן אַ בריוו אויף שניידער־לשון:

„זייער געערטער קאָלעגע מיסטער תשר"ק!

„בערקאָוויטש שרייבט מיר וועגן מיין „וואַקיישאָן", אַז איר ווילט אים ברעקלען, אום ער זאָל גיין אונטער פאַרשיידענע טיטלען. איך בין איינפערשטאַנדן. געוויס וועל איך אָבער בעטן פון אייך, אַז איר זאָלט דאָס מאַכן „פיינטשיק", ווי אַזאַ בעל־מלאכה ווי איר דאַרף דאָס מאַכן. מיר, „שניידערס", פאַרשטייען איינס דאָס אַנדערע נאָך די „שטעך" און נאָך דער „סטריגעוואַניע". איר זאָלט ניט מאַכן קיין צו לאַנגע „פאַליבאַנעס" און ס'זאָל ניט קוועטשן אונטער די „פאַכוועס". דאָרט ווו מע דאַרף „פראַשוועס", זאָלט איר מאַכן „פראַשוועס", אָבער ניט פון פרעמדער „מאַטעריע", נאָר פון מיין אייגענער. האַקט דעם „סטאָן", נאָר גוט „געפּרעסט" מיטן אייזן. כאַפּט דעם „פינגערהוט" און

„פּאַרוואַרפט" אַ צוויי ערטער דאָ און דאָרט — מע דאַרף אײַך לאַנג ניט זאָגן, איך זע אײַער אַרבעט אָפּטלעך אין גאַס, איר זענט אַ בעל־מלאכה, לאָמיר נעמען צו קאַפּלעך און אַ ביסל שמועסן וועגן „יתור", אַ רוח אין זייער טאַטן, די גנבים טאַקע אײַערע מיין איך, וואָס אין אַמעריטשקע. איך האָב מיך נאָר אַרויסגעכאַפּט אויף אַ מינוטקעלע קיין יוראָפּ, מיינען זיי, סאַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע, און דאַוואַי צו דער פּאָליצע, אַרויסגענומען אַ פּאָר קאַפּיטלעך פון מיין „גאַנץ באַר־דיטשעוו" און אַרויסגעגעבן פון עפּעס צוויי באָד־יינגלעך. עס וואָלט געווען אַ יושר, ברודער, איר זאָלט זיי נעמען צו דער אַרבעט, אָט די באָד־יונגען, וואָס קריכן צו פרעמדן אײַנגעמאַכטס, וואָרעם אַז איך וועל זיך צו זיי נעמען, וועט זיי זיין אַז אָך און וויי! טאָמער וועט איר זיך מיט זיי באַגעגענען — איר גייט דאָך אַלע וואָך אין באָד אַריין — און וועט זען דאָרט אין באָד ביי דער טיר אָט די צוויי נפשות, זאָלט איר זיי לאָזן גריסן און זאָגן, זיי זאָלן זיך ניט מטריח זיין מער אַרויסצוגעבן שלום־עליכמען אָן שלום־עליכמס וויסן, וואָרעם שלום־עליכם לעבט נאָך און קומט, אם ירצה השם, צופאָרן קיין אַרעמיקע, וועט ער שוין אַליין אַרויסגעבן זיין „באַרדיטשעוו" מיט זיינע אַנדערע „שטעט", און זיי וועט ער פאַר זייער טרחה באַדאַנקען לויט זייער פאַרדינסט. און לאָז גאָט געבן אַלע יידן געזונט און הצלחה, און גנבים, מהכתיתי, לאָזן באַקומען זייערס, בכדי מע זאָל מער ניט האָרכן פון קיין גנבות ביי יידן, ווי עס ווינטשט אײַך אײַער חבר, וואָס אַרבעט מיט אײַך ביי איין וואַרסטאַק.

שלום־עליכם".

דעם דאָזיקן הומאָריסטישן בריוו צו תשר"קן האָט שלום־עליכם געשריבן אויף מאָרגן נאָך דעם אויבנגעבראַכטן אויפגערעגטן בריוו צו ספּעקטאָרן.ביידע בריוו ריידן כמעט פון איין־און־דעם־זעלבן ענין — די גניבה פון זיינע ווערק. נאָר וואָס פאַר אַן אונטערשייד אין סטיל און טאָן! וואָס פאַר אַן איראָניש־פילאָזאָפישע רואיקייט, בשעת דער גייסט פון הומאָר האָט גובר געווען! דאָס איז דער זעלבער גייסט, וואָס

האָט געשריבן די פריילעך־טרויעריקע קאָמעדיע „דער אוצר״ אין טעג פון נויט, פון נע־ונד זיין, פון זעלישער צערודערונג.

פאַר זיין אָפּפאָרן פון בערלין צוריק אַהיים, קיין זשענעווע, האָט מיר שלום־עליכם געשריבן אַ קורץ העברעאיש בריוועלע, וואָס קלינגט ווי אַ קורצער סך־הכל פון זיינע בערלינער טעג:

„חביבי!

„מאָרגן אָדער איבערמאָרגן פאָר איך אַרויס פון דאַנען קיין גענף. איך האָב דיר געשיקט אַ פאַרמאַכטן בריוו פאַר אַדלערן. געוויס ביסטו געוועזן ביי אים און פאַר אים דעם בריוו געלייענט. אַרום צוויי מיט אַ האַלב חדשים בין איך דאָ געזעסן און מיט אַ סך מאַטערניש האָב איך מיך אָנגעזעטיקט און מיט וואָגלענישן אָן אַ סוף. דעם „אוצר״ וועל איך דיר אַרויסשיקן פון דער היים, אם ירצה השם. — אָט באַלד וועל איך אַרומנעמען און קושן מיינע בני־בית, נאָך וועלכע עס גייט שוין אויס מיין האַרץ. געוויס ביסטו מיר מקנא. אָט באַלד וועל איך דערזען תמרהן, וואָס איז שוין געגליכן צו אַ תמר (פאַלמע). איך האָב געקויפט שיך פאַר אירע גרויסע פיס, און איך פריי מיך מיט זיי, ווי עס פרייט זיך אַ חתן מיט זיין כלה״...

ח
# „דער אוצר"

אָנגעהויבן האָט זיך די געשיכטע מיטן „אוצר" גאַנץ האָפּערדיק. קורץ נאָכדעם ווי יעקב אַדלער האָט פאַרבראַקירט שלום־עליכמס דראַמע „וווהין?" (וואָס דאָס איז מסתמא אויסגעפאַלן אין דער זעלבער צייט, ווען די דראַמע האָט אויך ניט אויסגענומען ביי די דייטשן אין בערלין), האָב איך באַקומען פון שלום־עליכמען אַ בריוו, פון וועלכן עס האָט זיך געלאָזט פילן אַ פרישער טאָן — דער מונטער־באַרווישטער טאָן פון אַ שעפער, וואָס האָט נאָר־וואָס פאַרענדיקט אַ געלונגען ווערק. די ערשטע שורות פון דעם בריוו זענען געגאַנגען אין הומאָריסטיש־מליצהדיקן העב־רעאיש, מיטן פייערלעכן לשון פון ירמיהו הנביא:

„בני בערקאָוויטש!

„הלוך וקראת באזני אדלער — געגאַנגען זאָל ווערן און זאָלסט טאָן לייענען אין די אויערן פון אַדלערן די רייד פון דעם דאָזיקן בריוו. איידער דו קומסט פאַר אים מיט מיין קאָמעדיע, און איך טו דיך שטאַרק בעטן, דו זאָלסט עס ניט אָפּלייגן ביז וואַנען דו וועסט באַקומען פון מיר דאָס מאַנוסקריפּט, וואָרעם ס'איז פאַראַן אַ טעם צו דער דאָזיקער בקשה מיינער, וואָס מע קאָן עס ניט אַרויפברענגען אויפן פּאַפּיר".

און ווייטער איז שוין געגאַנגען אין יידיש דאָס, וואָס איך האָב באַ־דאַרפט פאָרלייענען פאַר אַדלערן:

„איר קאָנט זיך ניט פאָרשטעלן — האָט שלום־עליכם געשריבן — ווי ווייט גליקלעך איך בין מיט דעם, וואָס אַדלער האָט זיך ניט צוגע־כאַפּט צו מיין דראַמע, ווי אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט דאָס געוויס געטאָן... און וואָס איר האָט אים דאָס וואָרט געגעבן מיט קיינעם צו אונטערהאַנדלען. עס ליגן מיר צוויי זאַכן דורכאויס דורכצופירן אין אַמעריקע: אַ גוטעס ווערק, און אַדלער זאָל עס דורכפירן. געלט שטייט

אויפן דריטן פלאַן. אַדלערס באַמערקונגען זענען ביי מיר, להבדיל, אַ תורה, און אפשר אַ תורה אָן אַ להבדיל. אַדלער דער אַרטיסט פילט אינסטינקטיוו אַמאָל פיל מער אַלס דער בעסטער קריטיקער מיטן שכל. געוויס דאַרף איך דאָס געלט בייטיקער פון יעדער קריטיק, אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז מיין נאָמען איז שלום־עליכם, און שלום־עליכם טאָר זיין נאָמען ניט פאַרגעסן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן געלט. לכן ניט קוקן אויף קיינעמס פראַפּאָזישיאָנס — און האַלטן פאַר די אויגן נאָר אַד־לערן און נאָר אַדלערן. איך בין נאָך גאָרניט אַזוי אַלט, איך זאָל אַראָפּ־פאַלן ביי זיך מיט דעם, וואָס טאָמער איז מיר אַ זאַך ניט איינגאַנצן געלונ־גען. איר ווייסט, אַז אויף דיזן פעלד בין איך נאָך, אַ האַמאָ נאָוווס און האָף ערשט צו דעביוטירן. מיין אָנפאַנג, מיין דעביוט וועט זיין „דער אוצר" ביי אַדלערן. — — —. קורץ פון דער זאַך — דער פויגל איז געשאָסן, און גיך וועט אַדלער אַרויס אויף דער עלטער מיט אַ טיפּ פון אַ יידן אַ לאַנד־חכם און אַ לאַנד־טיפּש צוזאַמען, וואָס אַרבעט אין דער קאָמעדיע פון ערשטן ביזן צווייטן [ס'איז, ווייזט אויס, אַ טעות פון דער פען — עס האָט באַדאַרפט שטיין: ביזן פערטן — י. ד. ב.] אַקט, ווי אַ רות, און דאָס פובליקום האָט אים ליב לאַכנדיק פון אים און פילט מיטלייד צו גלייכער צייט. — איין צרה איז דאָ אין דער קאָמעדיע: קיין איינציקע טרער! אַרבעט פיל, אַקציע אַ סך, דאָס הייסט טעטיקייט, סצענען, פאַרדרייעניש, אינטריגע, אָבער ניט איין מעלאָדראַמאַטישער עפעקט, וואָס זאָל אַרויסרופן אַ טרער! — אָבער געדענקען דאַרף מען, אַז אַ קאָמעדיע איז קיין מעלאָדראַמע (איך מיין אַ גוטע קאָמעדיע), און אינעם גאַנצן „רעוויזאָר" וועט איר ניט אַרויסקוועטשן קיין האַלבע טרער אַפילו. — — —".

דעם בריוו האָט שלום־עליכם געשריבן עטלעכע טעג פאַר זיין אָפּפאָרן פון בערלין אַהיים קיין זשענעווע (דעם 17טן פעברואַר, 1908). קומענדיק אין זשענעווע מיט דער פאַרטיקער קאָמעדיע, האָט ער זי געוואָלט פריער אויספּרוּוון אויף אַן עולם צוהערער: ער האָט זי פאָרגעלייענט דעם 21סטן פעברואַר אין דעם זשענעווער „האַנדווערקזאַל" פאַר דער דאָרטיקער רוסיש־יידישער קאָלאָניע. דער עולם, צום מיינסטן סטודענטן און אימיגראַנטן־רעוואָליוציאָנערן, וואָס פלעגן יענע טעג אין דעם זעלבן זאַל אָפּט אויסהערן

שאַרפע דיסקוסיעס צווישן די ערשט־צעשפּאָלטענע „באָלשעוויקעס" און „מענשעוויקעס", האָט אויפגענומען שלום־עליכמס „אוצר" מיט אמתער באַגייסטערונג, טאַקע ווי עפּעס אַ מין יידישן „רעוויזאָר". די חושכדיקע ווענט פון דעם אָרעמען, אָפּגעלאָזענעם, „פּאַררוסישטן" זאַל האָבן מסתמא קיינמאָל אַזעלכע עכט־יידישע געלעכטערס ניט געהערט. איינער פון די צוהערער, דער דעמאָלט יונגער שריפטשטעלער צבי הירשקאַן, האָט אַוועק־געשיקט אינעם וואַרשעווער „אונזער לעבן" אַן אויספירלעכע רעצענזיע וועגן דעם „אוצר". דאָס אַלץ האָט שלום־עליכמען נאָך מער אויפגעמונטערט, און ער איז געווען פול מיט האָפענונג. ער האָט מיר געשריבן אין אַ פריי־לעך־געהויבענעם טאָן: „די אַרבעט איז זייער גרויס. די גאַנצע שטוב אונדזערע איז באַשעפטיקט מיט מאַכן קאָפּיעס פונעם „אוצר". אין צוויי טעג אַרום, ניט מער, באַקומסטו אים"... און אָט האָב איך ענדלעך באַ־קומען דעם „אוצר" — אַ היפּש וואָגיק מאַנוסקריפּט (פיר גרויסע אַקטן אין פינף בילדער), צוזאַמען מיט אַ בינטל בריוו, וואָס איז באַשטאַנען פון אינסטרוקציעס און באַפולמעכטיקונגען פאַר מיר, געשריבן צוליב מער זיכערקייט אויף צוויי שפּראַכן, יידיש און רוסיש. צו מיר האָט שלום־עליכם געשריבן, געוויינטלעך, אויף העברעאיש:

„היינט שיק איך דיר מיין „אוצר" — און ער איז באמת אַן אוצר פון אַלדאָס געלוסטיקייט, אַזוי ווי זיין נאָמען, אַזוי איז ער. ווי נאָר דו באַקומסט אים, אַזוי זאָלסטו גיין צום גרויסן אָדלער (ווען אים געבן צו וויסן דורכן טעלעפאָן, אַז דו האָסט באַקומען און האָסט געלייענט דעם „אוצר" — איך מיין, אַז דו וועסט אים אַיינשלינגען, ווען ער איז נאָך אין דיין האַנט), און וועסט לייענען פאַר אים און פאַר מאָשקאָ־וויטשן, און איך בין זיכער, אַז ער וועט אים באַלד צונעמען. און דו וועסט זען דעם אַיינדרוק, וואָס דער „אוצר" וועט אויף אים מאַכן. אויב ער איז זייער גוט, וועסטו בעטן ביי אים, ער זאָל דיר גלייך באַצאָלן צוויי טויזנט דאָלער. — — —. און אויב דער אַיינדרוק איז אַ מיטל־מעסיקער (אין וואָס איך צווייפל) — טויזנט פינף הונדערט. — — —. און וויי טער וועסטו זען, ווי אַזוי זיך צו האַלטן. געוויס וואָלט געווען בעסער אַרויסצוציִען פון זיין הויז מיטן „אוצר" און וואַרטן עטלעכע

טעג, ביז ער וועט שיקן און בעטן און לעקן דיין ערד. אָבער ווײ! מיר זיצן אַצינד כמעט אָן אַ סאַנטים! גאָט זאָל רחמנות האָבן. — דעריבער זאָלסטו ניט אַרויס פון אים מיט ליידיקע הענט. באַקום און שיק אונדז אַרויס אויף מיין נאָמען אַהער טעלעגראַפיש. ס'איז ביי מיר גאָר קיין ספק ניט, אַז ער וועט דיר געבן טויזנט דאָלער. — — —".

און אין אַ צושריפט:

„געדענק און זאָלסט ניט פאַרגעסן! יעדער טאָג רעכנט זיך איצט ביי אונדז פאַר אַ יאָר. זאָלסט ניט וואַרטן אויף דעם אָדלערס ענטפער, נאָר ווי דו וועסט באַקומען דעם „אוצר", אַזוי זאָלסטו אים איבערלייענען און גלייך גיין צו אים אַהיים, ניט רעדנדיק מיט אים דורכן טעלעפאָן, וואָרעם איך קען אַדלערן מיט זיין טעלעפאָן!"

און צום סוף איז געגאַנגען אַן „עיקר שכחתי" וועגן אַיינטיילן די ראָלן פונעם „אוצר":

„אַדלער איז לוי מאָזגאָוואָיער. מאָשקאָוויטש — בענע באָנאָט (ווי עס דאַכט זיך מיר). מייזעל[ס] — האָלאָוועשקע. מיסעס אַדלער — בת־שבע. אַדלערס טאָכטער — אסתר".

צווישן די בריוו איז געווען איינער אויף יידיש פאַר אַדלערן אַליין, וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי:

„גוטער פריינד און גרויסער קינסטלער אַדלער!

„איך גיב אייך מיין נייסטעס ווערק דעם „אוצר". איך קאָן אייך זאָגן צוויי ווערטער — דאָס איז פאַר אייך אַן אוצר!... מער וויל איך און דאַרף אייך ניט זאָגן. די, וועלכע האָבן עס געהערט, זאָגן, אַז דאָס איז די ערשטע יידישע, עכט יידישע קאָמעדיע! איך בין מער אַלס איבער־צייגט, אַז אַחוץ אַ דאַנק וועט איר מיר ניט זאָגן פאַרן „אוצר". זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איר דאַרפט שפּילן לוי מאָזגאָוואָיער. דאָס איז ניט קיין שוטה, דאָס איז דווקא ניט קיין נאַר, נאָר אַ ייד וואָס גלייבט. צעקייט אים נאָר אַקוראַט און שאַפט אַ גרויסע זאַך! אַלע [אָנ]־געלעגנהייטן רעדט מיט מיין בערקאָוויטשען. פאַרציט נאָר ניט, דען איך בין „מעוברת" מיט נאָך גרויסע זאַכן... זייט אַ דזשענטלמאַן, ווי תמיד איר זענט מיט מיר, וועט זיין אַז וו ויל צו אייך און צו אונדז

ביידן... אַלעס וואָס מע דאַרף צוזעצן, איבערשטעלן א. ז. וו. בין איך גרייט צו יעדער צייט. אין דער הינזיכט זענט איר מיין רבי און איך אייער גוטער תלמיד

שלום־עליכם".

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דעם „אוצר" איינגעשלונגען, „ווען ער איז נאָך געווען אין מיין האַנט". שוין פון דעם ערשטן אַקט האָט אויף מיר אַן אָטעם געטאָן מיט דער ליבער וואַרעמער אַטמאָספער פון שלום־עליכמס בעסטע שאַפונגען — מיט דער אָפגעהיטער דורותדיקער וואַרעמקייט פון דעם אַלטן יידישן שטייגער־לעבן, וואָס נאָר שלום־עליכם האָט עס געקאָנט געבן אַזוי אינטים און אַזוי לייכט, אָן באַזונדערע קינסטלערישע אָנשטעלן און אָן געקליגלטע אויבער־כוונות. עס האָט זיך פּאַמעלעך צעוויקלט אַן אַלטער לייוונט, אַנטפּלעקט אַן אָרעמען ווינקל פון אַ קליינשטעטלדיקן מאַרקפּלאַץ, מיט פאַרעלטערטע, אויס־געקרימטע יידישע קלייטלעך און שטעלעכלעך, און אויף דעם דאָזיקן פאַרטריקנטן האַלב־טויטן פּייזאַזש פון אומעט און דלות האָט זיך ביס־לעכוויין אָנגעהויבן באַוועגן און זיך לעבעדיק צעשפּילט, מיט עכטן יידישן געמיט, אַ גאַנץ שטעטל מיט פאַרשוינען, פון דעם רב ביז דעם אַפּיקורס, פון דעם „באַנקיר" (חלפן) ביז דעם מלמד, פון דעם שטאָט־פאַרזאָרגער ביז דעם שטאָט־גוי און שטאָט־גויע, וואָס הייצן די באָד, — אַלע אויפגעוועקט פון וויסטן דלותדיקן דרעמל צום גרויסן שפּיל פון לעבן דורך אַ קינדערשן חלום, דורך אַן אָפּגעריבענעם גאָלדענעם רענדל, וואָס אַן אָרעמע אַלמנה האָט פאַרלאָרן און אַ חדר־ייִנגל האָט געפונען אויפן אַלטן בית־עולם. און איבער אַלץ און אַלעמען האָט געהערשט און קאָמאַנדעוועט דער אומרואיקער, זוכנדיקער און גלויביקער גייסט פון דעם הויפּט־פאַרשוין לוי מאָזגאָוואָיער — דער גוט־באַקאַנטער גייסט פון מנחם־מענדלען אין אַ נייער מאַסקע פון אַ לאַנד־חכם און אַ כלל־פאַר־זאָרגער. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ לעבעדיקע דראַמאַטישע האַנדלונג מיט אויסטערלישע דראַמאַטיש־קאָמישע סיטואַציעס, אין וועלכע עס זענען אַריינגעפלאָכטן געוואָרן גאָר נייע ברואים, וואָס מע האָט ביי שלום־

עליכמען פריער ניט געזען: אַן אָרעמער פוילישער פּריץ, וואָס רעדט מיט יידן „לשון־קודש", אַ „גאַראַדאָוואָי" אַ משומד, וואָס האַלט אַ שטאָט מיט יידן אין שרעק, אַן אַמעריקאַנער „אָלראַיטניק", וואָס קומט־אַראָפּ איבערראַשן זיין אָרעם נאַאיווו היים־שטעטל מיט אַמעריקאַנער פּראַק־טישער קלוגשאַפט און מיט אַמעריקאַנער „טריקס"... איך האָב גע־שלונגען די ברייטע ליכטיקע בלעטער פון שלום־עליכמס מאַנוסקריפּט איינס נאָכן אַנדערן און ניט געוווּסט, אויף וואָס איך זאָל מיך מיט מער געניוס אָפּשטעלן: צי אויף דעם פיינעם אַיינפאַל פון דער עצם־געשיכטע, וואָס האָט געשטראַלט מיט אַלע חנען פון אַן אַלטער פאָלקס־מעשה, צי אויף דעם זעלטענעם לעבעדיק־זאַפטיקן דיאַלאָג, וואָס האָט דאָ געשלאָגן ווי פון אַ נייעם קוואַל מיט אַ סך ווערטפולע נייקייטן. לוי מאַזגאָוואָיער מיט זיין אימפּעטדיק־סוחרישן „פויליש־ריידן" פאַרן פּריץ, דער פּריץ וואָלאָצלאַווסקי מיט זיין געלאַסענעם גוטמוטיק־אַנטיסעמיטישן „לשון־קודש", עלקע די אַלמנה מיט איר ביטער־האַרציקן מענה־לשון — די אַלע זענען געווען נייע פּערל אין שלום־עליכמס פּערלדיקן יידישן סטיל.

איצט, מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי איך האָב דעם „אוצר" שוין געהאַט געלייענט און איבערגעלייענט צענדליקער מאָל, זע איך, צוזאַמען מיט זיינע מעלות, אויך זיינע חסרונות — דער־הויפּט די ספּעציעל טעכנישע בינע־פעלערן, פון וועלכע שלום־עליכם איז אויך אין דער דאָזיקער עכט־סצענישער פּיעסע ניט פריי געווען. דעמאָלט אָבער האָב איך אין אַזעלכע זאַכן געהאַט ווייניק געניטשאַפט, און איך האָב אין דעם „אוצר" געזען נאָר זיינע גרויסע מעלות. איך בין נאָכן איבערלייענען געזעסן אַ באַרוישטער, אַ טיף־גערירטער. צו־זאַמען מיט שלום־עליכמען בין איך געווען זיכער, אַז ער האָט אַצינד אָנגעשריבן די ערשטע עכט־יידישע קאָמעדיע. אַזאַ טרויעריק געלעכטער איבערן טרויעריקן יידישן לעבן האָט דאָס יידישע טעאַטער ביז אַהער נאָך ניט געהערט!... איך בין נאָר געווען אומרואיק, צי וועט דאָס אַדלער ריכטיק אָפּשאַצן און ריכטיק אויפפאַסן? צי וועט ער באַנעמען דעם פיינעם און קאָמפּליצירטן טראַגי־קאָמיזם פון אַזאַ יידישן פאָלקס־כאַ־

ראַקטער, ווי אַ לוי מאַזגאַוואָיער, וואָס איז אַזוי אַנדערש פון דער שאַבלאָנער גראָדליניקער דראַמאַטישער „שטאַרקייט“, צו וועלכער ער איז געווּינט געוואָרן ביי גאָרדינס „אַלגעמיין־מענטשלעכע“ העלדן ?...

פון דעסטוועגן בין איך גלייך געלאָפן צום טעלעפאָן און אַנגעזאָגט אַדלערן די גוטע בשורה, אַז שלום־עליכם האָט פאַר אים צוגעשיקט אַן אוצר !... מיין פרייד, ווייזט אויס, האָט זיך איבערגעגעבן דורכן טעלעפאָן אויך צו אַדלערן, וואָרעם ער האָט מיר געענטפערט אין דעם זעלבן פריילעכן טאָן, איך זאָל שוין נעמען די פיעסע און פאָרן צו אים אין טעאַטער אַריין. נאָר אַז איך בין געקומען אין טעאַטער, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז היינט וועלן מיר די פיעסע ניט לייענען : גראָד היינט האָט אַדלערס עלטערע טאָכטער געענדיקט אַ דראַמאַטישע שול, און די גאַנצע משפחה פאָרט ערגעץ אין אַ טעאַטער אויף בראָדוויי פייערן די שמחה. וואָס־זשע האָט ער מיך אַרויסגערופן ? גלאַט אַזוי. ער האָט געוואָלט הערן פון מיר איינצלהייטן : וואָס — טאָקע עפעס אַ גוטע פיעסע האָט שלום־עליכם אָנגעשריבן ? אַ באָמבעלע ?... איך בין געווען שטאַרק אַנטוישט פון אַזאַ האַנדלונג : אַ נסיעה פון בראָנזוויל צום גרענד טעאַטער און צוריק האָט יענע טעג געדויערט כמעט פיר שעה. איך האָב אַדלערן אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז איך בין אַ „יוראָפּ־ שער“, און ביי אונדז אין „יוראָפּ“, פאַרשטייט איר מיך, באַגייען זיך אַקטיאָרן מיט שרייבער גאָר מיט אַן אַנדער רעספּעקט ! אַדלער האָט מיך גלייך איבערגעבעטן מיט זיין ווייכער, גלעטנדיקער, פאַרגנבעטער שטים, פאַרגעלייגט, אויב איך וויל, בלייבן דאָ אין טעאַטער ביי דער אוונט־פאָרשטעלונג, און צוועלף אַזייגער ביינאַכט קומט ער צוריק, וועלן מיר אַריין אין אַ קאַפע און דאָרט לייענען די פיעסע... אַזאַ פלאַן איז מיר נאָך ווייניקער געפעלן געוואָרן — האָבן מיר אָפּגערעדט, אַז איך קום צו אים אַהיים איבערמאָרגן פרי.

אויפן צווייטן טאָג האָט מיר אַדלער צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע, איך זאָל ניט פאַרגעסן מאָרגן קומען צו אים מיטן „אוצר“. אַפנים, דאָס האַרץ איז אים געווען ניט רואיק, טאָמער האָט ער נעכטן קאַליע געמאַכט צווישן אונדז די מערכה... דאָס האָט פאַר מיר געדינט ווי אַ גוטער

צייכן, און איך בין אויף מאָרגן געפאָרן צו אים מיט דער פּיעסע, ווי אויף אַן אײַזערנער בריק.

איצטיקס מאָל האָט מיר דאָס לייענען שלום־עליכמס פּיעסע פאַר אַדלערן פאַרשאַפט אַן אמתן גענוס. אַחוץ, וואָס איך האָב דעם „אוצר" פאַר די צוויי טעג געהאַט דורכגעשטודירט עטלעכע מאָל און דער דיאַ־לאָג איז ביי מיר געלאָפן ווי אַ מזמור, האָב איך לייענענדיק געפילט, אַז אַדלער איז אינגאַנצן פאַרכאַפּט פון דער זאַך, האָרכט מיט טיפער פאַראינטערעסירטקייט. איך האָב דאָס געזען פון דעם הייסן שמייכלענדיקן גלאַנץ אין זיינע אויגן און פון דער הייסער פאַרב, וואָס האָט זיך אים צעשפּילט אין די באַקן. אויף זיין שטייגער, האָט ער פון צייט צו צייט אויסגערופן העכסט־באַגייסטערט: „אַי, שלום־עליכם, לעבן זאָל ער! אַי, מאָלט ער טיפן!"... ער האָט אינמיטן לייענען אויך באַשטימט די אַקטיאָרן, וואָס פּאַסן זיך צו די ראָלן פון דער קאָמעדיע — דאָס האָט גאָר געהויבן מיין שטימונג. און אַז מיר זענען צוגעקומען אין דריטן אַקט צו „עלקע דער געגילטער", וואָס האָט פאַרלאָרן אויפן אַלטן בית־עולם דאָס גאָלדענע רענדל, איז דאָס אים אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט געבעטן איבערלייענען איר מאָנאָלאָג נאָך אַ מאָל. ער האָט אַ פּאַטש געטאָן אין מאַנוסקריפּט מיט גרויס התלהבות: „ווייסט איר, ווען איך וואָלט דאָ געשפּילט אין דער קאָמעדיע? אָט די יידענע מיט דער זאַק!... איך ווייס גאָרניט, ווען פון מיינע ווייבער וועל איך קאָנען אַוועקגעבן אַזאַ גאָלדענע ראָל!"...

איך האָב געענדיקט לייענען דעם „אוצר", אָפּגעצויגן דעם אָטעם און גענומען קוקן אויף אַדלערס אויפגעפּלאַמט פּנים, געוואָלט כאַפּן דעם ריכטיקן איינדרוק: צי זייער אַ גוטער, צי אַ מיטלמעסיקער? צוויי טויזנט דאָלער, צי טויזנט פינף הונדערט?...

— נו? — מאַכט צו מיר אַדלער מיט אַ וואַרעמען, גלעטנדיקן שמייכל.

— וואָס נו?

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר?

— גאָרנישט. איך האָב מיינס אָפּגעטאָן. איצט קוק איך, וואָס וועט איר זאָגן...

— וועל, — זאָגט אַדלער, — די פּיעסע איז, דאַכט זיך, אַ פּיעסע. זי לאָזט זיך שפּילן...

„צוויי טויזנט דאָלער“, — גיב איך פּריילעך אַ טראַכט.

— נאָר וואָס זשע דען, — זאָגט אַדלער ווייטער, — שלום־עליכמס אַלטער פעלער: מער גערעדט ווי געטאָן. שיינע רייד, גאָלדענע רייד, נאָר רייד...

„און אפשר טויזנט פינף הונדערט?“ — פאַל איך שוין אַריין אין אַ צווייפל. איך שטאַרק מיך צו האַלטן זיך רואיק און דערמאָן אַדלערן שלום־עליכמס בריוו, אַז ער איז גרייט אויסצובעסערן אַלצדינג, וואָס איז נייטיק. דערווייל אָבער דאַרף איך וויסן וואָס צו ענטפערן שלום־עליכמען וועגן דער הויפּטזאַך...

— וועגן אַכצן און דרייצן? — טוט מיר אַדלער אַ פינטל מיט איין אויג. — נו, אַדרבה, לאָמיר הערן, וויפל פאַרלאַנגט, אַשטייגער, שלום־עליכם פאַר אַזאַ מין פּיעסעלע?...

עס טוט מיר אַ קלאַפּ אין האַרצן. איך גורט מיך אָן מיט מיין גאַנצער דיפּלאָמאַטישער פעאיקייט:

— פריער — זאָג איך — האָט זי ביי אייך געהייסן „פּיעסע“, און איצט הייסט זי שוין „פּיעסעלע“... איך האָב איבערגעגעבן שלום־עליכמען אייערע ווערטער, אַז פאַר אַ גוטער קאָמעדיע זענט איר גרייט אים צו באַצאָלן פינף טויזנט דאָלער...

— וויל ער, הייסט עס, פאַר אָט דער פּיעסע פינף טויזנט דאָלער?

— ער האָט מיר געשריבן אַ פּרייז ניט אויף צו דינגען זיך — פופצן הונדערט... מזומן...

אַדלער קוקט אויף מיר אַ ווײַלע דורכדרינגלעך און זיפצט טיף אָפּ.

— אוי, טאַטעלע, טאַטעלע! איר רעדט דאָך, קיין עין הרע, גאָר ווי אַן אַלטער סוחר!... וועל, איר ווילט הערן מיין פּרייז? איך וועל אייך געבן פאַר דער פּיעסע טויזנט דאָלער.

איך האָב אויך אָפּגעזיפצט — דערלייכטערט. דאַנקען גאָט, עס האַלט, דאַכט זיך, ביים וועג...

— אָבער ניט מזומן, טאַטעלע, — רעדט אַדלער ווייטער קעציש־

ווייך און לייגט פאַר מיר אויס אַ גאַנצן חשבון: צוויי הונדערט דאָלער איז ער גרייט צו געבן קעש. צוויי הונדערט פופציק מוז ער אַראָפּ־רעכענען פון דער סומע פאַר שלום־עליכמס אַן אַלטן חוב פון לאָנדאָן; שלום־עליכם האָט אים איך לאָנדאָן געגעבן אַ פּיעסע, וואָס האָט געטויגט אויף כפּרות — וואָס איז ער מחוייב צו ליידן?... און דאָס איבעריקע וועט שלום־עליכם באַקומען צו פופצן דאָלער פון אַ פאָרשטעלונג. שלום־עליכם גלייבט דאָך, אַז די פּיעסע וועט גיין, איז דאָך אַוודאי רעכט... ער אַליין מוז זיך אָבער וועגן דער פּיעסע נאָך גוט באַטראַכטן. מע וועט זי דאַרפן פריער איבערלייענען פאַר זיינע מענטשן, וועלן מיר דעמאָלט קאָנען ריידן ביזנעס. נאָר מער ווי אויף צוויי הונדערט דאָלער זאָל איך זיך סייווי ניט ריכטן...

איך האָב זיך דערפילט ווי איינער, וואָס מע האָט אים אַראָפּגע־וואָרפן פון די הויכע הימלען אין אַ טיפער גרוב. וואָס האָב איך דאָ געקאָנט טאָן? האָב איך מיט אַ פאַרקלעמטן האַרצן געפּרוּווט דאָס לעצטע: טאַקע טויזנט דאָלער, אָבער מזומן. איך האָב געגעבן אָנצו־הערעניש, אַז אין ניו־יאָרק זענען פאַראַן נאָך גרויסע אַקטיאָרן, וואָס וועלן אויפנעמען ווי געהעריק שלום־עליכמס אַ מייסטער־ווערק... האָט זיך אַדלער ווי דערשראָקן: אויב איך מיין קעסלערן — וועט קעסלער קיין טויזנט דאָלער ניט געבן... וועלכער משוגענער וואַרפט זיך דאָס פאַר אַ פּיעסע מיט טויזנטער? סאַידן גאָרדינען. איז דאָך גאָרדין איינער! ווי אַזוי קאָן זיך שלום־עליכם גלייכן צו גאָרדינען? אָט שרייבט ער דאָך אַליין אין זיין בריוו, אַז ער איז נאָך אַן אָנפאַנגער...

איך בין געבליבן זיצן ווי אין אַ קלעם. אָט מיט וואָס עס לאָזט זיך אויס שלום־עליכמס לעצטע האָפענונג אויף זיין געפונענעם אוצר! און אָט ווי אָרעם שלום־עליכם ווערט אָפּגעשאַצט פון אַ צווייטן יידישן קינסטלער, אַ רייכן און אַ זאַטן!... איך האָב מיך אַרומגעקוקט אין דעם רייכן, וואַרעמען און רואיקן אַפּאַרטמענט, און ניט־ווילנדיק זענען מיר אַרויף אויפן זינען די אומרואיקע בריוו פון דער היים — מיט וויפיל יסורים און אויפרעגונג עס קומט דאָרט אָן צו צאָלן דעם „קוואַרטל" פאַר דער ענגער קאַלטער דירה אין זשענעווע... עס האָט מיך אַ ברען געטאָן

אויפצושטיין, נעמען די פּיעסע און אַ קלאַפּ טאָן מיט דער טיר. איך האָב זיך אָבער דערמאָנט אָן שלום־עליכמס ביטערן אָנזאָג — ניט אַוועק־צוגיין פון אַדלערס הויז מיט ליידיקע הענט... איך בין אויפגעשטאַנען און זיך געשטעלט ביים פענצטער אין שטומער פאַרצווייפלונג.

אויך אַדלער איז צוגעגאַנגען שטיל צום פענצטער און האָט זיך געפּרוווט מיך נעמען פון אַן אַנדער זייט — מיט מוסר, ווי שלום־עליכמס אַ פריינד. ווי אַזוי — האָט ער געפרעגט — פּאַסט עס גאָר פאַר שלום־עליכמען, איך זאָל מיט זיין פּיעסע וועלן פּעדלען איבער פרעמדע טעאַטערס ?... שלום־עליכם שרייבט אים אַזעלכע ליבע, האַרציקע בריוו — לסוף מישט זיך אַריין דער איידעם און וויל גאָר קאַליע מאַכן... צי ווייס איך דען ניט, אַז אין יענע טעאַטערס האַלט מען, אַז שלום־עליכם איז גאָר קיין דראַמאַטורג ניט ?... ער איז דער איינציקער, וואָס איז גרייט מיט שלום־עליכמען צו ריזיקירן. ער האָט ריזיקירט אויך מיטן „אויסוואורף" — און האָט טאַקע געהאַט אַ מיאוסן דורכפאַל... און דער „אויסוואורף" איז דאָך נאָך אַלעמען געווען מער פּיעסע, ווי אָט דער „אוצר"... דאָ, אין דעם „אוצר", האָט ער אַפילו ניט קיין רעכטע ראָל — ס'איז נאָר גערעדט און גערעדט... די אמתע ראָל וועט גאָר אַריינפאַלן צו מאַשקאָוויטשן. האָלאָוועשקע דער משומד — אָט דאָס איז די איינציקע ראָל אין דער פּיעסע. יענער טוט כאָטש עפּעס, באַוועגט זיך אויף דער בינע, און זיינע רוסישע ווערטלעך וועט דער עולם נאָכזאָגן אין אַלע שעפּער אויף דער איסט־סאַיד... ער וואָלט מיט פאַרגעניגן גענומען די ראָל פון האָלאָ־וועשקע — פּאַסט אים אָבער ניט צו שפּילן אַ משומד... אויך מיסעס אַדלער האָט אין דער פּיעסע קיין ראָל ניט. זי וועט דאָך ניט גיין שפּילן די נאַרישע יאַכנע, די אַלמנה מיט דער זאַק... נאָר גאָרנישט, צוויי הונ־דערט דאָלער איז ער גרייט אַרויסצוואַרפן...

— נאַ, — זאָג איך — מע דאַרף גיין.

— וווהין וועט איר גיין ?

— דערווייל אַהיים, קיין בראָנזוויל.

— וואָס זשע בלייבט מיט דער פּיעסע ?...

— וויבאַלד זי טויג ניט פאַר אַייך, וועל איך גיין זוכן אַזעלכע, פאַר וועמען זי וועט יאָ טויגן.

— וואָס הייסט, זי טויג ניט? טאַטעלע, איך האָב דאָך אַייך געזאָגט!... איר ווייסט וואָס? וואַרט־אָפּ עטלעכע טעג, ביז מאָנטאָג, פאָלגט מיך... מאָנטאָג וועלן מיר לייענען די פּיעסע פאַר מיינע טעאַטער־מענטשן... אָדער שאַ! לאָמיר ביידע שוין פאָרן צו מיר אין טעאַטער, וועלן מיר דאָרט זיך מיישב זיין...

נאָר אַז מיר האָבן זיך געזעצט ביידע אויפן „על" און אָפּגעפאָרן עטלעכע סטאַנציעס, האָט זיך אַדלער פּלוצעם אויפגעהויבן, אַ זאָג געטאָן מיר קאָלט: „איך גיי דאָ אַראָפּ" — און איז נעלם געוואָרן מיט זיין גלאַנציקן צילינדער, מיך איבערגעלאָזט אַליין אין גרויסער פאַרווירונג. איך האָב ניט רעכט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען: צי האָט ער געמיינט מיך אויספּרווון, אויב איך וועל אים ניט נאָכלויפן, אָדער ער האָט מיך סתם געוואָלט צעטומלען?...

איך בין צוריקגעקומען קיין בראָנזוויל מיט שלום־עליכמס „אוצר" אַ צעבראָכענער — צעבראָכן נאָך מער דערפון, וואָס אָנשטאָט צו שיקן שלום־עליכמען די געגאַרטע טעלעגראַפישע ישועה, האָב איך באַדאַרפט זיך אַוועקזעצן אים אָנשרייבן אַ פולן באַריכט מיט אַלע פיינלעכע איינ־צעלהייטן פון מיינע פאַרהאַנדלונגען מיט אַדלערן. דערפאַר האָט מיך שלום־עליכם אין זיין ענטפער שפּעטער באַלוינט: „ביט געקוקט אויף מיין צער און מיין טרויער און אויף דער נויטיקייט פונעם געלט, — האָט ער מיר געשריבן — קאָן איך דיר זאָגן אַ דאַנק און אַ קאָמפּלימענט אין די אויגן, אַז דו ביסט נאָך אַ גרעסערער דיפּלאָמאַט פון וויטען"... און וועגן אַדלערן האָט ער אַזוי געשריבן: „רבונו של עולם! ווי גרויס איז דער דאָזיקער ריז אין זיין קונסט און ווי קליין איז דער דאָזיקער מענטש אין זיין לעבן!"...

ט

# מיטן „אוצר" איבער די ניו־יאָרקער יידישע טעאַטערס

אומזיסט האָב איך געוואַרט אויף מאָנטאָג, ווען אַדלער האָט צוגע־זאָגט געבן אַן ענטפער וועגן שלום־עליכמס „אוצר" — אַדלער האָט ניט געשיקט רופן מיך, „בעטן און לעקן מיין ערד", ווי שלום־עליכם האָט זיך פאָרגעשטעלט. ווייזט אויס, אין ענינים פון „דיפּלאָמאַטיע" איז אַדלער געווען שטאַרקער אַפילו פון מיר!... וואָס־זשע טוט מען ווייטער? ווו געפינט מען אַ רעכטן טעאַטער פאַר שלום־עליכמס קאָמעדיע? און דער עיקר — ווו קריגט מען פאַר דער קאָמעדיע אַ רעכטע סומע געלט אויף אַריבערצושיקן שלום־עליכמען טעלעגראַפיש?... מיין ערשטער גע־דאַנק איז געווען — קעסלער. איך האָב פּערזענלעך קעסלערן ניט גע־קענט. איך האָב אויך געוווּסט, אַז שלום־עליכם האָט אין ניו־יאָרק מיט קעסלערן קיין טעאַטראַלישע אונטערהאַנדלונגען ניט געהאַט. פון דעסט־וועגן האָב איך מיר געמאַכט האַרץ און אָפּגערופן קעסלערס הויז אויפן טעלעפאָן. געענטפערט האָט מיר אַ פרויען־שטים אויף ענגליש: קעסלער איז ניטאָ; ווער רעדט דאָס? האָב איך געזאָגט, אַז דאָס רעדט איינער, וואָס האָט צו קעסלערן אַ וויכטיקן ענין פון שלום־עליכמען. האָט די שטים געפרעגט בייזלעך: ווער איז דער שלום־עליכם? האָב איך געזאָגט, אַז מר. קעסלער ווייסט מסתמא, ווער שלום־עליכם איז; ווען קאָן מען אים טרעפן? האָט די שטים געענטפערט שוין דווקא אויף יידיש: „שבת־צו־נאַכטס נאָכן קאַלטן קוגל"...

נאָר גאָט איז אַ פאָטער. אַרומגעדרייט זיך מיט אַ באַטריבטן געמיט אויף דער איסט־סאַיד, בין איך אַריין אָפּכאַפּן דעם אָטעם אין דער רע־דאַקציע פונעם „טאַגעבלאַט", ווו די לעצטע צייט, נאָך יאָהאַן פּאַלעיס טויט, האָט מיך תשר"ק שטאַרק מקרב געווען און אַפילו באַשטעלט ביי

מיר פּאָר דער צייטונג עטלעכע סקיצעס און אַרטיקלען. דאָרט האָב איך געטראָפן, אין אַ ברייטער אייראָפּעאישער פּעלערינע און מיט אַן אימפּאָזאַנטן אייראָפּעאישן שטעקן, אַברהם אליהו לובאַרסקין. מיט לו־באַרסקין בין איך שוין געווען באַקאַנט פון פריער, נאָר ער האָט זיך אויף מיר געבלאָזן, למאי איך באַזוך אים ניט אין זיין הויז; איך וויל גאָרניט וויסן פון דעם, אַז ביי אים אין הויז שטייט אַ „קושעטקע", אויף וועלכער ניט איין העברעאישער שרייבער האָט שוין גענעכטיקט... איצ־טיקס מאָל האָט לובאַרסקי פאַרבויגן זיין ברוגז, מיך אָפּגערופן אין אַ ווינקל און געפרעגט גאַנץ שטיל, קאָנספּיראַטיוו:

— נו? וואָס הערט זיך מיטן „אוצר"?

— מיט וועלכן אוצר?...

— מיט שלום־עליכמס „אוצר". ווו האַלט איר מיט אַדלערן?...

איך האָב אים אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן: ווי אַזוי קומט ער צום „אוצר"? וועלכער פויגל פונעם הימל האָט דאָס אים אַנטפּלעקט?

— אויב דאָס איז אַ סוד — זאָגט לובאַרסקי ווי באַליידיקט — וויל איך, פאַרשטייט זיך, דערפון ניט וויסן...

איך האָב אָבער פון זיין פּנים געזען, אַז ער וויל פון דעם סוד דווקא יאָ וויסן, און ניט נאָר ער וויל — ער גייט־אויס צו וויסן! און אַזוי ווי אין האַרצן האָב איך מיך דערפרייט, וואָס גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ פריינדלעכן מענטשן, מיט וועמען איך וועל מיך קאָנען כאָטש אַן עצה האַלטן — האָב איך אים דערציילט וועגן מיינע אומגעלונגענע אונטער־האַנדלונגען מיט אַדלערן. אויסגעהערט מיך, האָט לובאַרסקי טיף אָפּגע־זיפצט מיט דער גוטער מינע פון אַן עלטערן שוצפּאַרטיקן קרוב: „אוי, שלימעזאַלניקעס! אוי, גרינע חיות!... אַז שלום־עליכם שרייבט אַן אַזאַ טייערע קאָמעדיע, אַזאַ זעלטענעם „אוצר" — צו וועמען שיקט ער דאָס צו? ניט צו אברהם אליהו לובאַרסקין, וואָס איז דאָ אויסגעבונדן נפש אחת מיט אַלע אַקטיאָרן און מיט אַלע טעאַטער־מענעדזשערס, נאָר צו זיין כשרן „געניידעם", וואָס איז טאַקע אַ פיינער יונגער שרייבער, שרייבט אויסגעצייכנט העברעאישע סיפּורים, ער אַליין לעקט פון זיי די פינגער, נאָר ער איז נעבאַך פאָרט אַ יונגערמאַן אַ גרינער... משל

למה הדבר דומה — צו וואָס איז די זאַך געגליכן? ווי מע זאָל, אַשטייגער, שיקן אַן אומשולדיק כשר שעפעלע דורכפירן אַ געשעפט מיט וועלף. זיי וועלן דאָך מיך אויפפרעסן אַ לעבעדיקן מיט די שטיוול, אָט די טע־אַטער־באַנדיטן!... ווען איך קום צו אים פריער, וואָלט ער מיר גלייך געזאָגט, אַז גיין דאַרף איך ניט צו אַדלערן, וואָס האָט אַ פּנים פון אַ מלאך און אַ האַרץ פון אַ טאַטער, נאָר צו קעסלערן — דער איינציקער גאָט־געבענטשטער קינסטלער צווישן יידישע אַקטיאָרן, וואָס נאָר ער אַליין וועט קאָנען אָפּשאַצן שלום־עליכמס אַן אוצר!... נאָר גאָרנישט. ער, לובאַרסקי, האָט קיין מזל ניט צו שלום־עליכמען. דאַכט זיך, ער איז מיט שלום־עליכמען אַדרבה ואדרבה, און שלום־עליכם מיט אים איז קידער־ווידער... פון אייביק אָן אַזוי, נאָך פון די ערשטע פריינד־שאַפט־יאָרן אין אָדעס. אין אָדעס האָט ער געדינט שלום־עליכמען מיט לייב און לעבן, טאַקע נאָר ווי אַ חסיד קאָן דינען זיין רבין. איז זיך מיישב אונדזער שלום־עליכם, געזונט און שטאַרק זאָל ער זיין, פּאָרט אַוועק קיין קיעוו און לאָזט אַרויס אויף דער וועלט דורך זיין מנחם־מענדלען אַ כאַראַקטעריסטיק פון זיין בעסטן פריינד לובאַרסקי, און דווקא אָפן, און נאָך מיט אַ גוטן סימן דערצו, אַז אַלצדינג הייבט זיך ביי אים אָן מיט אַן אלף: זיין נאָמען איז אברהם אליהו, און זיצן זיצט ער אין אַדעס, און בטבע איז ער אַ רויטער, אַ בעל־מגזם, אַ קאָכלעפל"...

דער סוף איז געווען — מיר האָבן אָפּגעשמועסט מיט לובאַרסקין, אַז מאָרגן נאָכמיטאָג טרעפן מיר זיך אויף דער צווייטער עווענין אין אַ קאַפּע־הויז, וווהין ער וועט צו מיר ברענגען קעסלערן פון דער אַקטיאָרן־קאַפּע, און מיר וועלן, אם ירצה השם, באַזאָרגן דעם „אוצר" איינס און צוויי, אפשר נאָך בעסער ווי שלום־עליכם אַליין ווינטשט זיך!...

און כך הוה. אַ באַנייטער פון לובאַרסקיס גוטן אָפּטימיזם, בין איך אויף מאָרגן פונקט אין דער אָפּגערעדטער צייט געקומען אין דער פרעמ־דער קאַפּע, זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל, און עס האָט ניט גענומען קיין אָנדערהאַלבן שעה, איז אַריינגעקומען לובאַרסקי אין זיין ברייטער מונטערער פּעלערינע, און מיט אים דוד קעסלער. איך האָב ביז אַהער קעסלערן געזען נאָר אונטער גרים, אין שלום אַשס „גאָט פון נקמה" און

אין לעאָן קאָברינס אַ פּיעסע. איצט האָב איך פאַר זיך דערזען אין דער נאָענט אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אַ פעסט־געבויטן, אַ דיקלעכן, נאָר שלאַנק און יונג אין די באַוועגונגען, מיט אַ פּנים, וואָס האָט די ערשטע מינוט איבערראַשט מיט זיין פּראָסטער, ניט־שיינער, אומגע־הובלטער מגושמדיקייט. נאָר וואָס מער מע האָט אויף דעם דאָזיקן פּנים געקוקט, אַלץ טיפער און האַרציקער איז עס באַלויכטן געוואָרן אונ־טער דעם וואַרעמען בליק פון זיינע טיפע און שיינע, טרויעריק־שמייכ־לענדיקע אויגן. עס האָט פון אים געאָטעמט מיט ערלעכער מענערישער פאַרטראַכטקייט, אַזוי אַז ער האָט גלייך אַרויסגערופן צוטרוי. עס איז געווען אַ גאַנץ אַנדער איינדרוק, ווי פון אַדלערן; עס האָט זיך געפילט, אַז צו אים דאַרף מען ניט אָנווענדן קיין שום „דיפּלאָמאַטיע“. אַפילו זיין שפּראַך, אַ קורצע, אַן אָפּגעהאַקטע, יידיש געמישט העכער האַלב מיט ענגליש, וואָס האָט זיך לכתחילה ווי ניט געקלעפּט — האָט געוועקט גרויס צוטרוי מיט איר נאַאיווער און דאָך קלוגער אומגעלומפּערטקייט. אפשר האָט דערצו אויך געווירקט זיין ריינע, טיפע און ערלעכע באַסאָווע שטים, וואָס איז ווי געגאַנגען גלייך פונעם האַרצן. ער האָט זיך באַנומען מיט מיר זייער העפלעך, מיט דער באַזונדערער אָנגענעמער איידלקייט פון אַ גוטן און ערלעכן אַקטיאָר. ער האָט מיר געזאָגט אָן שום הקדמות, אַז ער איז צופרידן אויסצוהערן שלום־עליכמס אַ „פּלעי“, און אויב די „פּלעי“ וועט אים זיין צום האַרצן, וועט ער זי מיט פאַרגעניגן קויפן. ער זוכט גוטע, ליטעראַרישע „פּלעיס“...

איך האָב דעם „אוצר“ געלייענט פאַר קעסלערן ביי אים אין הויז, אין אַן אָוונט. פאַרשטייט זיך, אַז דערביי איז אויך געווען לובאַרסקי וואָס איז אַראָפּגעקומען מיט אַ ליכטיקן און יום־טובדיקן פּנים, ווי מע קומט אויף אַ קנס־מאָל, אָדער סתם אויף אַ יידישן לעקאַך־און־בראָנפן, ווו מע וועט געבן גוטע זאַכן. איך האָב געהאַט ניט קיין לייכט לייענען. קעסלער האָט אויסגעהערט די פּיעסע מיט שווערער, אָנגעלאָדענער אויפ־מערקזאַמקייט, אָפּט מיך געבעטן איין זאַך איבערלייענען צוויי מאָל, ניט פאַרשטאַנען, געפרעגט פּשט, זיך אָפּגעשטעלט אין די סאַמע אינטערע־סאַנטע ערטער אויף קליינקייטן, געמאַכט אומגעלומפּערטע באַמערקונגען,

אין וועלכע עס האָט אָבער דאָך געשטעקט טיף באַהאַלטן אַ קערנדל אמת. צייטנווייז איז ער גאָר געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אַזוי אַז איך האָב אים אָנגעהויבן חושד צו זיין, אַז ער דרעמלט, און האָב אויפ־געהערט צו לייענען. האָט ער באַלד אויפגעעפנט די אויגן, ווי פון ערגעץ אַן אַנדער וועלט, און מיך באַרואיקט:

— ס׳אַלראַיט, איך הער, איך הער. גאָו אַהעד!... [גייט ווייטער!].

נאָכן לייענען איז קעסלער געבליבן זיצן אַ שווער־פאַרטראַכטער, אַ שווייגנדיקער. לובאַרסקי, וואָס האָט אַרויסבאַוויזן גוואַלדיקע התפעלות ביי יעדן גוטן מאָנאָלאָג אין דער פיעסע, האָט זיך איצט אָנגענומען מיט פרישע כוחות און געוואָלט אַרויסקומען מיט רייד. איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל דערמיט ניט קאַליע מאַכן דעם איינדרוק, האָב איך אים שטום אַ ווונק געטאָן, ער זאָל בעסער לאָזן ריידן דעם בעל־דבר אַליין. דער בעל־דבר האָט אָבער נאָך אַלץ געשוויגן. האָט אים לובאַרסקי אונטערגעטראָגן איינעם פון זיינע רוסישע פּאַפּיראָסן און אָפּן אַ פרעג געטאָן:

— נו? וואָס וועט איר זאָגן, מר. קעסלער, אויף אונדזער שלום־עליכמען?

— וועל, יעס... — האָט קעסלער געענטפערט נאָך אַ קליינער פויזע. — גוטע סיגאַרעטס ביי אַייך, יו נאָו... ווו קויפט איר זיי?... און וועגן דער פּלעי איז... וועל, לעט מי טעל יו... ס׳איז, אָפקאָרז, אָלראַיט... דער דייעלאָג איז ברילִיאַנט... יידישע אַקטיאָרן, יו נאָו, דאַרפן זיך בענטשן... מענטשן ריידן — אַ פאַרגעניגן צו הערן... עי ריעל פּלעזשור... ווי טאַטע־מאַמע, יו נאָו... ברילִיאַנט!... ענד די זייטיקע ראָלן — אָלראַיט, אָלראַיט!... גוט געצייכנט, איל־פּעינטינג, יו נאָו... די אָרעמע יידענע מיטן רענדל, בעליעוו מי, איז עי מעסטערפּיעס... עי ריעל גוד פּאָר־טרעט!... באָט... יעס... דהי מעין טהינג!... אָט דער ייד, יו נאָו... די הויפּט־ראָל... האַו דו יו קאָל הים?... דהאַט מען וויטה דהי ברעינז... אָ יעס, מאָזגאָוואָיער... דזשענטלמען, — איך פאַרשטיי אים ניט! אַי דאָנט געט הים!... ווער איז ער? וואָס איז ער? ווהאַט׳ס היז פּאָינט, אַי מין?... אַ משוגענער? אַן אידיאָט? אַ באַטריגער?... ער עקטעט, לעט מי

טעל יו, ווי אַן אמתער באַטריגער, אַ פלוט, יו נאָו... פאַרקויפט די טאַכטער צוליבן אוצר, נאַרט דעם פאָליסמען, ענד עוורי־טהינג... און ריידן רעדט ער, ווי... ווי... אַ הייליקער!... ווי... ווי... האָו ווּוד יו סעי איט?... ווי.. ווי... אַ משה רבינו, וואָס... וואָס... פירט די יידן, יו נאָו, קיין מצרים... טו טעל יו דהי טרוטה, — איך האָב ערוואַרט גאָר אַן אַנדער ראָל פון שלום אַשן...

— איר מיינט, פון שלום־עליכמען? — פאַרריכט אים לובאַרסקי.

— אָ יעס! עקסקיוז מי, דהאַט'ס ווהאַט אַי מין... יו סי? — פאַר־ענטפערט ער זיך מיט אַ שעמעוודיקן שמייכל פאַר זיין טעות. — גע־שפּילט הײנטיקן סיזן יענקל שאַבסאָוויטש, האָב איך מיר פאַרהאַקט דעם קאָפּ מיט דעם שלום אַש, יו נאָו... וועל, דזשענטעלמען, אַי עם סאַררי טו סעי... אָפּקאָרז, די פּלעי איז פון אַ גרויסן שרייבער... באַט אַט דער טיפּ... אַט דער מאָזגאָוואָי... איך קאָן אים ניט צעקנאַקן... פאַר אינ־סטענס, נעמט אַ נוס... אַ פינצטערע זאַך... אָדער ס'איז דאָ אַ יאָדער, אָדער ס'איז פּוסט, יו נאָו...

איך האָב זיך געפּרוּווט אַריינמישן, גענומען אים דערקלערן, אַז לוי מאָזגאָוואָיער איז ניט קיין באַטריגער און ניט קיין אידיאָט, נאָר אַ מענטש, וואָס איז פאַרכאַפּט פון אַ חלום, פון אַ ווילדער פאַנטאַזיע, אין וועלכער ער איז היסטעריש פאַרגלויבט. און די גאַנצע זאַך איז אַ פאָלקס־קאָמעדיע, אַ ביטער געלעכטער איבער יידישער אָרעמקייט און יידישע אוצרות, אַזוי אַז מע דאַרף די פאַרשוינען אויפפאַסן ניט ווי באַטריגער און ניט ווי אידיאָטן, נאָר ווי מענטשן פאַרזונקענע אין פינצטערן דלות, וואָס רייסן זיך צו אַ פונק פון האָפענונג אויף אַלע וועגן, אויף גלייכע און אויף קרומע...

— קורץ גערעדט, — מאַכט מיר לובאַרסקי גלייך קאַליע מיין דער־קלערונג, — ס'איז אַ מין יידישער „רעוויזאָר״, ווי שלום־עליכם אַליין האָט זיך אויסגעדריקט צו אונדז אין אַ בריוו...

קעסלער קוקט אונדז ביידן אָן ווי צעטומלט.

— וועל, — זאָגט ער, — דער „רעוויזאָר״ איז מער רוסישע פּאָ־ליטיקס ווי טעאַטער, יו נאָו... אָפּקאָרז, פאַר רוסלאַנד איז דאָס גרויס...

באָט אײַער פּאָינט — װענדט ער זיך דירעקט צו מיר — װעל, איט איז עי פּאָינט, יו נאָו... עניװעי, מוז איך די פּלעי הערן נאָך אַ מאָל.

— װען נאָך אַ מאָל?

— װעלן מיר זאָגן — אין אַ װאָך אַרום.

איך קוק מיך איבער מיט לובאַרסקין שטאַרק באַטריבט.

— הערט־זשע אויס, מר. קעסלער! — נעמט זיך אָן לובאַרסקי מיט דאַמף און טרעט־אַריין ענערגיש אין זיין ראָל. — די מעשה דערפון איז אַזוי. אויף שלום־עליכמס אַ פּיעסע זענען דאָ, ברוך־השם, גענוג בעלנים אין אַמעריקע. פּאַראַן, גאָט צו דאַנקען, אַ יענקעלע אַדלער, פּאַראַן, קיין עין־הרע, אַ בערקע טאָמאַשעװסקי, און רב לעאָפּאָלד שפּאַכ־נער מיט זיין פּלוניתטע בערטע קאַליש זענען אויך ניט קיין הינקענ־דיקע שניידער... האָב איך אָבער געזאָגט מיין יונגן פריינד מר. בער־קאָוויטש, אַן אויסגעצייכנטער העברעאישער שרייבער, אויף מיר אַזאַ יאָר: ניין! איר מעגט זיך זיין שלום־עליכמס אַן איידעם, נאָר דאָס יידישע טעאַטער אין אַמעריקע קען איך בעסער פון אַייך! שלום־עליכמס קאָמעדיע מוז שפּילן קעסלער, װעלכער איז ביי אונדז דער איינציקער יידישער קינסטלער! דער גרעסטער יידישער הומאָריסט און דער גרעס־טער יידישער אַקטיאָר — װאָס קאָן שוין זיין אַ בעסערער שידוך?... על כן, מר. קעסלער, װיל איך הערן פון אַייך, װי אונדזער שלום־עליכם זאָגט, קלאָרע ברבורים: יאָ, צי ניין? און אויב יאָ, אויב דער חתן געפעלט אַייך, בין איך אַן אַמעריקאַנער שדכן אַ ביזנעסמאַן און פרעג גלייך אַ פּרייז: מה יקר? װיפיל, אַשטייגער, קאָנט איר געבן שלום־עליכמען נדן?...

איך האָב שוין מורא, אַז לובאַרסקי מיט זיין פּאַטעטישער דרשה האָט אַװעקגעהרגעט די גאַנצע זאַך. נאָר איך האָב, װייזט אויס, געהאַט אַ טעות. קעסלער שמייכלט פאַרלעגן און ענטפערט:

— װעל, אויב אַלצדינג, יו נאָו, װעט זיין אָלראַיט... יו סי, די פּלעי מוז געפיקסט װערן... שטאַרק, יו נאָו... װעל, עי קאָפּל אַ האָנדרעד דאָלאַרס װעט מען קאָנען געבן...

— װאָס הייסט ביי אַייך אַ „קאַפּל״? — װיל לובאַרסקי װיסן גענוי. —

ביי מיר, אין מיין טיי־געשעפט, הייסט אַ „קאַפּל״ אַמאָל טויזנט טאָלער, און אַמאָל צוויי טויזנט, און אַמאָל, ניט פאַר אַייך געדאַכט, די גאַנצע פינף טויזנט!...

— וועל, — שמייכלט קעסלער, — מיר האַנדלען ניט מיט קיין טיי... אַי מין סימפּלי — אַ צוויי־דריי הונדערט, יו נאָו...

לובאַרסקי האָט פאַרקוועטשט די ליפּן אין אַ זויערער גרימאַסע, אַ קוק געטאָן אויף מיר, צי בין איך ביי דער זעלבער מיינונג, און אַרויס־געַרעדט מיט האַרץ:

— נאָסער! פאַר דריי הונדערט שמאַרדאָוואַנצעס וועלן מיר שלום־עליכמען ניט פאַרקויפן!... מיר מעגן שוין גיין!...

ער האָט זיך אָבער ניט געאַיילט אַוועקצוגיין. ער האָט זיך נאָך געפּרוּווט אַ ביסל אַ דינג טאָן. קעסלער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס: די פּיעסע קאָן זיין אַ פּיעסע, נאָר ער דאַרף זי פריער רעכט צעקייען. דערהויפּט — אָט דעם משוגענעם „מאַזגאָוואַי״. ער איז וויליק צו באַצאָלן דריי הונדערט דאָלער, אויב שלום־עליכם וועט אַיינגיין די פּיעסע איבערצומאַכן לויט זיינע אָנווייזונגען. דער לעצטער אַקט, צום ביישפּיל, טויג אינגאַנצן ניט. ס׳איז דאָרט פאַראַן אַרבעט נאָר פאַר די „סטעידזש־קאַרפּענטערס״, ניט פאַר די אַקטיאָרן. אָבער אויף מער פון דריי הונדערט דאָלער זאָל מען בכלל ניט וואַרטן. ס׳איז ניט דאָס, וואָס ער האָט גע־מיינט. ס׳איז ניט יעקב גאָרדין, יו נאָו...

מיר האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון קעסלערס וואַרעמער וווינונג אין דער קאַלטער ווינטיקער נאַכט אַריין און געכאַפּט אַ ציטער. ביי מיר איז דער ציטער געווען אַ טאָפּעלער.

— אַ גרויסער טאַלאַנט! — האָט לובאַרסקי רעזומירט זיינע אַיינ־דרוקן פונעם אָוונט. — נאָר נעבאַך אַ גרויסער עם־הארץ... אוי, גלות, גלות! גלות אַמעריקע!...

און איך בין ווידער אַוועקגעפאָרן קיין בראַנזוויל צוריק מיטן „אוצר״...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר טעג פון לויפעניש, פון עגמת־נפש, פון גרויסער צערודערונג. איך בין אומגעלאָפן וואָכנלאַנג מיט שלום־עליכמס „אוצר״ איבער די יידישע טעאַטערס אין ניו־יאָרק — פון

אַדלערן צו קעסלערן, פון קעסלערן צו טאָמאַשעווסקין, און פון טאָמאַ־שעווסקין ווידער צו אַדלערן. אַדלער האָט געהאַט איינגעשטימט צו לייענען די פּיעסע נאָך אַ מאָל — דאָס מאָל אין טעאַטער, פאַר זיינע אַקטיאָרן, אויסצופּרוּוון, „צי וועט מען לאַכן". די אַקטיאָרן האָבן אָבער אַלץ געקוקט, צי אַדלער לאַכט, און אַזוי ווי אַדלער האָט איצט אויף צו־להכעיס ניט געוואָלט לאַכן, האָבן אויך די אַקטיאָרן ניט געלאַכט. האָט זיך אַדלער מיישב געווען און איז פּלוצעם אַוועק אינמיטן, מיך איבערגעלאָזט אַליין מיט זיין חדר. איך בין געווען אין דער פיינלעכער לאַגע פון איינעם, וועלכן מע האָלט ביים אויסלאַכן, און האָב דורכגע־לעבט יסורים פון אמתן גיהנום. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך לייען די פּיעסע שוין צום הונדערטן מאָל, און דאָ, זיצנדיק אַקעגן אָט דער חברה לצים מיט די פרעמדע פּוסטע פּנימער, האָבן מיר אַליין די ווערטער אָנגעהויבן קלינגען מאָדנע פרעמד, זינלאָז און נוצלאָז... האָב איך אָפּגעהאַקט דאָס לייענען, גענומען דאָס מאַנוסקריפּט און אַרויסגעלאָפן פונעם טעאַטער.

קעסלער ווידער איז יענע טעג געווען פאַרטראָגן מיט אַ סטרייק, וואָס זיינע אַקטיאָרן האָבן אים געמאַכט אין טהאַליאַ־טעאַטער. פון דעסט־וועגן האָט ער געפונען פאַר מיר אַ פרייען אָוונט און ווידער אַ מאָל אויסגעהערט דעם „אוצר". נאָר איצטיקס מאָל האָט ער, דאַכט זיך, געדרעמלט שוין אויף אַן אמת... פון דעם צווייטן לייענען האָט ער אַרויס־געטראָגן גאָר אַ שפּאָגל־נייעם אורטייל: אַז די פּיעסע קאָן מען שפּילן נאָר ווי אַ בורלעסק; צוליב דעם אָבער דאַרף שלום־עליכם אַוועקנעמען דעם ערנסטן טאָן און די „הייליקייט" (געמיינט האָט ער — דעם פּאַטאָס) און צושרייבן פריילעכע לידלעך...

איז געבליבן דער לעצטער אויסוועג: טאָמאַשעווסקי. דער לעצטער — ווייל טאָמאַשעווסקי האָט יענעם ווינטער געשפּילט נאָר אָפּערעטעס. לו־באַרסקי האָט אָבער ניט פאַרלאָרן דעם מוט. ער איז געלאָפן צו טאָמאַ־שעווסקין אַהיים אויף אַ בר־מצוה־פייערונג און געבראַכט פון דאָרטן אַ היפּש פּעקל מיט דאָלערס פאַר דער אַלמנה פון דעם העברעאישן שריפטשטעלער יהודה שטיינבערג (וואָס איז אַרום יענער צייט גע־

שטאָרבן אין אָדעס), און פאַר מיר — אַ פריילעכע בשורה. טאָמאַשעווסקי האָט אים בפירוש געזאָגט: לאָז מען אים געבן שלום־עליכמס „אוצר״, וועט ער פון אים מאַכן דעם גרעסטן „סוקסעס״ אין דער וועלט!... נאָר וואָס זשע דען? מע דאַרף איינשפּאַנען יוסף באַראָנדעסן, שלום־עליכמס בעסטן פריינד, פאַרערער און פאָרלייענער, ער זאָל טאָמאַשעווסקין האַלטן ביים וואָרט, אים ניט אָפּלאָזן... באַראָנדעס האָט זיך גערן געלאָזט איינ־שפּאַנען, מיך געפירט באַקענען מיט טאָמאַשעווסקין און באַקומען פון אים אַן ענטפער, אַז איצט איז ער פאַרנומען מיט גרייטן אַן אָפּערעטע לכבוד פסח. מירצעשעם, חול־המועד פסח זאָל איך קומען צו אים, וועט ער זען, וואָס מע קאָן מאַכן מיט שלום־עליכמס „אוצר״.

דערווייל האָט זיך צום „אוצר״ צוגעקלעפּט נאָך אַ מעשה. לו־באַרסקי האָט זיך דערוווּסט פון אַדלערן, אַז אויך דוד פּינסקי האָט אָנגע־שריבן אַ פּיעסע מיטן נאָמען „דער אוצר״ און האָט זי שוין אַפילו פאַר־געלייענט טאָקע פאַר אַדלערן. און דער חידוש איז געווען, וואָס אויך אין פּינסקיס פּיעסע זוכן יידן אַן אוצר אויפן בית־עולם. די געשיכטע האָט געקלונגען אומגלייבלעך, נאָר אַז איך האָב פּינסקין געטראָפן אויף אַ מיטינג פון יונגע שרייבער, האָט ער מיר די זאַך באַשטעטיקט. דאָס האָט מיך גאָר צעטומלט.

אָבער שווערער פון אַלץ האָבן זיך געלייגט אויף מיין געמיט שלום־עליכמס אומרואיקע בריוו און טעלעגראַמעס. וואָס איך האָב באַקומען איינס נאָכן אַנדערן, אָפּטמאָל — צו עטלעכע בריוו אין איין טאָג. אַזאַ פאַרצווייפלטן טאָן האָב איך פון שלום־עליכמען ביז יענעם ווינטער ניט געהערט!... פריער זענען געגאַנגען בריוו מיט אויסבעסערונגען און ענדערונגען, וואָס איך האָב באַדאַרפט אַריינטראָגן אין דעם מאַנוסקריפּט פון דעם „אוצר״. שלום־עליכם האָט ניט אויפגעהערט צו שלייפן און פוצן זיין ווערק, געציטערט פון דער ווייטן איבער יעדן וואָרט און יעדן אויסדרוק — אין דער זעלבער צייט, וואָס דאָ אין ניו־יאָרק האָבן די טעאַטער־דירעקטאָרן גערעדט פון אַרויסוואַרפן גאַנצע אַקטן און צו־שרייבן פריילעכע לידלעך... דערנאָך האָבן אָנגעהויבן לויפן בריוו און טעלעגראַמעס וועגן די געגאַרטע רעזולטאַטן פונעם „אוצר״, אויף וועלכע

עס האָט אַרויסגעקוקט אין זשענעווע די גאַנצע פאַמיליע, ווי אויף דער לעצטער רעטונג פון ביטערער נויט. שלום־עליכם האָט אין געדאַנק נאָכגעפאָלגט פון דער ווייטן יעדן טראָט מיינעם מיט זיין קאָמעדיע, יעדע נייע ווענדונג, געציילט די טעג און די שעהן, אויסגעקוקט די אויגן אויף דער ישועה... ער האָט מיר אַפילו געשריבן פון זיינע נאַכט־חלומות וועגן דעם „אוצר". אין איין בריוו שרייבט ער: „מיר האָט זיך געחלומט אַ חלום היינטיקע נאַכט, אַז דו האָסט געליייענט דעם „אוצר" פאַר אַדלערן, און ער האָט זיך זייער געפרייט. (דאָנערשטאָג דעם 12טן מערץ). איז פאַראַן עפּעס ממשותדיקס אין מיין חלום? אָדער חלומות ריידן פּוסטע זאַכן?"... און אין אַ שפּעטערדיקן בריוו: „היינט האָב איך געזען אַ שרעקלעכן חלום און האָב דערפון אַרויסגעטראָגן, אַז נעכטן אָדער היינט ביסטו געוועזן ביי טאָמאַשעווסקין און האָסט גאָרנישט דער־גרייכט. אפשר איז דאָס אַ טעות"... און אַז ער האָט באַקומען פון מיר די ערשטע באַריכטן וועגן די ביטערע אַנטוישונגען, האָט ער מיר (דעם 1טן אַפּריל, 1908) געשריבן אַזוי:

„מיין טייערער!

„געדאַנקען, טראַכטונגען און חלומות! — אַדלער, קעסלער, גאָרדין און פּינסקי און לובאַרסקי! — אַן אויפגעקאָכטער ים איז מיין האַרץ אַצינד און מיין קאָפּ איז אויף מיר ווי אַ ראָד אַקעגן אַ שטורעמווינט.

„אָט איז שוין אַ חודש צייט זינט איך האָב דיר אַרויסגעשיקט דעם „אוצר" — און ניט נאָר איז נאָך ניטאָ קיין אוצר ביי אונדז אין די הענט, נאָר איך האָב מורא, טאָמער האָבן מיר געזייט אויף אַ טרוקענעם פעלדז! אוי־וויי, ווי ביטער איז אונדזער גורל! דער שלים־מזל אונדזערער איז אַזוי גרויס, אַזוי גרויס! — — —. און פון דעסטוועגן האָפן מיר אויף הילף. יעדע מינוט איז אונדזער אויער אָנגעשטעלט ווי אַ טרייבל, טאָמער וועט זיך דערהערן אַ קלאַפּ אין טיר, טאָמער קומט אַ טעלעגראַמע פון דיר — און אָט איז אייערנעכטן אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אָבער ניט פון ניו־יאָרק, נאָר פון פּאַריז, אַז איך בין גערופן צו לייענען דעם „אוצר" פאַר די יונגעלייט אין פּאַריז. אַלע מיינע חלומות אויף זייערע קעפּ! — — —.

„דו, מיין טייערער, האָסט געטאָן אַלצדינג, וואָס דו האָסט געקאָנט טאָן, און אפשר נאָך מער — און איצט וואַרטן מיר, טאָמער... טאָמער...

„בעסער וואָלט געווען, ווען דו קאָנסט מאַכן אַן עסק מיט אַדלערן, אָבער אויב ס'איז אוממעגלעך מיט אים עפּעס צו טאָן — וועסטו ענדיקן מיט קעסלערן (אויב דו האָסט שוין ניט געענדיקט). לויט מיין חשבון, ייעל איך באַקומען פון דיר אַ בריוו פרייטאָג, דעם 3טן אַפּריל, געוויס מיט אויסבעסערונגען און צוגעבונגען און ענדערונגען, וועלכע איך בין גרייט צו מאַכן, בכדי צו באַפרייען זיך אַליין און דיך פון די דאָזיקע ביזנעס! גאָט זאָל רחמנות האָבן. — — —.

„פאַרוואָס שרייבסטו מיר ניט גאָרנישט פון דעם, וואָס איז שייך צו דיר? איך האָב געהערט וועגן דער פּיעסע, וואָס דו האָסט געשריבן, פון טיסין, וועלכע האָט זיך ניט־ווילנדיק אַרויסגערעדט, דערציילט די זאַך ניט חס ושלום פאַר אונדז, נאָר פאַר תמרהן:

„שלאָף, מיין טאָכטער, טרייסט מיין שיינע,
שלאָף זשע, קינדעניו!
אָט דיין פּאַפּאַ שרייבט אַ דראַמע,
ליולינקע ליוליו...״

י

## דער „אוצר" ווערט פאַרוואַנדלט אין „גאָלדגרעבער"

יענער ווינטער, דאָס הייסט, די ערשטע פיר־פינף חדשים פון 1908, קאָן באַצייכנט ווערן אין שלום־עליכמס לעבן ווי דער ווינטער פונעם „אוצר" — דער קאָשמאַרנער פעריאָד פון דער אומגליקלעכער קאָמעדיע, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַלע זיינע געדאַנקען און האָפענונגען און האָט אים געבראַכט נאָר יסורים און אויפרעגונגען, איין ביטערע אַנטוישונג נאָך דער אַנדערער. שלום־עליכם, וואָס האָט אַזוי לייכט געשריבן זיינע דראַמאַטישע ווערק און האָט זיי אָפט אויך לייכט אָפּגעלייגט אָן אַ זייט, אָדער גאָר אינגאַנצן פאַרניכטעט (אויב זיי האָבן ניט אויסגענומען ביי די „מבינים"), — האָט זיך פון דעם „אוצר" לאַנג ניט געוואָלט אָפּזאָגן און זיך פון אים ניט געקאָנט באַפרייען. ער האָט טיף אין האַרצן געגלייבט, אַז ער האָט דאָס מאָל אַרויסגעבראַכט אַ גרויס טעאַטראַלִיש ווערק, און ער האָט זיין דורכפאַל ביי די אַמעריקאַנער טעאַטער־דירעקטאָרן גע־האַלטן פאַר אַ ווילדן אומרעכט, וואָס קאָן נאָר געמאָלט זיין ביי דער נידעריקער לאַגע, אין וועלכער דאָס יידישע טעאַטער געפינט זיך. ער האָט די שלים־מזלדיקע געשיכטע מיטן „אוצר" זיך גענומען נאָענט צום האַרצן, כמעט ווי אַ פערזענלעכע קאַטאַסטראָפע. אַז איך גיי איצט דורך די היפּשע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס איז יענע טעג געלאָפן צווישן אונדז ביידן וועגן דעם „אוצר", באַפאַלט מיך אַ וווּנדער: אַזאַ נערוועזער אָטעם, אַזאַ ווייטיקער טאָן, אַזאַ טיפע פאַרצווייפלונג!... עס איז אַזוי ניט ענלעך אויף שלום־עליכמס פרייען כאַראַקטער, אויף זיין ליכטיקן אָפּטימיזם, וואָס האָט אים תמיד לייכט אויפגעהויבן איבער די שטרויכ־לונגען פונעם לעבן!

עס איז געווען ניט דווקא די מאַטעריעלע זייט פון דער זאַך — הגם די שאַרפע מאַטעריעלע נויט האָט דאָ געשפּילט אַ היפּשע ראָל; מער

פון אַלץ איז דאָ אָנגעריִרט געוואָרן די שריפטשטעלערישע אַמביציע, וואָס נאָך אַזאַ באַגייסטערטן שאַפונגס־פּראָצעס און נאָך אַזעלכע גרויסע דערוואַרטונגען פון זיין ווערק, האָט מען עס אין אַמעריקע געמאַכט צו־נישט. „איך גלייב ניט, — האָט ער מיר געשריבן וועגן אַדלערן, — איך קאָן ניט גלייבן, אַז דער „אוצר״ איז אים ניט געפעלן. דאָס איז אַ זאַך, וואָס איז אוממעגלעך!״... דאָס האָט אים געבראַכט אי צו פאַר־צווייפלונג, אי צו אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד: אין דער זעלבער צייט, וואָס איך האָב פון אים באַקומען איינס נאָכן אַנדערן בריוו און טעלע־גראַמעס, איז ער נאָך אַלץ געזעסן און געשליפן און געלייטערט דעם „אוצר״ — אַזוי לאַנג געלייטערט, ביז ס׳איז ביי אים אַרויסגעקומען אַ צווייטע, אַ ניי־באַאַרבעטע וואַריאַציע. אין איינעם פון יענע בריוו, אין וועלכן ער האָט מיר געשריבן, אַז איך מעג פאַרקויפן דעם „אוצר״ וועמען עס וועט זיך נאָר לאָזן — „אַפילו דעם אַשמדאי אַליין, וואָרעם עס האָט מיר שוין דערעסן דער דאָזיקער גאַנצער ביטערער און מיאוסער ענין״, — האָט ער צום סוף צוגעגעבן: „דערווייל פאַרריכט איך דעם „אוצר״ פונדאַסניי, דאָס הייסט, איך שרייב אים איבער פונעם אָנהייב ביזן סוף מיט גרויסע ענדערונגען און מיט אַ סך אויסבעסערונגען, און אַצינד וועט ער אַרויס זיבן מאָל געלייטערט. איך קוק אויפן „אוצר״, ווי אויף צוויי אוצרות: איינער פאַר „אַמעריטשקע״ און דער צווייטער פאַר יוראָפּ״...

און ניט נאָר צוויי „אוצרות״ — ער האָט אָנגעשריבן אויך אַ דריטן. די דריטע וואַריאַציע איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ ליטעראַרישער געשעעניש, וואָס האָט אין יענע טעג געמאַכט אַן אויפריר אין די יידיש־ליטעראַרישע קרייזן. דאָס זענען געווען די טעג, ווען אין ווילנע האָבן אָנגעהויבן דערשיינען די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן״, וואָס האָבן גע־זאָלט עפענען אַ נייעם קאַפּיטל אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור. דריי יונגע שרייבער, א. וויטער, ש. ניגער און שמריה גאָרעליק, אָפּשפּראָצונגען פון דריי פאַרשיידענע פּאַרטייען, האָבן אויפ־געגעבן זייערע ענג־פּאַרטייאישע אידעאָלאָגיעס און זיך פאַראייניקט אין איין יונגער שטרעבונג צו שאַפן אַ נייעם טאָן אין דער יידישער

ליטעראַטור — אויפצוהייבן דאָס יידישע וואָרט צו די העכערע באַגריפן פון דעם מאָדערנעם אינטעליגענטן לייענער. איינער פון די דריי רעדאַק־טאָרן, שמריה גאָרעליק, איז גראָד דעמאָלט געקומען קיין זשענעווע און געבראַכט מיט זיך די ערשטע העפטן פון די „מאַנאַטשריפטן". שלום־עליכם האָט זיך מיט גרויס אינטערעס צוגעקוקט צום נייעם זשורנאַל, וועלכן ער האָט אויפגענומען ווי אַ מין ווייטערע אַנטוויקלונג פון זיין אַמאָליקן אייגענעם יוגנט־אויפטו — „די יודישע פאָלקסביבליאָטעק". ער האָט זיך אָנגעצונדן מיטן פאַרלאַנג אַליין צו זיין פאַרטראָטן אין דעם דאָזיקן יונגן און פרישן זשורנאַל. און אַזוי ווי ער איז דעמאָלט געווען פאַרטאָן אין דעם „אוצר", איז אים איינגעפאַלן ווידער אַ מאָל איבערצואַרבעטן די קאָמעדיע, און גאָר אויף אַ נייעם אופן — אין אַ מאָדערנער פאָרם. ער האָט זי שטאַרק פאַרקירצט, די פיר גרויסע אַקטן איבערגעגאָסן אין דריי קאָנדענסירטע בילדער, אַוועקגענומען די טעאַטראַלישע אינטריגע, פאַרטיפט דעם סימבאָלישן כאַראַקטער, אַזוי אַז עס האָט זיך איצט געלייענט ווי אַן אַלטע מעשה פון פאַרצייטן. ער האָט אויך די רעאַלע נעמען פון די פאַרשוינען אומגעביטן אויף ריין־סימבאָלישע: לוי מאָזגאָוואָיער איז פאַרביטן געוואָרן אויף „קאָכלעפל", וולאָצלאַווסקי — אויף „פריץ", לאַקירדע — אויף „אַפיקורס", אידל טאָרבע — אויף „חלפן"... ליטעראַריש האָט די דאָזיקע דריטע וואַריאַציע געוווּנען אי דורך נייע סצענעס און מאָנאָלאָגן, וואָס האָבן פאַרנומען דעם אָרט פון די טעאַטראַלישע „אָפּשניצלעך" אין די פריערדיקע וואַר־יאַציעס, אי מיט דעם געדעמפטן טאָן פון אַ האַלב־לעגענדאַרישער גע־שיכטע, — הגם דער דיאַלאָג האָט זיך אויך דאָ געגאָסן קלאָר און לייכט, עכט שלום־עליכמדיק, ווי אין אַלע זיינע דראַמאַטישע ווערק.

נאָר שלום־עליכם האָט די „מאָדערניזירטע" וואַריאַציע פון דעם „אוצר" אין די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן" ניט געדרוקט. געשטערט דערצו האָט אים אַ שמועס, וואָס ער האָט געהאַט וועגן דעם, טאַקע ביי זיך אין הויז, מיטן יונגן רעדאַקטאָר פון דעם נייעם זשורנאַל. יענער, ווי אַן עכטער יונגער באַן־ברעכער, האָט אָפן געזאָגט, אַז שלום־עליכם געהערט, אייגנטלעך, צו דער „אַלטער שולע", וואָס פּאַסט זיך ניט אַריין

אין דעם רענעסאַנס־טאָן פון די „מאָנאַטשריפטן", נאָר פון דעסטוועגן, צוליב שלום־עליכמס קלאַסישן כבוד, וועט מען זיך, מאַכטייסע, אַ קוועטש טאָן און מאַכן פאַר אים פּלאַץ צווישן די יונגע. און אַזוי ווי דער גע־שפּרעך איז פאָרגעקומען אין זשענעווע, פון וואַנען מע קאָן זען אין אַ זוניקן טאָג דעם הויכן גליענדיקן שניי־קאָפּ פון דעם העכסטן אַלפּישן באַרג „מאָנבלאַן", האָט אַ צווייטער יונגערמאַן, אויך אַן אָנפאַנגער אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געקומען אין דער שווייץ פון אַ ליטווישן שטעטל, געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז „מיר יונגע", אייגנטלעך, זענען שוין ווייט אַוועק פון כתרילעווקע — מיר, אייגנט־לעך, קוקן־אַראָפּ אויף אָט די אַלע כתרילעווקער „קליינע מענטשעלעך" פון די הויכקייטן פון דעם „מאָנבלאַן"... אויף אַזעלכע ווערטער האָט שלום־עליכם ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן און האָט שוין בעסער אינ־גאַנצן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פּלאַץ, וואָס די „יונגע" האָבן מסכים געווען אים אָפּצוטרעטן.

דעם דאָזיקן קליינעם אינצידענט, וואָס האָט זיך שטיל אָפּגעשפּילט צווישן דעם „אַלטמאָדישן" מייסטער און די „רעוואָליוציאָנערע" מאָדער־ניסטן, האָט מען מיר יענע טעג איבערגעגעבן אין אַ בריוו פון דער היים, און אויך שלום־עליכם אַליין האָט עס מיר שפּעטער דערציילט מיט אַ היפּשער מאָס איראָניע.

וויבאַלד ניט מיט די יונגע, האָט זיך שלום־עליכם געווענדט צום אַלטן „פריינד" אין פּעטערבורג און אָנגעהויבן פירן מיט אים פאַר־האַנדלונגען וועגן דרוקן דעם „אוצר". נאָר אויך דאָ האָט שלום־עליכמס קאָמעדיע ניט געהאַט קיין מזל. איך ווייס ניט עד היום, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי אַרויסגעקומען, נאָר דער „פריינד" האָט אינמיטן זיינע פאַרהאַנדלונ־גען מיט שלום־עליכמען אָנגעהויבן דרוקן דוד פּינסקיס „אוצר". פאַר שלום־עליכמען איז דאָס געווען אַן אמתער קלאַפּ. ער האָט מיר דעמאָלט געשריבן: „בליץ און דונער! אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע! איך בין אַריין אין אַ משא־ומתן מיטן „פריינד" וועגן דעם „אוצר", דאָס הייסט, זיי האָבן ביי מיר געבעטן, איך זאָל זיי שיקן דעם „אוצר", און מחמת איך האָב געוואַרט יעדן טאָג אויף דער ישועה פון אַמעריקע, דעריבער

בין איך געווען געצווונגען אָפּצולייגן די זאַך פון טאָג צו טאָג, ביז ס'איז געקומען [...] פינסקי מיט זיין אוצר, און די לייט פונעם „פריינד" האָבן אים אָנגעהויבן צו דרוקן. איך האָב זיי נעכטן געגעבן אַ טעלעגראַמע, זיי זאָלן אָפּשטעלן פינסקיס דראַמע און אָנהייבן דרוקן מיינע, און האָב זיי אויך געשיקט דעם „אוצר" (אין דריי אַקטן — אַ נייעם „אוצר"), און מיטוואָך פון היינטיקער וואָך וועלן מיר זען, ווי אַזוי די זאַך וועט אויספאַלן..."

„דער פריינד" האָט פינסקיס „אוצר" ניט אָפּגעשטעלט, און שלום־עליכם, איבערלעבנדיק פרישע יסורים, האָט מיר געשריבן, איך זאָל זען פאַרעפנטלעכן זיין „אוצר" אין אַ ניו־יאָרקער צייטונג און זאָל מיך ניט שטעלן אויפן פרייז — וויפיל מע וועט געבן וועט זיין גוט. ער האָט מיר צוגעשיקט די נייע צוויי וואַריאַנטן פון דער קאָמעדיע, איצט שוין אונטער אַ נייעם נאָמען: „די גאָלדגרעבער". דערביי זענען בײדע מאַנו־סקריפּטן געווען באַגלייט מיט אַ הקדמה — „אַ פּאָר ווערטער צום נאָמען פון דער קאָמעדיע", — וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי:

„מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך אַרויסגעלאָזט אַ קליין ביכעלע דיכטונגען אין פּראָזע מיטן נאָמען „אַ בינטל בלומען" (באַרדיטשעוו, דרוק שעפּטיל, 1888). צווישן אַנדערע קליינע סקיצן און געדאַנקען געפינט זיך דאָרטן אויך אַ מעשהלע מיטן נאָמען „אַן אוצר", ווו עס ווערט דערציילט, ווי אַזוי אַ גאַנץ שטעטל מיט יידן זוכן יאָרנלאַנג אונטערן שטאָט באַרג־אַראָפּ אַן אוצר, נאָר זיי קאָנען אים ניט געפינען, דערפאַר ווייל זיי קאָנען זיך ניט אויסגלייכן, און בירושה האָבן זיי פון זייערע עלטערן, אַז נאָר דעמאָלט וועלן זיי געפינען דעם אוצר, ווען עס וועט ווערן שלום ושלוה אין שטעטל... דאָס שטעטל אָבער הערט ניט אויף צו קריגן זיך, און מע זוכט, און מע זוכט דעם אוצר, און דער אוצר גייט אַלץ טיפער און טיפער אין דער ערד אַריין... אָט דאָס, אומגעפער, איז געווען דער הויפּט־געדאַנק פון דער סקיצע, וועלכן איך האָב פאַרברייטערט און איבערגעמאַכט אין אַ פיר־אַקטיקער קאָמעדיע און געגעבן אַ נאָמען „דער אוצר".

„איצט אָבער, ביים אַרויסגעבן מיין קאָמעדיע, בין איך געוואָר גע־

וואָרן, אַז מיין קאָלעגע דוד פּינסקי אין אַמעריקע האָט אויך אָנגעשריבן און די טעג אָנגעהויבן צו פאַרעפנטלעכן אַ דראַמע מיטן זעלבן נאָמען „דער אוצר״. הגם דער אינהאַלט פון פּינסקיס דראַמע איז מיר נאָך אומבאַקאַנט, און ניט געקוקט דערויף, וואָס מיין קאָמעדיע איז שוין אַ ביסל באַוווּסט אונטערן נאָמען „דער אוצר״ (זי איז פאָרגעלעזן פון מיר אין גענף, פּאַריז, בערן און אַנדערע שטעט), ניט געקוקט דערויף, וואָס עס איז שוין געוועזן אויף מיין קאָמעדיע געדרוקט אַ רע־צענזיע אונטער דעם זעלבן נאָמען, האָב איך גענומען אין אָנבאַטראַכט די שריפטשטעלערישע עטיק און געפונען, אַז ס׳איז ניט שיין און אומ־באַקוועם, אַז צוויי שרייבער זאָלן אין איין צייט פאַרעפנטלעכן אַ ווערק אונטער איין און דעם זעלבן נאָמען, און איך האָב משנה שם געווען מיין קאָמעדיע און אָנשטאָט „דער אוצר״ אַ נאָמען געגעבן „די גאָלד־גרעבער״, בכדי די ליצני הדור, וואָס וועלן חשק האָבן צו „קיבעצן״ די יידישע „אוצרות״, זאָלן „קיבעצן״ דעם אינהאַלט, נאָר ניט דעם נאָמען״.

עס האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן ווידער אַן אומזיסטע לויפעניש מיטן „אוצר״ — איצט שוין ניט איבער די ניו־יאָרקער יידישע טעאַטערס, נאָר איבער די רעדאַקציעס פון די צייטונגען און די ביכער־פאַרלאַגן. פון אַלע ניו־יאָרקער אויסגאַבעס האָט זיך געפונען נאָר איין בעלן אויף שלום־עליכמס קאָמעדיע: די מאָנאַטלעכע „צוקונפט״. עס איז אָבער געווען אַ קריזיס־יאָר אין אַמעריקע. די קאַסע פון דער „צוקונפט״ איז געווען פּוסט, — האָט מיך דער רעדאַקטאָר, מאָריס ווינטשעווסקי, מיט זיין כאַראַקטעריסטישער איידעלער ווייכקייט דערקלערט, אַז ער האָט פראָסט קיין האַרץ ניט צו פאַרלאַנגען פון שלום־עליכמען אַזאַ קרבן.

איז געבליבן צו וואַרטן נאָר אויף איין טאָמאַשעווסקין, וואָס האָט געהאַט צוגעזאָגט אויסצוהערן דעם „אוצר״ חול המועד פסח. מיר האָבן זיך קוים דערוואַרט — דאָס הייסט: איך אין ניו־יאָרק, און שלום־עליכם פון דער ווייטן, אין זשענעווע. איך האָב דערביי געהאַט אַ גרויסן ישוב־הדעת, וועלכן פון די דריי „אוצרות״ זאָל איך אויסקלייבן פאַר טאָמאַ־שעווסקין? אָפּגעשטעלט האָב איך מיך אויפן צווייטן, וואָס האָט מיר

אויסגעוויזן אי געשליפענער פון דעם ערשטן, אי סצענישער פון דעם דריטן.

עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז מיין ישוב־הדעת איז געווען אינגאַנצן איבעריק. אַז איך בין געקומען צו טאָמאַשעווסקין, אויף דער דעמאָלט פיינער און רייכער בעדפאָרד עוועניו אין ברוקלין, האָט ער מיך אויפגענומען אין זיין סמאָוקינג־רום זייער גאַסטפריינדלעך, מיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווייכן לעדערנעם פאָטעל, מכבד געווען מיט אַ דיקן סיגאַר, נאָר אַז איך זאָל לייענען די פיעסע פאַר אים — דאָס האָט ער געפונען פאַר ניט־נייטיק. ער האָט אַ בלעטער געטאָן דעם מאַנוסקריפּט, איבערגעציילט די פאַרשוינען און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס טויג אַייך, איר זאָלט לייענען? איך קאָן אַליין אויך לייענען, איך בין אַ גראַמאָטנער. לאָזט דאָס איבער ביי מיר, וועל איך זען, צי מע וועט קאָנען דערפון עפּעס מאַכן...

— וואָס הייסט — זאָג איך — עפּעס מאַכן? די פיעסע איז שוין לאַנג אַ געמאַכטע!

— מיין ליבער יונגערמאַן, — זאָגט צו מיר טאָמאַשעווסקי פאָטער־לעך־ברייט, — איך פאַרשטיי אין טעאַטער בעסער פון אַייך. אַייער שלום־עליכם מעג זיך זיין אַ הומאָריסט, נאָר קיין פּיעסן שרייבן קאָן ער ניט!...

אויף אַזאַ אויסגאַנג האָב איך מיך גאָרניט געריכט!

מיין לעצטער וויזיט מיטן „אוצר" איז פאָרט געווען ביי אַדלערן. איך בין צו אים געגאַנגען פּשוט אויף קידוש־השם — טאָמער וועט געשען אַ נס... קיין נס איז ניט געשען. לכתחילה האָט אַדלער אַראָפּ־געשיקט דאָס שטוב־מיידל זאָגן, אַז ער איז ניטאָ אין דער היים. ער האָט אָבער באַלד חרטה געהאַט און אַראָפּגעשריען אונטן, איך זאָל וואַרטן אַ ווײַלעטשקע. עס האָט ניט גענומען קיין האַלבע שעה, האָט ער מיר אַראָפּגעשיקט אויף אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר אַ בריוול פאַר שלום־עליכמען. אין דעם בריוול האָט ער מיך פאַרמסרט, אַז איך בין דאָ דער גאַנצער שולדיקער. ער האָט געהאַנדלט, ווי אַן אמתער גוטער פריינד, געוואָלט געבן פאַרן „אוצר" בלינדערהייט מזומנע צוויי הונדערט דאָלער. בין

איך דאָך אָבער אַ ליטוואַק — האָב איך מיך געלאָזט מיט דער פּיעסע איבער אַלע „טעאַטערע", געלאָפן פון שמונין צו בונין, און אַצינדערט, אַז אַלע האָבן דאָס איבערגעפּאַטשקעט מיט די הענט, קיינער וויל שוין אויף דעם ניט קוקן, — בין איך געקומען ווידער צו אים! איז דאָס רעכט אַזוי ?...

איך האָב אַדלערס בריוו אָפּגעשיקט צו שלום־עליכמען, און דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן די טרויעריקע „עפּאָפּעיע" פון דעם „אוצר" פאַר שלום־עליכמס לעבן. שלום־עליכם האָט זיך פון זיין קאָמעדיע אַזוי פיל אָנגעליטן, אַז ער האָט ענדלעך פאַרפאַקט אַלע אירע דריי וואַר־יאַנטן ביי זיך אין אַרכיוו — און האָט זיך צו זיי שוין מער ניט אומ־געקערט. ערשט אין יאָר 1927, קאַרגע צוואַנציק יאָר נאָכדעם ווי דער „אוצר" איז געשריבן געוואָרן, און צוועלף יאָר נאָך שלום־עליכמס טויט, איז די קאָמעדיע פאַרעפנטלעכט געוואָרן (אין דער צווייטער וואַריאַציע, אונטערן טיטל „די גאָלדגרעבער") אין דער „צוקונפט" — אין דער זעלבער „צוקונפט", וואָס איז אויך צום אָנהייב געווען אויף איר דער איינציקער בעלן. יענעם ווינטער איז די פּיעסע אויך אויפגעפירט גע־וואָרן, אין מיין באַאַרבעטונג פאַר דער סצענע, דורך מאָריס שוואַרץ, און שפּעטער מיט אַ יאָר, אין מיין העברעאישער איבערזעצונג, — דורך דער „הבימה".

פון די העברעאישע בריוו, וואָס שלום־עליכם האָט צו מיר יענע טעג געשריבן בנוגע דעם „אוצר", איז דאָ כדאי צו געבן אין יידישער איבערזעצונג נאָך איינעם, וואָס איז דער סאַמע כאַראַקטעריסטישער און אינטערעסאַנטער:

זשענעווע, 7־8 אַפּריל, 1908.

„מיין טייערער זון בערקאָוויטש!

„איך בין פאַרצווייפלט און איך גלייב ניט, צי וועל איך שוין באַ־קומען אַן ענטפער פון דיר אויף דער טעלעגראַמע — איך וועל געוויס ניט באַקומען — איך האָב מיך שוין מיאש געווען און האָב שוין אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט דערויף. מיר וועלן שוין געהאָלפן ווערן פון אַן

אַנדער אָרט. און פון דעסטוועגן האָב איך מיך ניט מיאש געווען אויף די קומענדיקע טעג. איך גלייב מיטן פולן גלויבן, אַז ס'ע וועט קומען אַ צייט, וואָס מע וועט זוכן דעם „אוצר" מיט ליכט און מע וועט זיך אַרומטראָגן מיט אים און מע וועט הנאה האָבן פון אים און מע וועט ריידן פון אים זייער און זייער פיל! נאָר דערווייל איז די זאַך זייער שווער — וואָס זשע זאָלן מיר טאָן און וואָס קאָנען מיר טאָן? מע דאַרף אָפּוואַרטן נאָך אַ האַלב יאָר — נישט מער. איך בין זיכער, אַז דער לעבנס־שטראָם און די צייכנס, וואָס איך זע אין אונדזער לאַנד, אין דעם בלוטיקן לאַנד, זענען גוטע סימנים פאַר אונדז, קלאָרע באַווייזן, אַז באַלד וועט אויפגיין די זון און אויפשטייגן איבער אונדזערע קעפּ. דאָס יידישע טעאַטער וועט זיך אַנטוויקלען דאָרט, דווקא אין רוסלאַנד, און ערשט נאָכדעם אויך אין דעם יאַנקי־לאַנד, און מיר, מיר וועלן זיין די הערשער אויף אונדזער וועלט. און די דאָזיקע פלעדער־מייז [...] וועלן גיין צו גרונט און זייער נאָמען וועט זיין צו אייביקער שאַנד. מיינע אויגן וועלן דאָס אפשר ניט זען, אָבער דיינע אויגן וועלן דאָס געוויס זען, וואָרעם דו ביסט יונג און דער וועג פונעם לעבן איז נאָך גרויס פאַר דיר. און דעריבער דאַרפסטו אויך ניט זיין פאַרצווייפלט. אויב דו געפינסט ניט דאָרט קיין אַרבעט לויט דיין גייסט, שרעק זיך ניט איבער און פאַל ניט אַראָפּ ביי זיך, וואָרעם אפשר איז דאָס באַשערט, אַז אויך מיר און אויך דו זאָלן ניט געהאָלפן ווערן אין דעם דאָלער־לאַנד. און מסתמא וועלן מיר ניט שטאַרבן פון הונגער אויך דאָ, אין די מערב־לענדער. און דאָס וואָס ס'איז שייך צו דיר, דאַרף איך ניט איבערחזרן נאָך אַ מאָל מיינע ווערטער, וואָס איך האָב דיר שוין געזאָגט פונעם טיפן האַרצן, אַז אונדזער הויז איז דיין הויז און פון אונדזער ברויט וועסטו עסן, און טאָמער, חס ושלום, עס וועט ניט זיין פאַר אונדז וואָס צו עסן, וועט ניט זיין אויך פאַר דיר, ווי דער שטייגער איז אין אונדזער קאָמונע. און איך האָב גע־חלומט: אויב דו וועסט דאָרט פאַרקויפן דעם „אוצר" פאַר גוט געלט, וועסטו גיין צום שיף און קויפן אַ טיקעט און זיך צוריקקערן צו דיין הויז, דאָס הייסט צו אונדזער הויז, נאָך אויף פסח. נאָר פון הימל האָט

מען אַנדערש באַשטימט. וואָס זשע קאָנען מיר טאָן? אפשר וועט דיר געלינגען מאַכן אַן עסק מיט אַ פאַרלעגער, ווי איך האָב דיר געשריבן, וועסטו דעמאָלט קומען אויף שבועות. און וויסן זאָלסטו, אַז יעדן טאָג, ווען דו וועסט קומען, וועסטו זיין אַ טייערער גאַסט ביי אונדז אַלעמען, און עס וועט ניט זיין דער מענטש, וואָס וועט דיך פרעגן, אַזוי צו זאָגן: ווו זענען די דאָלערס, וואָס דו האָסט געבראַכט פון דעם דאָלער־לאַנד?... — — —. (און תמרה קריכט אונטער מיינע פיס, וואַלגערט זיך אויף דער ערד און זינגט אַ לידל אונטערן טיש).

„איך בין אינגאַנצן דיינער, וואָס נעמט דיך אַרום מיט פאָטערלעכער ליבע,

ש ל״.

## יא
# צוריק קיין רוסלאַנד

נאָכדעם ווי עס איז אויסגעלאָשן געוואָרן דער לעצטער פונק האָפע־נונג אויפן „אוצר“ אין אַמעריקע, האָט זיך שלום־עליכם דערפילט אין אַ קלעם, פון וועלכער ער האָט גאָרניט געזען קיין אויסוועג. ער האָט דורכגעמאַכט מיט זיין הויזגעזינד אין דער פרעמדער שווייץ אַ ביטערע צייט — די ביטערסטע אין זיין לעבן. די אַלע דורכפאַלן און באַליידי־קונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין פאַרלויף פון דעם ווינטער: די אַנטוישונגען מיט זיינע פיעסעס אין בערלין און אין ניו־יאָרק, דאָס איבעררייסן אינמיטן „מאָטל פייסי דעם חזנס“ אינעם „אַמעריקאַנער“, דאָס צוריקווייזן זיין מיטאַרבעטונג אינעם ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט“, דאָס באַראַבעוועט זיין „מבול“ אינעם וואַרשעווער „אונזער לעבן“ — דאָס אַלץ אינאיינעם האָט זיך געלייגט אויף זיין געמיט ווי אַ פינצטערע כמאַרע, וואָס האָט פאַרטונקלט אויף אַ צייט זיין ליכטיקן אָפּטימיזם און פאַראַליזירט זיין רירעוודיקע ווידערשטאַנדיקע נאַטור. דערצו זענען אָנגעשטאַנען אַזעלכע טעג, וואָס אין שטוב האָט גאַנץ אָפּט געפעלט אויף פּאָסט־מאַרקעס.

אייגנטלעך, איז דער פשוטער, נאַטירלעכער אויסוועג פון זיין לאַגע געווען — צוריק אַהיים, קיין רוסלאַנד. עס האָט זיך אים אָבער ניט געגלוסט צו פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד, אפשר נאָך ווינציקער ווי צוריק קיין אַמעריקע. אַחוץ וואָס ער האָט אין רוסלאַנד ניט געהאַט קיין איין צייטונג, אויף וועלכער ער זאָל זיך קאָנען אָנהאַלטן, — ניט דער פאַראָרעמטער אינטעליגענטער „פריינד“ אין פעטערבורג און ניט דער אויפגעקומענער עם־הארצישער „אונזער לעבן“ אין וואַרשע האָבן אים אַזאַ אָנהאַלטונג געקאָנט געבן, — זענען אים נאָך פריש גע־שטאַנען אין זכרון די איבערגעלעבטע פאָגראָם־שרעקן, פון וועלכע

ער איז געלאָפן מיט צוויי און אַ האַלב יאָר צוריק. פאַר די צוויי און אַ האַלב יאָר האָט דאָס „קאָנסטיטוציאָנעלע" רוסלאַנד שוין באַוויזן צו צעטרייבן די ערשטע צוויי דומעס און האָט פאַרפלאַנצט איבערן גאַנצן לאַנד אַ „שוואַרצע מאה", וואָס האָט געהאַלטן דעם ליבעראַלן, פרייהייט־דאָרשטיקן טייל פון דער באַפעלקערונג אין צוואַנגען פון פינצטערער רעאַקציע, און דעם יידישן „תחום" — אין אייביקן שרעק פאַר פאָגראָמען. אין גרונט, האָט זיך דאָרט פאַר שלום־עליכמען גאָרנישט ניט געביטן; עס איז אים נאָר צוגעקומען דאָס ביטערע געפיל פון אַן אַנטלאָפענעם, וואָס איז געצוווּנגען אומצוקערן זיך מיט ווייטאָג צוריק אַהין, פון וואַנען ער איז אַנטלאָפן — דאָס געפיל פון אַ צוריקגעקומענעם וואַנדערער, וואָס האָט אין דער פרעמד קיין רו ניט געפונען. און ווידער שטייט אים פאָר, פונקט ווי פריער, צו זיין דאָרטן נע־ונד צווישן באַזעסענע מענטשן פון זיין שטאַנד, אַרומיאָגן זיך פון שטאָט צו שטאָט אויף פאָרלעזונגען, צערודערן די טעג און די נעכט אין נערווועזן טומל, זיין אָפגעריסן פון דער פאַמיליע, פון היימישער פרייד, פון רואיקער פאַרטיפטער שאַפונגס־אַרבעט. גאָרניט צו פאַרגלייכן מיטן אַלטן זיידן מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס איז אויך יענע טעג אַוועקגעפאָרן פון זשענעווע צוריק קיין אָדעס — צוריק צו זיין היים, צו זיין רואיקער זיכערער שטעלע, צו זיין רואיקער רחבותדיקער ביבליאָטעק...

איך האָב געוווּסט פון שלום־עליכמס מורא פאַר רוסלאַנד און האָב וויפיל מאָל געטראַכט, קעגן מיינע אייגענע אַמעריקאַנער דערפאַרונגען, אַז נאָך אַלע זאַכן, איז דער איינציקער מקום־מנוחה פאַר אים, אין זיין איצטיקער לאַגע, פאָרט אַמעריקע. איך בין נאָך געווען גענוג נאַאיוו צו גלייבן, אַז ווען שלום־עליכם געפינט זיך אין ניו־יאָרק, וואָלט ער מסתמא פאַרשפּאָרט אָט די אַלע יסורים, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען לעצטן ווינטער פון סאַפּירשטיינען, פון די אַרויסגעבער פונעם „טאַגעבלאַט" און פון די טעאַטער־דירעקטאָרן דורכן „אוצר" — די דאַזיקע אַלע לייט וואָלטן פון דער נאָענט פאָרט געהאַט דרך־ארץ פאַר זיין ליטעראַרישן אויטאָריטעט און פאַר זיין צויבערלעכער פערזענלעכקייט. איך האָב וועגן דעם עטלעכע מאָל געפּרוווט אָנדייטן שלום־עליכמען אין

מיינע בריוו; שלום־עליכם אַליין האָט אויסגעמיידט מיר דערוויף צו ענטפערן, נאָר מיין פרוי האָט מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, איך זאָל בעסער דעם פאָטער ניט שרייבן וועגן אַמעריקע, וואָרעם דאָס גאַנצע הויז קוקט אויף אַמעריקע, ווי אויף אַן אומגליק... די נויט האָט אָבער דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז שלום־עליכם האָט סוף־כל־סוף אַליין אָנגעהויבן טראַכטן פון צוריקפאָרן קיין ניו־יאָרק. אין איינעם פון זיינע העברעאישע בריוו יענע טעג האָט ער מיר געשריבן אַזוי:

„— — — און מיר אַלע הענגען אין דער לופטן צווישן אייראָפּע און דעם בלוטיקן לאַנד. וווהין וועלן מיר גיין? איין גאָט ווייסט! און וואָס וועט זיין מיט טיסין און תמרהן? און מיט דיר, אונזער טייערער? איך האָב לעצטנס געשריבן צו מיין פריינד תשר״ק און געפרעגט ביי אים אַן עצה וועגן מיין אַרבעט אין „טאַגעבלאַט״, אפשר וועלן זיי מיך רופן, וועל איך קומען צו זיי מיט מיין הויזגעזינד קיין אַמעריקע. און איך וואַרט אויף אַן ענטפער פון אים, וואָרעם איך זע, אַז דער דאָזיקער מענטש איז ניט כיטרע, ווי די איבעריקע אַמעריקאַנער חכמים, און זיין האַרץ איז נאַקעט פאַר מיר...״ [אין דער לעצטער פראַזע איז, אַגב, אַיינ־געוויקלט אַ העברעאיש וואָרטשפּיל: סאַי כיטרע און סאַי „נאַקעט״ הייסט אויף העברעאיש „ערום״. — י. ד. ב.].

דערוווּסט זיך פון אַזאַ זאַך, בין איך באַלד געפאָרן אין דער רע־דאַקציע פונעם „טאַגעבלאַט״ צו תשר״קן. תשר״ק, וואָס האָט זיך געפילט שטאַרק געהויבן דערפון, וואָס שלום־עליכם האָט מיט אים די לעצטע צייט פאַרבונדן אַ פריינדשאַפטלעכע, חברשע קאָרעספּאָנדענץ, האָט מיך מיט אַ געהיימניספולער מינע אָפּגערופן אין אַ ווייטן ווינקל און מיר געגעבן צו לייענען שלום־עליכמס אַ לאַנגן בריוו, געדיכט געשריבן פון ביידע זייטן. איך גיב דאָ איבער פון דעם בריוו נאָר יענעם טייל, וואָס איז נוגע צו דעם ענין:

„בעסטער פריינד! בעסטער קאָלעגע תשר״ק!

„— — — מניה וביה קומט מיר אָן היינט טאַקע אַייער צווייטער בריוו, ווו איר ערקלערט זיך מיר כמעט־כמעט, ווי אַ בחור פאַר אַ מיידל אין זיין ערשטער הייסער פלאַם־פייערדיקער ליבע... רבונו של עולם!

ניו־אָר־זשע־לי? אין אַמעריקע! און אַ שרייבער! אַ יידישער! און נאָך פון אַ יידישער צייטונג! און הערט אַ מעשה — אַ מענטש! אַ מענטש מיט אַ נשמה! עס גלייבט זיך ניט, ברודער, עס גלייבט זיך קוים! — — —. מיר זענען דאָרט אַזוי זשעדנע אין מענטשן, אַזוי זשעדנע אַ פריינד, אַז, כלעבן, איך ציטער פאַר אַ גוט אויג. אָבער אייער היינטיק בריוול פונעם 17טן אַפּריל ליגט מיר פאַר די אויגן און רעדט צו מיר מיט אַזאַ לשון, ווי קיין פריינד האָט נאָך מיט מיר ניט גערעדט אין יענעם גאָלדענעם לאַנד פון גאָלדענע אוצרות. און דערפאַר נעם איך זיך רשות אויך מיט אייך צו ריידן מיט אַזאַ לשון, ווי קיינער האָט נאָך מיט אייך ניט גערעדט, סיידן אַן אייגענער ברודער, אַ שוועסטער, אַ כלה, אַ מאַמע, אָדער אַזוי אַ גאָר־גאָר נאָענטער מענטש. די מעשה איז אַזוי, ברודער תשר״ק! מיך האָט געצויגן דאָס לאַנד פון פאָני ימח שמו דאָס גאַנצע יאָר. דאָס הייסט, ניט פאָני, נאָר די יידישע ליטעראַטור, דאָס יידישע טעאַטער, די יידישע געזעלשאַפט. מע האָט מיך גערופן אַהין, געוווּנקען צו מיר פון דער ווייטן: „קום, קום, שיינער בחור, מיר וועלן דיך אַזוי און אַזוי, וועסט דאָך באַלד זיין בר־מצוה — מיר וועלן דיר מאַכן אַ יובילעי, קום צו אונדז א. אַ. וו.״ איצט אָבער האָט זיך דאָרט אָנגערוקט אַ כמאַרע, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! איך קאָן נאָך אַהין ניט פאָרן, און גאָט ווייסט, אויב איך וועל שוין אַמאָל קאָנען! זייט געזונט, באַרבאַריש פאָטערלאַנד! איך מוז, איך מוז פאָרן צוריק אַהין, אין דעם גאָלדענעם לאַנד פון קאָלומבוסן, און וואָס פריער, וועט זיין געזינטער. אָבער איך וויל פאָרן אויף עפּעס. איך טאָר ניט קומען איצט גלאַט אַזוי, אויסגעשוויינקט די שיסל און ווידער באָרשט — ברוך הבא, שלום־עליכם. ניין! איך דאַרף היינט קומען מיט עפּעס, צו עפּעס, צוליב עפּעס, ס׳זאָל זיין ביי וואָס אָנצונעמען, מע זאָל קאָנען פריער שרייבן: „דער און דער, אַזעלכער און אַזעלכער, פאָרט צוריק אַהער צוליב דעם און דעם״. וואָס זשע זאָל דאָס זיין? קערט־איבער, זייט מוחל, דאָס בריוול און בייסט ווייטער״. —

אויף דער צווייטער זייט פונעם בריוו האָט שלום־עליכם דערקלערט באַריכות, וואָס ער מיינט מיטן וואָרט „עפּעס״: ער מיינט, אַז תשר״ק

זאָל אים פאָרשלאָגן פאַר די באַלעבאַטים פונעם „טאַגעבלאַט" אַלס אויס־שליסלעכן אינווייניקסטן מיטאַרבעטער פון דער צייטונג און אַלס מיט־רעדאַקטאָר האַנט ביי האַנט מיט תשר"קן. „באַרעכנט אַייך — שרייבט שלום־עליכם — ביי מיין אַרבעטספעאיקייט, וואָס איך וואָלט געקאָנט פּראָדוצירן פאַר אַ בלאַט, ווען איך בין אינגאַנצן זייערער, אינגאַנצן פאַר דאָס בלאַט! איר האָט דען אַ באַגריף, וואָס איך האָב היינטיקס יאָר אָפּגעטאָן? זאָל איך אַייך אויסרעכענען? אויסער אַלע דריי און צוואַנציק קליינע סקיצן פאַרן „אַמעריקאַנער", און אויסער אַלעס פאַרן „טאַגעבלאַט" ביז היינטיקן פסח, האָב איך פּראָדוצירט אַ „מבול", אַ ראָמאַן אין דריי טייל, אַריבער 400 זייטלעך, צוויי דראַמען, איין קאָמעדיע, אויסגעבעסערט פינף בענדער מיינע נייסטע ווערק, אָפּגעהאַלטן אַ שטיקלעך פערציק פאָרלעזונגען, אַ צייט ניט געשריבן גאָרניט, צוליב פאַמיליען־אַנגעלעגנ־הייטן. שטעלט אַייך פאָר, ווען אַזאַ בן־אָדם זיצט רואיק אויף זיין פּלאַץ, דאַרף ניט מער לויפן זוכן פּרנסה פאַר זיין פאַמיליע, און שרייבט, און שרייבט, און שרייבט! און זאָרגט נאָר פאַר דאָס בלאַט! — — — הכלל, ברודער תשר"ק, טוט אַ גוטן טראַכט און אפשר אַ ווייז דאָס בריוול צו מר. קאַמייקען אַליין [לעאָן קאַמייקע, איינער פון די צוויי באַלעבאַטים פונעם „טאַגעבלאַט" — י. ד. ב.], ער איז דאָך יאָ אַ ביזנעסמאַן און וויל ערפאָלג דעם „טאַגעבלאַט" מער פון אַלעמען"...

„אַצינד קערט איבער די הגדה אויף דער ערשטער זייט, וועט איר פאַרשטיין, וואָס איז דער פשט פון „עפעס". און ווייטער, טאָמער חלילה, לא יעלה ולא יבוא, אויפן צענטן פאַל, עס קאָן אַייך פערזענלעך אָנרירן אויף איין דאָלער אַ יאָר, וויל איך ניט וויסן פון דעם גאַנצן ענין, אַפילו ווען מע שיט מיך אָפּ מיט גאָלד. און דאַן — גלייך ווי מיר האָבן גאָרניט גערעדט קיינמאָל, און ווידער ווי פריער — שאַ! ענטפערט זשע יעדנפאַלס".

ס'איז געווען פון שלום־עליכמס זייט אַ געוואַגטער „דיפּלאָמאַטישער צוג", צו מאַכן איינעם פון די רעדאַקטאָרן פון „טאַגעבלאַט" פאַר זיין שליח אין אַזאַ געפערלעכן ענין. איך האָב געקוקט אויף תשר"קן, וואָס וועט ער זאָגן דערויף? תשר"ק, אַ ביסל אַן אויפגעפלאָמטער, האָט

סקעפּטיש געשמייכלט: „אוי, צרות! צרות! שלום־עליכם נעבאַך זיצט אין דער שיינער שווייץ ביי די שיינע בערג און הייבט ניט אָן צו וויסן, וואָס פאַר אַ טראָבל דאָ איז! אַז יענע, די באַלעבאַטים פונעם „טאַגע־בלאַט", טראַכטן גאָר, וואָס מער עקאָנאָמיע צו מאַכן און וואָס ווינציקער געלט אויסצוברענגען! אַרויסציען פון זיי אַ „רעיז" [אַ הוספה] קומט־אָן מיט גרינע ווערים... וויפיל, מיינט איר, עסט ער זיך אויס דאָס האַרץ מיט זיי, טאַקע צוליב שלום־עליכמען? איינער פון די צוויי באַלעבאַטים, דער קאַפּריזנער באַלעבאָס, האַלט אין איין טענהן, אַז שלום־עליכם נעמט ביי אים אומזיסט געלט: מיט שלום־עליכמען איז ניט צוגעקומען קיין איין לעזער, און אָן שלום־עליכמען איז ניט אָפּגעפאַלן קיין איין לעזער — היינט וואָס איז מיט אים דער יחוס? וואָס פאַר אַ „יאַ־טעבע־דאַם" איז ער דאָ?... אַזוי טענהט ער — אַ קאַפּריזנער מענטש, און אַ נגיד דערצו!... אָט האָט ער ביי אים קוים מיט צרות אויסגעוויינט, מע זאָל דרוקן שלום־עליכמס פּסחדיקע מעשה „אַ פריער פּסח" — די אויסגעצייכנטע געשיכטע מיט די נאַרענבערגער דייטשן, וואָס האָבן, דורך אַ פאַלשן לוח, געפּראַוועט דעם סדר פּורים צו דער סעודה, כע־כע... ווייסט איר, פאַרוואָס ער האָט ביי זיי געפּועלט? ווייל די באַלעבאַטים אַליין האָבן פון דער מעשה געלעקט די פינגער. שלום־עליכמס סקיצע איז ביי זיי געווען אַנשטאָט פּעטע כרעמזלעך צום סדר. דאָס הייסט, פון די כרעמזלעך האָבן זיי זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט; זיי האָבן געהאַט צום סדר אי פּעטע כרעמזלעך, אי שלום־עליכמס פּסחדיקע סקיצע... זיי זענען יידן נגידים, פאַרשטייט איר מיך, מעגן זיי זיך פאַרגינען... זעט איר — די פּורימדיקע סקיצע שלום־עליכמס האָט שוין ניט געהאַט אַזאַ מזל. דער קאַפּריזנער באַלעבאָס איז ערב פּורים עפּעס געווען צערייצט, מסתמא איבער המנען, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט: „ס'איז ניט ווערט דאָס געלט!"... ער האָט נאָך דערפון שלום־עליכמען ניט געשריבן — ער וויל אים ניט אָפּעסן דאָס האַרץ. זאָל די סקיצע ליגן ביז איבעראַיאָר פּורים — אפשר אין פאַרלויף פון דעם יאָר וועט דעם קאַפּריזנעם באַלעבאָס איבער־גיין דער קאַפּריז"...

פון תשר"קס ווערטער האָב איך שוין קלאָר אַרויסגעזען, אַז שלום־

עליכם האָט זיך אומזיסט דערנידעריקט פאַרן „טאָגעבלאַט". איך בין אַפילו ניט געווען זיכער, צי האָט תשר"ק געהאַט דעם מוט שלום־עליכמען אויף זיין פאָרשלאָג עפּעס צו ענטפערן. וואָרעם קורץ נאָכדעם האָב איך באַקומען פון שלום־עליכמען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט שוין גע־שריבן דייטלעך, אַז ער וועט מוזן פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד:

„— — — און איך שטיי און וואַרט אויף תשר"קס ענטפער, איידער איך גיי אַרויס און מאַך מיין וועג קיין רוסלאַנד, און איך ווייס נאָך ניט, וווהין איך זאָל מיך ווענדן: קיין וואַרשע אָדער קיין אָדעס, און וואָס וועט זיין דערפון? וויסט און לער און פינצטערניש איבערן אָפּ־גרונט — און ווו איז דער גייסט פון גאָט? אַזאַ שלעכטע צייט איז ביי אונדז ניט געווען זינט מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד און דערוויטערט געוואָרן פון דער ערד פון רוסלאַנד. און דו, מיין טייערער, אויב דו האָסט דאָרט אַ וועלכן־עס־איז אָנהאַלט, אַייל זיך ניט דאָס צו פאַרלאָזן, איידער מיר ווייסן, ווו זיינען מיר — אויפן הימל, צי אויף דער ערד? און אויב איך גיי אין דאָס בלוטיקע לאַנד, ווייס איך ניט צו וואָס פאַר אַ תכלית און צו וואָס פאַר אַ צוועק, און דאָ בלייבן איז אוממעגלעך, און איך בין שוין סיי ווי אַ פאַרלאָ־רענער". — — —.

עס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן פון דער לעצטער פראַזע. דער ווייטיקער האַרציק־נאַאיוועד ביבלישער טאָן איז שטענדיק געווען דער אינטימער אויסדרוק פון זיין צאַרטער פאָטערלעך־קינדערשער נשמה אין מינוטן פון ליידן, אַפילו אַז ער האָט געשריבן ניט אויף העברעאיש. נאָר אַז ער זאָל פאַרענדיקן אַ בריוו מיט אַזאַ פאַרצווייפלטן אַקאָרד: „און איך בין שוין סיי ווי אַ פאַרלאָרענער" (וכאשר אבדתי — אבדתי) — דאָס איז פאַר מיר געווען אַ פיינפולע איבערראַשונג, וואָס האָט מיך טיף צערודערט. פון מיין פרויס בריוו האָב איך געוווּסט, אַז שלום־עליכם איז גרייט צו פאָרן קיין רוסלאַנד. מע האָט אים איינגעלאַדן אויף שבועות קיין וואַרשע אויף דריי פאָרלעזונגען, וואָס וועלן אַראַנזשירט דורך דער דאָרטיקער ליטעראַריש־מוזיקאַלישער געזעלשאַפט „הזמיר". נאָר ס'איז געווען אַ קליינער אָפּהאַלט: ער האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו רירן

זיך פון אָרט. ביי ווען צו לייען אין זשענעווע איז מער ניט געווען — ווו מע האָט געקאָנט, האָט מען שוין געליִען. אין אַזאַ געקלעמטן צו־שטאַנד האָט זיך שלום־עליכם אַנטשלאָסן אויף אַ זאַך, וואָס ער האָט דערנאָך שטאַרק באַדויערט: ער איז געפאָרן קיין בערן צום באַרימטן יידיש־דייטשן געלערנטן, פּראָפעסאָר לודוויג שטיין, וואָס איז געווען אַ ליבהאָבער פון יידישן וויץ און אַ פאַרערער פון שלום־עליכמס הומאָר, און דערצו איז ער נאָך געווען אַ מיליאָנער, בעטן ביי אים אַ קליינעם גמילות־חסד אויף עטלעכע וואָכן — און יענער האָט אים אָפּגעזאָגט. איז ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה, נאָר ווענדן זיך צו אַן אייגענעם מענטשן — וואָס שלום־עליכם האָט שטענדיק אויסגעמיטן צו טאָן, — און ער האָט אָנגעשריבן צו זיין חבר מרדכי ספּעקטאָר אין וואַרשע אַזאַ בריוו:

„ברודער ספּעקטאָר!

„אַלזאָ, נאָך־שבתדיקע וואָך, וואַרשיינלעך, זעען מיר אונדז. אונדזער זען [־זיך] דאַרף זיין פּרוכטבאַר, נוצלעך און בייטיק. ס׳איז דאָ און דאָ און דאָ! —

„איצט צוויי זאַכן האָב איך צו דיר: 1) וווהין זאָל איך פאַרפאָרן? 2) איך ווענד מיך צו דיר מיט אַ זאַך, וואָס כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט געטאָן מיט דיר: אַזוי ווי איך מאַך אַ שטיקל רייזע איבער אונדזער לאַנד — — — און אַזוי ווי וואַרשע אַליין וועט אויך מסתמא זיין ניט שלעכט, און גראַדע איצט איז ביי מיר אַ שטיקל צייט, וואָס איך בין געענגט און האָב אַ צאָלונג מיט אַ דירה מיט שלעק — פעלט מיר אַזאַ הונדערטער, אום איך זאָל קאָנען אָפּפאָרן רואיק פון דער היים. איז בעט איך דיך, זאָלסט אָנווענדן אַלע דיינע כוחות, פאַרזעצן וואָס דו האָסט (דיין ליטעראַרישן נאָמען, דיין ערלעכקייט, דיין „אמת״) [„אמת״ איז געווען ספּעקטאָרס פּסעוודאָנים פאַר פעליעטאָנען. — י. ד. ב.] און אַרויסשיקן מיר טעלעגראַפיש אַ הונדערטער (דורך אַ באַנק) אויף מיינע הוצאות. באַלד פונעם ערשטן אָוונט, על אמונתי, האָסטו אים צוריק. איך וועל דאָך דיך ניט פאַרראַטן! און באם חלילה דו קאָנסט דאָס ניט (כאָטש איך גלויב ניט), זאָלסטו זיין ביים „הזמיר״ און צווינגען זיי,

אַז זיי זאָלן מיר על חשבון פון די דריי אָונטן טעלעגראַפיש זאָפּאַרט אַרויסשיקן. איך וויל ניט אָנווענדן ניט ווייַנטרויבן, ניט האָכבערגן [די אַרויסגעבער פון „אונזער לעבן“. — י. ד. ב.], און דו דאַרפסט דאָס ניט דערלאָזן... ווייַז אַרויס, אַז דו ביזט מיין ספּעקטאָר, ווי איך בין דיין

שלום־עליכם“.

ספּעקטאָר האָט אים דעם גמילות־חסד אַרויסגעשיקט — אויף וואָס שלום־עליכם האָט אים געשריבן: „דיין באַווייז, אַז דו ביסט ספּעקטאָר, דאָס הייסט „מיין ספּעקטאָר“, האָב איך באַקומען (שלום־עליכם און ספּעקטאָר זאָגן זיך קיינמאָל ניט קיין דאַנק). — — —“.

דעם טאָג, וואָס שלום־עליכם איז אַרויסגעפאָרן פון זשענעווע צוריק קיין רוסלאַנד (דעם 27טן מאַי, 1908), האָט ער מיר אַזוי געשריבן:

„מחמדי!

„אין צוויי שעה אַרום פאָר איך אַרויס פון דעם דאָזיקן לאַנד אין „אונדזער לאַנד“, רוסלאַנד און פוילן. זאָל גאָט געבן, אין אַ גוטער שעה, וואָרעם ס׳איז שוין לאַנג צייט. און אַז איך דערמאָן מיך, אַז טיסי און תמרה און דו, מיין טייערער, איר דריי באַדאַרפט בלייבן דאָ אָדער אין אַן אַנדער לאַנד — איז מיר מיין האַרץ צערודערט און מיין קאָפּ דרייט זיך מיר ווי אַ ראָד! נאָר מיין האָפענונג מוטיקט מיך, אַז אויב די הצלחה וועט מיר אַ שמייכל טאָן, וועלן מיר אָנווענדן אַלע אונדזערע קרעפטן אויסצולייזן אויך דיך פון אדומס הענט [דאָס הייסט, באַפרייען מיך פון מיליטער־דינסט. — י. ד. ב.], כדי מיר זאָלן קאָנען זיצן ווי ברידער אינאיינעם, וואָרעם איך קאָן מיר ניט פאָרשטעלן, אַז איך זאָל זיין אין איין לאַנד און טיסי אין אַן אַנדער לאַנד. דאָס וועט ניט זיין! און הלואי איך זאָל געפינען אַן אָפּרו פאַר מיינע פיס, און טאָמער, חס ושלום, ניט — וועל איך דעמאָלט צוריקקומען אַהער, אָדער אין עסטרייך, און אפשר קיין אַמעריקע, נאָכדעם ווי דער קריזיס וועט איבערגיין. דער־ווייל לאָז איך מיך קיין וואַרשע און קיין פוילן בכלל, און דערנאָך קיין אָדעס און קיין דרום־רוסלאַנד, און ווייטער וועלן מיר זען, ווי אַזוי די זאַך וועט אויספאַלן. און דו אַצינד, מיין טייערער, פאַל ביי זיך ניט

אַראָפּ, וואָרעם דער וועג איז נאָך גרויס פאַר דיר, נאָר שטאַרק זיך און פעסטיק זיך. — — —".

פון וואַרשע זענען שוין שלום־עליכמס בריוו געגאַנגען גאָר אין אַן אַנדער טאָן. צו מיין פרוי אין זשענעווע האָט ער געשריבן:

„טייערע טיסיוניאַ!

„דער מאַמען האָב איך שוין געשריבן היינט און נעכטן און יעדן טאָג. איך פיל מיך דאָ גאַנץ גוט. קיין שום סימן פון דעם, וואָס ווערט אָנגערופן שרעק אָדער פאַרווירטקייט, אַלצדינג, ווי געוועז. אַ ווונדער־לעך לאַנד. אָפּגעשמיסן — און מע שפּייט דערויף! מע האָט מיך דאָ אויפגענומען מער ווי האַרציק. — — —".

און צו מיר, אין ניו־יאָרק:

„מיין טייערער זון בערקאָוויטש!

„ — — — אַ שאָד, וואָס איך בין אַהער ניט געקומען מיט אַ האַלב יאָר פריער. איך וואָלט דיך ניט מיד געמאַכט מיט שלעכטע ענינים, אויך וואָלטן מיך ניט מבזה געמאַכט אָט יענע חצופהדיקע הינט. אַפּנים, עס איז פאַראַן אַ גאָט, און ס'איז דאָ אויך אַ האָפענונג, אַז דו זאָלסט קומען אַהער, אם ירצה השם, גאָר אין גיכן, אין אַ נאָענטער צייט. דעם „אוצר" זאָלסטו ניט פאַרקויפן אין אַמעריקע. — נעם די פיס אויף די פּלייצעס און קום צו מיר אַהיים..."

יב

# די טריאומף־רייזע איבער רוסלאַנד

מיט שלום־עליכמס צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד איז אויך באַשטימט געוואָרן מיין אייגענער ווייטערדיקער גורל. פאַר דעם קאַרגן יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ניו־יאָרק, אַרומלויפנדיק איבער די רעדאַקציעס און די טעאַטערס, טיילווייז אין מיינע אייגענע נויטן און טיילווייז אין שלום־עליכמס אינטערעסן, האָב איך געהאַט גענוג צייט זיך איבערצו־ציייגן, אַז מיט מיין „רוסישער פסיכאָלאָגיע" וועל איך דאָ לאַנג ניט קאָנען ציען — אַז סוף־כל־סוף וועט יעקב סאַפּירשטיין באַקומען איבער מיר די אויבערהאַנט און וועט ווערן מיין וועגווייזער אין דער ליטעראַטור. אין מיין גרויסער אַנגסט האָב איך זיך מיט אַלע כוחות געריסן צוריק אַהיים, אויסגעגאַנגען אין בענקשאַפט נאָך דער ווייטער פרייער אייראָפּע, ווו איך האָב געזען די איינציקע רעטונג פאַר מיין יונגן שרייבערישן לעבן. עס האָט מיך שוין אַפילו ניט געשראָקן דער געדאַנק, אַז איך וועל מוזן זיך צוריקקערן מיט בושה, ווידער ווי „אַן איידעם אויף קעסט", אין שלום־עליכמס הויז — בפרט אַז שלום־עליכם אַליין, מיט זיינע פאָטערלעך־האַרציקע בריוו, האָט מיר דעם וועג צוריק פריי און לייכט געמאַכט. די צרה איז אָבער געווען, וואָס שלום־עליכם אַליין איז דעם גאַנצן ווינטער אַלץ געהאַנגען אין דער לופטן, צווישן רוסלאַנד און אַמעריקע, און די נויט איז געווען אַזוי שאַרף, אַז איך האָב קעגן מיין ווילן געמוזט טראַכטן, אַז קיין אַנדער אויסוועג, אַחוץ אַמעריקע, איז פאַר אים — און ממילא אויך פאַר מיר — ניטאָ. אין מיין פאַרצווייפלונג האָב איך מיך באַשלאָסן אויף אַ זאַך, וואָס איז מיר געווען אינגאַנצן דערווידער: איך האָב אָנגענומען אַ שטעלע פון אַ לערער אין אַ בראָנז־ווילער תלמוד־תורה און האָב דערזען פון דער נאָענט די טרויעריקע מערכה פון אַ „היברו טיטשער" אין אַמעריקע יענע יאָרן. איך האָב

מיך באַקענט מיט אויפגעקומענע דירעקטאָרן־אַלראַיטניקעס, פון וועמען עס האָט נאָכמיטאָג־צייט געטראָגן מיט איבערגעברענטער וואיסקי, מיט צעווילדעוועטע בראָנזווילער גאַסן־קינדער, וואָס האָבן פיינט געהאַט די „היברו סקול" שנאת־מות, זיך נוקם געווען אין די לערער און זיי פאַר־שפייט די פלייצעס פון אויבן ביז אַראָפּ, מיט אַ נאַאיוון „פרינסיפּאַל", אַ גרינעם פּעדאַגאָג ערשט פון רוסלאַנד, אַ מחבר פון לער־ביכער, וואָס האָט זיך געקוויקט אין „גלות־בראָנזוויל" מיט אינטעליגענטישן רוסיש־ריידן דווקא אין הויכן טורגעניעוו־סטיל, מיך גערופן ניט אַנדערש נאָר „טאָוואַרישטש פּאָ פּערו" (פען־חבר), און פאַרנודיעט די אויסגעמוטשעטע, פאַרשפּייטע „היברו טיטשערס", די מלמדים פון אלף־בית, פון „מודה אני" און פון „מפטיר", מיט הויכע, הומאַנע פּעדאַגאָגישע פּרינציפּן פון פּעסטאַלאָצי און זשאַן זשאַק רוסאָ... מער ווי צוויי חדשים האָב איך אין יענעם גיהנום ניט געקאָנט שטיין.

איצט אָבער, אַז שלום־עליכם איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד און האָט מיר פון דאָרט געשריבן אין אַ האַפּערדיקן טאָן: „נעם די פיס אויף די פלייצעס און קום צו מיר אַהיים", — בין איך פון טויט לעבעדיק געוואָרן. איך האָב מיט פאַרטאָפּלטער ענערגיע זיך גענומען אַרבעטן און אַיינאָרדענען מיינע „געשעפטן" אין אַמעריקע אַזוי, איך זאָל כאָטש די ערשטע צייט קאָנען מיט מיין קליינער פאַמיליע זיך דורכלעבן אין דער שווייץ זעלבסטשטענדיק, אָן שלום־עליכמס הילף, און האָב מיט אָפענער פרייד, וואָס האָט זיך געקאָנט גלייכן נאָר מיט דער פרייד פון יציאת מצרים, אָנגעזאָגט מיינע אַמעריקאַנער פריינד און באַקאַנטע די בשורה, אַז איך פאָר אַהיים, איך פאָר צוריק קיין „יוראָפּ"! און מערק־ווירדיק: מער פון אַלעמען האָט מיין אַוועקפאָרן געריירט דווקא יעקב סאַפּירשטיינען. דערוווסט זיך פון מיר, אַז שלום־עליכם איז שוין צוריק אין רוסלאַנד, און אַז איך אַליין שטיי אויך אויפן וועג אַוועקצופאָרן פון אַמעריקע, האָט ער מיך פון דאָס ניי אָנגעהויבן מקרב צו זיין, באַשטעלט ביי מיר אַרטיקלען פאַרן „אַמעריקאַנער", אַפילו אָפּגעדרוקט מיינע אַ דערציילונג מיט „פּסיכאָלאָגיע" און דווקא געזאָגט, אַז זי איז „אַלראַיט", און גערן געגעבן מיר אַ צווייטן אַוואַנס פון פופציק דאָלער

פאַר זאַכן, וואָס איך וועל אים צושיקן פון אייראָפּע. ער האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס שלום־עליכם האָט אויסגעביטן דאָס פרייע אַמעריקע אויפן „קאַצאַפּישן“ רוסלאַנד — וואָס וועט ער דאָרט טאָן? פאַר אַ הומאָריסט איז ניטאָ קיין בעסער לאַנד פון אַמעריקע, ווו אַלעמען איז פריילעך אויפן האַרצן, ווייל אַלע מאַכן דאָ אַ לעבן. ווען שלום־עליכם וואָלט געקומען אַהער זיך באַזעצן אויף שטענדיק און זיך צוגעפּאַסט צו דער „פּאַליסי“ פון אַמעריקאַנער צייטונגען, וואָלט די באַציאונג צו אים געווען גאָר אַן אַנדערע!... און ביים געזעגענען זיך מיט מיר האָט ער מיט אַ ווייכן שמייכל אויף זיין האַרטן פּנים מיר צוגעווונטשן, איך זאָל פון דעסטוועגן ניט טראָגן קיין כעס אויף אַמעריקע און קומען צוריק, נאָר קומען זאָל איך שוין מיט געלט, כאָטש מיט אַ הונדערט טויזנט דאָלער, וועל איך דעמאָלט קאָנען אַרויסגעבן אַ צייטונג לויט מיין „פּאַליסי“ און באַקומען זיין „פּאַליסי“ — אָך, מיטן גרעסטן כבוד!...

אַ גאַנץ אַנדער אָפּשייד האָב איך געהאַט אינעם „טאַגעבלאַט“. תשר״ק, וואָס האָט מיר אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע פריינדשאַפט, האָט פאַר מיין אָוועקפאָר מיר געוואָלט „געבן אַ שאָו“ און געדרוקט עטלעכע מיינע סקיצעס. נאָר אַז ס׳איז געקומען צו באַצאָלן, האָט ער זיך דערפילט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, געזאָגט, אַז ער האָט מורא פאַר „טראָובעל“, און ענדלעך זיך געמאַכט האַרץ און איז אַרונטערגעקומען מיט מיר אינעם אָפיס פון דער צייטונג, אַריינגעטראָטן מיט אומזיכערע טריט הינטערן ווענטל, דאָרט, ווו דער באַלעבאָס אַליין איז געזעסן. דער באַלעבאָס, ווי דער שטייגער איז, האָט אונדז ביידן געלאָזט שטיין און האָט אַליין גענומען ציילן מיינע שורות. נאָר וואָס ווייטער ער האָט געציילט, אַלץ מער האָבן אים געציטערט די הענט, ביז ער האָט פּלוצעם אַ וואָרף געטאָן פון זיך די בלעטער און האָט אויסגעפּלאַצט מיט אַ מאָדנעם כעס און מיט אַ קול, וואָס האָט גיך געשטיגן ביז דער שטופּע פון אַ קוויטש:

— אַז איך האָב וויפיל מאָל געזאָגט, אַז איך וויל דאָס ניט! און אַז איך דאַרף דאָס ניט! און אַז איך האָב דאָס אין דער ערד!... עס זיצן ביי מיר אינסאַיד גענוג מענטשן, וואָס נעמען ווערידזשעס!...

— אָלראַיט, ס׳איז מיין שולד, — האָט זיך תשר״ק געפּרוווט פאַר־

ענטפערן מיט אַ געבעט. — איך האָב דאָך שוין געגעבן מיין וואָרט, אַז מער וועט דאָס ניט זיין... ער פאָרט סיוווי אַוועק צוריק קיין יוראָפּ...

— זאָלן זיי פאָרן געזונטערהייט! ... אַ שיינע ריינע כפרה! ... וועט מען מיר אויפהערן פּאַטשקען דעם פייפער מיט... מיט... דער שוואַרץ־יאָר ווייסט וואָס!... מיט... מיט... גרינע טרפות!...

מיטן העפלעכן פירוואָרט „זיי" האָט ער, פאַרשטייט זיך, געמיינט מיך. נאָר וואָס ער האָט געמיינט מיט „גרינע טרפות" — דאָס איז פאַר מיר פאַרבליבן אַ רעטעניש ביז צו היינטיקן טאָג. גאָט איז מיין עדות, אַז מיינע סקיצעס אינעם „טאַגעבלאַט" זענען געווען אמתע כשרע סקיצעס, וועגן כשרע קליינשטעטלדיקע יידן, וואָס זענען גאַנץ ווייט פון טרפות. אַוועקשטעלן זיך אויסטענהן מיט אים האָב איך געהאַלטן פאַר איבעריק. האָב איך נאָר אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און בין אַרויסגעלאָפן. תשר"ק איז מיר נאָכגעלאָפן מיט אַן איבערגעשראָקענעם, אומגליקלעכן פּנים:

— איר דאַרפט זיך ניט נעמען אַזוי צום האַרצן... אַ קאַפּריזנער מענטש — וואָס קאָן מען העלפן?... איך וועל שוין אַליין אַרויסקריגן פון אים די עטלעכע טאָלער...

דערפאַר האָב איך פון אַמעריקע גענומען נקמה דעם לעצטן טאָג פון מיין אָפּפאָרן. אַרויסגייענדיק פון מיין פּאָטערס שטוב צו פאָרן צום שיף, האָב איך מיך אָפּן, פאַר גאַנץ אַמעריקע, אויסגעפוצט אין מיין „יוראָפּשער" פּעלערינע — אין דער זעלבער פּעלערינע, פאַר וועלכער מע האָט מיך די ערשטע טעג ביי מיין אָנקומען אין בראָנזוויל גע־וואָרנט, אַז איך וועל זיכער כאַפּן מיט אַ שטיין אין קאָפּ פון די אַמערי־קאַנער „לויפערס". איצט זענען מיינע טריט אין דער ברייטער פליגל־דיקער פּעלערינע אויך געווען ברייטע און פליגלדיקע, און אינווייניק אין מיר האָט געשאַלט און געזונגען: איך בין פריי, איך פאָר צוריק אין אייראָפּע צו ברייטער ליכטיקער פרייהייט!...

געקומען אַהיים קיין זשענעווע אין רעכטן זומער, האָב איך שוין דאָרט געפונען פון שלום־עליכמען אַ היפּש בינטל בריוו מיט ציי־טונגען, וואָס האָבן דערציילט פון זיין גרויסן ערפאָלג אויף זיין רייזע איבער

רוסלאַנד און פּוילן. ער האָט צוגעטראָפן דעם טאָג פון מיין קומען אַהיים און האָט מיך באַגריסט פון זיין ווייטן וועג, ערגעץ פון אַ קליינשטעטל אין פּוילן מיטן נאָמען קאָדני (פון וועלכן ער האָט שפּעטער אָנגעשריבן זיין פּראַכטפולע אַייזנבאַן־געשיכטע „דער גליקלעכסטער אין קאָדני״), — „מיט אַ צוריקקומען בשלום פון דעם לאַנד פון גאָלד און ניט־געשטויגענע דאָלערס, פון דעם לאַנד פון אומדערהערטן בלאָף, פון דעם לאַנד פון קולטורעלער קנעכטשאַפט און זינלאָזער דערנידערונג״... ער האָט געשריבן צו מיר און צו מיין פרוי מיט זיין זעלטענער פאָטערלעכער צערטלעכקייט: „איך מיין, אַז איר זענט שוין צוזאַמען, און איך פריי זיך מיט אייך, הגם איך בין אָן אייך, אוי אָן אייך!״...

פון די אָנגעקומענע בריוו און צייטונגען האָבן מיר געוווסט, אַז שלום־עליכם האָט אין וואַרשע געהאַט אַ גרויסאַרטיקן קבלת־פּנים: דער „הזמיר״ האָט אַראַנזשירט פאַר אים גאַנצע פינף אָוונטן, איינעם נאָכן אַנדערן, און אַלע זענען פאָרגעקומען ביי געפּאַקטע זאַלן. דער עולם האָט אים אויפגענומען — ווי עס דערציילט אין זיינע זכרונות ד״ר גרשון לעווין, וואָס איז געווען דער פאָרזיצער פונעם וואַרשעווער „הזמיר״, — מיט גרויס ענטוזיאַזם און „האָט אים ניט געוואָלט אַראָפּלאָזן פון דער עסטראַדע״. „איך פון מיין זייט — דערציילט ווידער ד״ר לעווין — בין געווען פון דעם ערפאָלג בכלל אויפן זיבעטן הימל, ובפרט אַז די קאַסע פון „הזמיר״, וואָס פלעגט שטענדיק ליידן אויף אַ כראָנישער שווינדזוכט, האָט זיך אַ ביסל אָנגעפילט״.

צום ערשטן קבלת־פּנים, וואָס וואַרשע האָט געגעבן שלום־עליכמען, איז געקומען, צווישן אַלע אַנדערע וואַרשעווער שריפטשטעלער, אויך י. ל. פּרץ. ווי ווייט איך ווייס, איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס פּרץ האָט פאַרבויגן זיין לאַנג־יאָריקן ברוגז מיט שלום־עליכמען און האָט אים עפנטלעך אַרויסבאַוויזן אָנערקענונג. בכלל איז פון יענעם זומער אָן און ווייטער צווישן ביידע צעקריגטע שריפטשטעלער פאָרגעקומען אַ דערנענטערונג, וואָס האָט צייטנווייז געהאַט דעם אויסדרוק פון עכטער חברשאַפט (אין איין שפּעטערדיקן בריוו האָט פּרץ זיך געווענדט צו שלום־עליכמען אַפילו אויף „דו״). וואָס עס האָט געבראַכט

דערצו — איז שווער צו זאָגן. אפשר איז דאָ יעקב דינעזאָן, פּרצעס געטרייער לעבנס־באַגלייטער, געווען דער גוטער פאַרמיטלער, וואָרעם אויך מיט דינעזאָנען האָט שלום־עליכם יענעם זומער פאַרשטאַרקט זיין אַלטע פריינדשאַפט, וואָס איז די לעצטע יאָרן געווען אָפּגעשוואַכט. אין שלום־עליכמס אַרכיוו, ווו עס זענען אָפּגעהיט געוואָרן כמעט אַלע בריוו פון זיינע חברים־שריפטשטעלער, האָב איך געפונען אַ קליין בריוועלע פון פרצן צו שלום־עליכמען, וואָס איז געשריבן געוואָרן יענעם זומער 1908 — די ערשטע שריפטלעכע קאָמוניקאַציע צווישןביידן נאָך אַן איבעררייס פון לאַנגע ברוגז־יאָרן. דאָס בריוועלע, געשריבן אויף אַן אָפּגעריסענעם שטיקל פּאַפּיר, לייענט זיך אַזוי:

„שלום עליכם „שלום עליכם" —

„אַז בערקאָוויץ קען שרייבען, האָב איך שוין לאַנג געוואוסט. אַז איר זייט אין וואַרשוי — אדרבא ואדרבא! וואו מען קען זיך זעהן? ווייסט איר דאָך, אַז עס איז פערהאַן אַ טעלעפאָן; בעשטעלט, וועט מען פלוידערען. און אַז מען וועט פלוידערען, וועט מען רעדען פון די מאָנאָט־שריפטען אויך.

אייער ל. פּ."

..

די דאָזיקע עטלעכע שורות זענען ניט אינגאַנצן קלאָר, ווייל ס'איז ניט באַקאַנט דער אינהאַלט פון שלום־עליכמס בריוו, אויף וועלכן פרץ האָט געענטפערט (אפשר איז יענער בריוו גאָרניט אָפּגעהיט געוואָרן). וועגן מיין „קענען שרייבן" האָב איך יאָ אַ שטיקל השערה: איך האָב יענע טעג אָפּגעדרוקט אין „פריינד" אַ דערציילונג מיטן נאָמען „דער לעצטער", וואָס איז שלום־עליכמען באַזונדערס געפעלן געוואָרן, — האָט ער מסתמא געוואָלט הערן וועגן איר אויך פרצעס מיינונג. נאָר וואָס שלום־עליכם האָט געוואָלט רעדן מיט פרצן וועגן די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפטן", וואָס האָבן צו יענער צייט אויפגעהערט צו דערשיינען, — דאָס איז שווער משער צו זיין. איין זאַך איז אָבער פון דעם בריוול קלאָר: אַז שלום־עליכם האָט געזוכט צו דערנעענטערן

זיך מיט פּרצן. און אפשר איז דאָס געווען דער ערשטער אויסרייד צו דערנעענטערונג.

פון וואַרשע איז שלום־עליכם געריפן געוואָרן אויף פאָרלעזונגען קיין לאָדז און קיין ביאַליסטאָק, און פון דאָרטן האָט מען אים אָנגעהויבן „צעכאַפּן" איבער צענדליקער שטעט אין פוילן, ליטע און די באַלטישע געגנטן. עס זענען געווען פּראָווינץ־שטעט, וואָס האָבן אים געוואָלט באַקומען אויף עטלעכע אָוונטן מיט אַ מאָל. זיין צוריקקומען פון אַמעריקע אַהיים האָט זיך פאַר אים פאַרוואַנדלט אין אַ פולשטענדיקן טריאומף־צוג. אומעטום האָט מען אים אויפגענומען מיט פרייד און באַגייסטערונג. אין די יידישע און העברעאישע צייטונגען זענען געגאַנגען באַריכטן וועגן זיין אויסערגעוויינלעכן טור. עס האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, ווי דער יידישער עולם פרייט זיך, וואָס ער האָט צוריקגעפונען זיין פאַרשוווּנדענעם פרייד־געבער. אויפן וועג פון פּינסק קיין ריגע האָט שלום־עליכם געשריבן צו ספּעקטאָרן: „פּינסק איז משוגע געוואָרן. גאַנץ פּינסק האָט מיך אָפּגעפירט פון טעאַטער אַהיים, ווי אַ חתן, מיט אַפּלאָדיסמענטן"...

אינמיטן דעם הייסן טור האָט מען אים אַרויסגעפּאָדערט קיין אָדעס אויף אַ שריפטשטעלער־אָוונט, וואָס איז פאַרבליבן אין דעם זכרון פון דער אָדעסער יידישער אינטעליגענץ, ווי אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש. דאָס איז געווען אַן אָוונט אינעם אָדעסער סיביריאַקאָוו־טעאַטער, ווו עס האָבן פאָרגעלייענט זייערע ווערק זעקס באַרימטע יידישע שרייבער, אַלטע און יונגע: מענדעלע מוכר־ספרים, שלום־עליכם, ש. פרוג, ח. נ. ביאַליק, שלום אַש און פּרץ הירשביין. דער צוועק פון דעם אָוונט איז געווען אַ שרייבעריש־משפּחהדיקער: מע האָט באַדאַרפט באַזאָרגן די פאַמיליע פון דעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער יהודה שטיינבערג. דער באַזאָרגער איז געווען דער באַוווּסטער העברעאישער פעליעטאָניסט א. ל. לעווינסקי, וואָס האָט אין אָדעס געשפּילט די זעלבע ראָל, וואָס יעקב דינעזאָן אין וואַרשע: ער האָט אויף זיינע פּלייצעס געטראָגן די נויטן פון יידישע שרייבער. איצטיקס מאָל האָט ער באַוויזן אַ וווּנדער: ער האָט באַקומען דערלויבעניש אויף אַ גרויסן יידיש־ליטע־

ראַרישן אָוונט פון דעם אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק, דעם באַרימטן שוואַרץ־מאהניק טאָלמאַטשאָוו, וואָס האָט אין אָדעס קיין יידישע פאַרזאַמלונגען בשום אופן ניט געוואָלט דערלויבן, — און די גאַנצע שטאָט האָט זיך דערפון געוויגט. שלום־עליכם, קומענדיק קיין אָדעס, האָט געשריבן צו ספעקטאָרן אין אַ געהויבענעם טאָן פון אַ מחותן אויף אַ פאַמיליען־יום־טוב: „ס'איז אוממעגלעך צו באַשרייבן וואָס דאָ טוט זיך! דער אָוונט ווערט, וואַרשיינלעך, בלייבן אַ היסטאָרישער פאַר אָדעס. די אַלמנה שטיינבערג וועט געהאָלפן ווערן. ס'איז שוין דאָ אַריבער 2,000 רובל פון בילעטן. אחר הוצאות קאָן איר בלייבן 1,500 רובל — דאָס איז שיין. היינט דער מאָראַלישער ערפאָלג! איך האָב מורא פאַר הריגות ביים טעאַטער. איך זאָג עס ערנסט. מע האָט געמוזט באַזאָרגן פאָליציי. יידן ווילן ניט וויסן פון בילעטן־שמילעטן — זיי ווילן זען אַלע זעקס שריפטשטעלער, און אַן עק!"...

שלום־עליכמס אָדעסער פריינד, וואָס ווערן ניט מיד צו ריידן פון אים ביז צו היינטיקן טאָג, דערציילן, אַז די הויפּט־אַטראַקציע פון דעם אָוונט איז טאַקע געווען שלום־עליכם אַליין. אָדעס האָט ביז צו יענער צייט, אַדאַנק אירע פאַרביסענע שוואַרצע שטאָט־הערשער, ניט געהאַט די געלעגנהייט צו זען און צו הערן שלום־עליכמען עפנטלעך — האָט מען צעכאַפּט די בילעטן עטלעכע טעג פאַרן אָוונט, און דער איבער־געבליבענער עולם האָט געצאָלט צו דריי רובל פאַר שטיי־פּלעצער. איינער אַ ייד איז געקומען צו לעווינסקין מיט אַזאַ טענה: ער האָט באַדאַרפט אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד זיך מאַכן אַן אָפּעראַציע, פון וועלכער ער וועט אפשר ניט בלייבן לעבן. נאָר דערהערט, אַז שלום־עליכם וועט דאָ פאָרלייענען זיינע מעשיות, האָט ער אָפּגעלייגט די נסיעה אויף עטלעכע טעג. בכן, מוז מען אים געבן אַ בילעט אויפן אָוונט — ער מוז זען שלום־עליכמען פאַרן טויט!...

פון שלום־עליכמס וויזיט אין אָדעס דערציילן די אָדעסער אויך אָט דעם עפּיזאָד: אויף מאָרגן נאָכן שטורעמדיקן אָוונט איז שלום־עליכם געגאַנגען מיט קאָמפּאַניע באַזוכן דעם זיידן מענדעלע, וואָס האָט געהאַט זיין וווינונג אין דער אָדעסער תלמוד־תורה, ווו ער איז געווען דער

פאַרוואַלטער. מענדעלע איז גראָד געווען באַשעפטיקט אויבן, אין דער תלמוד־תורה, האָט מען זיך אויסגעזעצט אונטן, אין זיין גרויסן רחבות־דיקן אַרבעט־צימער, און געוואַרט אויף אים. אינמיטן האָט זיך שלום־עליכם מיישב געווען, איז אַרויס אינעם צווייטן חדר, זיך פאַרשטעלט דאָרטן פאַרן זיידן — און באַלד האָט זיך געלאָזט הערן דורך דער האַלב־אָפענער טיר, ווי מענדעלע רעדט אויף זיין אַלטער הילכיקער שטים:

— זע נאָר אַקאָרשט, ווער איז דאָס? איך וואָלט געמעגט שווערן, אַז שלום־עליכם! פון וואַנען קומען עס צו פליען מיינע „אחשתרנים”?... נו, מאַכטייסע, סקאָצל קומט, זייער אָנגעלייגט!... פעסיניו, ווו ביסטו, מע דאַרף צעוואַלגערן דעם אויוון, הייס שטעלן דעם סאַמאָוואַר, מיר האָבן אַ גאַסט פון זשענעווע, שלום־עליכם איז דאָ, האָסטו געהערט אַ ביסל?!... ניט כדאי, זאָגסטו, מטריח זיין דעם סאַמאָוואַר? ביסטו אפשר אויך גערעכט!... שאַ, אָט זיצט דאָרט גאַנץ קעקעלע־קהל — לעווינסקי, ביאַלעק, ראַבעניצקי... [אַזוי פלעגט מענדעלע רופן י. ח. ראַווניצקין, לויט דעם, ווי ער שרייבט זיין נאָמען אויף העברעאיש: רבניצקי. — י. ד. ב.].

מיט די ווערטער האָט זיך שלום־עליכם באַוויזן אין טיר פאַר די לאַכנדיקע חברים אין דער „גענעראַלסקער” פאָזע פון מענדעלען — מיט אַ הויך־פאַרריסענעם קאָפּ און מיט אַן אויסגעקייגעלעכיקטער ברוסט. ער האָט אָבער גלייך דערזען צווישן עולם מענדעלען אַליין, וועלכער איז דערווייל אַריינגעקומען פון אַן אַנדער טיר. מענדעלע האָט געלאַכט העכער פון אַלעמען.

לאַנג פאַרבערענגען אין אָדעס צווישן זיינע ליבהאַרציקע אָדעסער חברים, צו וועמען ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיך געטוליעט מער ווי צו אַלע אַנדערע יידישע שרייבער, — האָט שלום־עליכם ניט געקאָנט. גלייך נאָכן אָדעסער אָוונט האָט ער זיך געמוזט איילן צוריק קיין ליטע און פוילן. מע האָט אים גערופן אין ווילנע און אין מינסק, אין ריגע און אין דובעלן, אין לובלין און אין טשענסטאָכאָוו, און אַפילו אין אַזעלכע פּראָווינציעלע ווינקלען, ווי סלאָנים און באַראַ־נאָוויטש. ער איז געפלויגן פון שטאָט צו שטאָט אויף קוריער־צוגן, ווו

געטאָגט — דאָרט ניט גענעכטיקט, אַ צעטרייסלטער, אַן איבערגע־מידטער פון גרויס אָנשטרענגונג, פון טומלדיקן כבוד, פון ניט־דער־שלאָפענע נעכט. די עטלעכע וואַנדער־יאָרן אין דער פרעמד, די שווערע איבערלעבונגען אין אַמעריקע, און איבערהויפּט די פּיינפולע גזיט־חדשים פונעם לעצטן ווינטער — דאָס אַלץ האָט זיך געלאָזט פילן: ער איז שטאַרק אָפּגעצערט געוואָרן, אָפּט זיך פאַרקילט, שווער געהוסט, און אויף דער עסטראַדע צו די פאָרלעזונגען איז ער געגאַנגען מיט אַ פלעשל מילך אין האַנט. ער האָט אַרויסגערופן פרוי שלום־עליכם צו זיך, זי זאָל אויף אים אויפפּאַסן אין דער פרעמד, „אים נעמען אין די הענט אַריין", און די פאַמיליע איז צעטיילט געוואָרן: די מוטער מיט אַ טייל פון די קינדער זענען אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, און מיט אונדז אין זשענעווע זענען פאַרבליבן די ייִנגערע צוויי טעכטער. שלום־עליכם האָט אונדז געשריבן: „קוקט זיך דאָרט גוט אָן אויף די שווייצאַרישע בערג — איר וועט זיי באַלד שוין מער ניט זען!"... ער האָט געהאָפט אָקעגן ווינטער זיך באַזעצן מיט דער פאַמיליע ערגעץ אין רוסלאַנד, און האָט אויך געפּלאַנט מיך צו באַפרייען פון מיליטער־דינסט, נאָר אין דער גרויסער יאָגעניש פון איין שטאָט אין דער אַנדערער האָט פאַר דעם ניט געכאַפּט קיין אָטעם. ער האָט אונדז געשריבן זיינע בריוו פון מיטן וועג, גאַנץ אָפט זיצנדיק אין צוג — קורצע, אָפּגעהאַקטע נערוועזע זאַצן, מיט אַ צעטרייסלטן כתב, וואָס האָט אונדז שטאַרק געשראָקן. אין איין בריוו צו מיין פרוי האָט ער געשריבן אַזוי:

„דו ווייסט, טיסי, איך בין דאָך אַבערגלויביק. איך הער מיך צו צו פאַרשיידענע חלומות. מיר האָט זיך געחלומט טאַמאַרקע. און אַז מיר חלומען זיך קליינע קינדער, הייסט דאָס, אַז עמיצער אין דער היים איז קראַנק. ווער איז קראַנק? שרייבט, באַרואיקט"...

אינמיטן זיין גרויסער טריאומף־רייזע איז ער געווען פול מיט זאָרג פאַר דער צעזייטער פאַמיליע, פול מיט שווערע פאָרגעפילן. ער האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז דער קראַנקער אין דער משפחה איז געווען ער אַליין...

יג

# דאָס רויטע געלעכטער

דעם צווייטן האַלבן זומער פון 1908 האָב איך מיט מיין פרוי און קינד פאַרבראַכט אין אַ שטילן שווייצאַרישן ווינקל ביי זשענעווע, אַרויס־געקוקט אויף גוטע בשורות פון שלום־עליכמען, ווען ער וועט פאַר־ענדיקן זיין טור איבערן יידישן תחום אין רוסלאַנד און זיך אויס־קלייבן אַ שטאָט, וווהין ער וועט צונויפנעמען זיין צעשפרייטע פאַ־מיליע. קיין דאגות פרנסה האָב איך גראָד יענע חדשים ניט געהאַט: איך האָב אָנגעהויבן אָפּט דרוקן מיינע זאַכן אינעם פעטערבורגער „פריינד" און האָב פון דאָרט רעגלמעסיק באַקומען מיין האָנאָראַר. נאָך מיינע ביטערע דערפאַרונגען מיט די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען, מיטן „טאַגעבלאַט" און מיטן „אַמעריקאַנער", איז די קולטורעלע באַציאונג פון דעם „פריינד", ווו דער רעדאַקטאָר האָט גערן אויפגענומען מיינע דערציילונגען און מיך אויפגעמונטערט צו שרייבן ווייטער, געווען פאַר מיר אַן אמתע דערלייזונג. איך האָב מיך געפילט ווי איינער, וואָס האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון אַ פינצטערער תפיסה צוריק אויף דער ליכטיקער וועלט.

און פון דעסטוועגן איז אויפן האַרצן געווען אומעטיקלעך. די אויס־זיכט, אַז איך וועל דאָ אפשר מוזן פאַרבלייבן אין דער פרעמדער שווייץ אויף לאַנג, אָפּגעריסן פון דעם יידישן לעבן, ווייט פאַרוואָרפן פון די לעבעדיקע פאָלקס־קוואַלן, פון וועלכע אַ שרייבער טרינקט, איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן ווי אַ בלינדע וואַנט, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם וועג פאַר דער יונגער ווייט־שטרעבנדיקער אַמביציע. און עס האָט שוין געטראָפן וויפיל מאָל אין דער איינזאַמקייט פון דעם שווייצאַרישן דאָרף, אויף שטילע פרעמדע זומערדיקע וועגן, וואָס פירן פון איין לײדיקייט אין דער אַנדערער, אַז עס פלעגט מיר אַ ברי טאָן אין זיכרון,

ווי אַ שפּאָגל־נייע גליענדיקע בענקשאַפט, דער אַיילנדיקער, טעטיק־זינגעוודיקער געוויש פון דעם עלעקטרישן מאָטאָר אויפן ברוקלינער „על",ביים אָפּשטעלן זיך אויף די הויכע „סטיישאַנס" — די וועקנדיקע, טרייבנדיקע אַמעריקאַנישע מוזיק, וואָס האָט מיך באַגלייט אויף מיין טעגלעכן וועג פון בראַנזוויל צו דער איסט־סאַיד, צום גרויסן קאָכעדיקן כאַאָס, פון וועלכן עס פורעמט זיך אויס אַ נייַ יידיש לעבן.

ס'איז איצט בכלל געווען אומעטיק אין זשענעווע. מענדעלע און שלום־עליכם זענען אַוועקגעפאָרן, און אויף זייַ קוקנדיק, האָבן זיך אָנגעהויבן צעפאָרן אויך אַנדערע יידיש־רוסישע פאַמיליעס, וואָס זענען אַהער פאַר־שטויסן געוואָרן נאָך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען פון 1905. די פאַר־בליבענע רעשטלעך האָבן דאָ אויסגעזען מאָדנע יתומדיק און פאַר־אומערט — עס האָט פון זיי געשלאָגן מיטן גרויסן אומעט פון אַ הייפּעלע יידן אין אַ פרעמדער וועלט פון גויים. אויך שניאור איז שוין לאַנג אַוועק פון זשענעווע, נאָך פאַר מיין אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. פאַרבליבן איז נאָר איין בן־עמי — איצט נאָך מער פאַרפינצטערט און פאַרצאָרנט. איך האָב אים וויפיל מאָל געטראָפן אין זיין גראַמער, פוסטער און זייער ציכטיקער וווינונג אַן איינזאַמען און אַ פאַרגעסענעם, אין פאַרבאָרגענער דחקות און פאַרבאָרגענע טרערן. אויפלעבן פלעגט ער נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט גענומען אויסגיסן זיין קאָכעדיק האַרץ אויף דער „קאַ־רוזשקאַ" — דער זשענעווער קוואַרטאַל „קאַרוזש", ווו די רוסישע רע־וואָליוציאָנערע עמיגראַנטן האָבן געהאַט זייער נעסט — אויף די יידישע זין און טעכטער, וואָס האָבן פאַרגעסן זייער פאָלק און זייער גאָט, פאַרקויפט די נשמה צו אַ פרעמדער רעוואָליוציע, פאַרשטעלט זיך, ווי די פורים־שפּילער, פאַר „באָלשעוויקעס" און „מענשעוויקעס", און רייסן זיך אין דעם „האַנדווערקזאַל", ווי די קעץ, וואַרפן איינער דעם אַנדערן אין די קעפּ ליידיקע פלעשער פון ביר.

צווישן די פאַרבליבענע אין זשענעווע איז אויך געווען חיים וויייצ־מאַנס אַ יינגערער ברודער, ד"ר משה ווייצמאַן, אָדער — ווי שלום־עליכם פלעגט אים רופן אויף ליטוויש — מיישקע ווייצמאַן. דאָס איז געווען יענער שוואַרצהנעוודיקער פינסקער יונגערמאַן, וועמען איך האָב

געזוען מיט אַ וואָלענער קאָלדרע אויף די פּלייצעס אין לונינעץ, בשעת דעם גרויסן אַייזנבאַן־סטרייק אין רוסלאַנד, און האָב מיך מיט אים דער־מאָלט ניט באַקענט — אויף וואָס שלום־עליכם האָט נאָכדעם געזאָגט, אַז אַזאַ זאַך קען פּאַסירן נאָר צווישן ליטוואַקעס, ניט צווישן יידן. איצט זענען מיר שוין געווען גוט באַקאַנט און באַפריינדט. ווייצמאַן איז געווען ביי שלום־עליכמען אַ בן־בית נאָך אין זיינע סטודענטישע יאָרן אין קיעוו.ביידע האָבן זיך ליב געהאַט איינער דעם אַנדערן אַהבת־נפש. שלום־עליכם האָט ליב געהאַט מיישקע ווייצמאַנען פאַר זיין לעבעדיקן פריילעכן כאַראַקטער און פאַר זיין ליטווישן „פּה־קדוש”, וואָס האָט גע־פערלט (און פערלט נאָך עד־היום — כאָטש ווייצמאַן איז שוין איצט אַן ערנסטער כעמישער וויסנשאַפטסמאַן אין דער העברעאישער אוני־ווערסיטעט אין ירושלים) מיט פיקאַנטער יידישער קלוגשאַפט און מיט שאַרפזיניקע יידישע ווערטלעך. און מיישקע ווייצמאַן האָט געקוקט מיט זיינע שוואַרצע לאַכנדיקע אויגן שלום־עליכמען גלייך אין מויל אַריין, אויפגענומען פון אים יעדעס וואָרט, יעדן זשעסט, יעדן בויג מיטן קאָפּ — און האָט אין דעם געפילט אַלע זיבן טעמים. ער איז געווען איינער פון שלום־עליכמס גרעסטע געניסער, און האָט אים גע־צאָלט דערפאַר מיט האַרציקער געטרייער ליבשאַפט.

און אָט איז ווייצמאַן איינמאָל סוף זומער געקומען צו אונדז אין דאָרף אַריין עפּעס מיט אַ זויערן פּנים, גאָרניט אויף זיין שטייגער. מיר האָבן אים דערציילט אונדזער זאָרג: שוין אַ היפּשע צייט, אַז מיר האָבן ניט געהאַט פון שלום־עליכמען קיין בריוו, און מיר ווייסן ניט וואָס איבערצוטראַכטן. איז ביי ווייצמאַנען דאָס פּנים געוואָרן נאָך זויערער, און ער האָט אַ זאָג געטאָן, אַז, אייגנטלעך, צוליב דעם טאַקע איז ער איצט געקומען. ער האָט דערהאַלטן פון פרוי שלום־עליכם אַ קורצן בריוו, ער זאָל איבערגעבן די קינדער, אַז דער פאָטער איז אויפן וועג, אין באַראַנאָוויטש, פלוצעם פאַרשלאָפט געוואָרן...

די דאָזיקע אומדערוואַרטעטע בשורה האָט אונדז שטאַרק צערודערט, דערהויפּט דערפאַר, וואָס זי איז אונדז אָנגעקומען דורך אַ שליח. מיר האָבן פאַרדעכטיקט, אַז שלום־עליכמס לאַגע איז אַזוי געפערלעך, אַז די

מוטער איז ניט בכוח צו שרייבן אונדז וועגן דעם דירעקט. מיר האָבן גלייך אַוועקגעשיקט קיין באַראַנאָוויטש אַ טעלעגראַמע, אויף וועלכער ס'איז אָנגעקומען אַן ענטפער, אַז דעם פאָטער איז בעסער, און שפּעטער מיט עטלעכע טעג — אַז אים איז אַ סך בעסער. דערווייל זענען געגאַנגען פון רוסלאַנד יידישע צייטונגען מיט טעלעגראַפישע באַריכטן פון באַראַנאָוויטש, פון וועלכע ס'איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז שלום־עליכם איז דאָרט, נאָך אַ באַגייסטערטן אָונט, וועלכן די גאַנצע שטאָט האָט בייגעוווינט, פּלוצעם קראַנק געוואָרן, באַקומען אַ בלוט־שטורץ פון די לונגען, און די דאָקטוירים, וואָס מע האָט אַרויסגערופן פון מינסק און פון ווילנע, האָבן ביי אים געפונען אַ טובערקולאָזע לונגען־קראַנקייט אין אַ שאַרפער פאָרם.

מיר האָבן דורכגעלעבט שווערע, צעדרודערטע טעג. בריוו האָבן מיר באַקומען קאַרגע, און לויט דעם גרויסן אינטערעס, וואָס די צייטונגען האָבן גענומען אין שלום־עליכמס קראַנקייט, האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די געפאַר איז נאָך ווייט ניט פאַרגאַנגען. וויצמאַן האָט מיך פאַררופן צו זיך אַהיים אין שטאָט און האָט געהאַט מיט מיר אַ באַראַטונג. ער האָט דערהאַלטן ידיעות פון באַראַנאָוויטש, אַז די לאַגע איז ניט קיין פריילעכע. אויב שלום־עליכם וועט אַפילו קומען צו זיך פון דער שאַרפער אַטאַקע, וועט ער אָבער אַזוי גיך ניט געזונט ווערן. מע וועט אים מוזן אַוועקפירן ערגעץ אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָז־קראַנקע קיין קרים, אָדער קיין איטאַליע. פרעגט זיך אַ קשיה: ווו וועט מען נעמען מיטלען דערצו? עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָך אַלע גליקן, נאָכן גרויסן טאַרעראַם, וואָס שלום־עליכם האָט געהאַט די לעצטע חדשים אויף זיין טור איבער יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט מען ביי אים געפונען אין קעשענע ביי זיין קראַנק־ווערן אין באַראַנאָוויטש די גוואַלדיקע סומע פון פערציק קאַרבן... איז אים, וויצמאַנען, איינגעפאַלן אַזאַ מין געדאַנק: היינטיקן זומער איז געוואָרן פינף־און־צוואַנציק יאָר זינט שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן שרייבן. שלום־עליכם האָט מיט אים דערפון גערעדט נאָך ווינטער, בשעת ער איז, ניט היינט געדאַכט, געזעסן דאָ אין זשענעווע אַן אַ סאַנטים ביי דער נשמה. דעמאָלט איז שלום־עליכמען

ניט אָנגעשטאַנען אויסצונוצן זיין ליטעראַרישן יום־טוב פאַר מאַטעריעלע צוועקן, כאָטש די נויט איז געווען זייער גרויס. איצט אָבער ליגט דער חלף אויפן האַלדז — ס׳איז, ברודערקע, אַ פראַגע פון לעבן און טויט... על כן, וויל ער אָנשרייבן אַ בריוו אין די צייטונגען און זאָגן זיי, אַ רוח אין זייער טאַטן אַריין, אַז ער, ניט חלילה קיין שרייבער, ניט קיין יידי־שער היסטאָריאָגראַף, נאָר אַ פּראָסטער בחור אַ כעמיקער פון מאָטעלע וואָס לעבן פינסק, לאָזט זיי וויסן, אַז אונדזער ליבער גרויסער שלום־עליכם איז היינטיקס יאָר אַ יובילאַר, און גייט־אָפּ מיט בלוט, און דאַרף האָבן ראַטונעק, און מע מוז עפּעס טאָן!...

וויצמאַן האָט דעם בריוו אָנגעשריבן און געלאָזט דרוקן אין די צייטונגען, און אין דער יידישער פּרעסע אין רוסלאַנד איז געוואָרן אַ שטיקל גערודער. די צייטונגען האָבן זיך אָפּגערופן אויפן בריוו מיט הייסע לייט־אַרטיקלען, אַלע דורכגענומען כמעט מיט איין באַהאַלטענעם חרטה־געפיל, אַז מע האָט ביי אונדז קעגן שלום־עליכמען געזינדיקט — אַזוי ווייט געזינדיקט, אַז מע האָט אים שיער ניט פאַרזינדיקט... אין „פריינד" איז יענע טעג געפאַלן אַ ביטערער פאָרוואורף פון ש. פּרוג, למאַי מע האָט פאַרנאַכלעסיקט דעם שעפער פון יידישן געלעכטער און אים געבראַכט דערצו, ער זאָל אַצינד לאַכן מיט אַ רויטן געלעכטער... נאָר מער ווי די פּרעסע איז אויפגערירט געוואָרן דער ברייטער יידישער עולם. ד״ר גרשון לעווין דערציילט אין זיינע זכרונות, אַז „דעמאָלט האָט מען זיך ערשט געקאָנט לייכט איבערצייגן, ווי ווייט פּאָפּולער שלום־עליכם איז געווען ביי יידן. דער גאַנצער תחום־המושב האָט זיך אויפ־גערודערט; מע האָט אָנגעהויבן ליאַרעמען מיט דעפּעשן און מיט בריוו, מע האָט געמאַכט דעם חולה אין די שולן און אין די בתי־מדרשים מי־שברכס, אין קליינע שטעטלעך האָט מען געריסן קברים, תהילים געזאָגט..." די באַראַנאָוויטשער לייט האָבן דערציילט, אַז יענע טעג איז דער האָטעל („סלאַוויאַנסקאַיאַ גאָסטיניצאַ"), ווו שלום־עליכם איז געלעגן קראַנק, געווען באַלאַגערט פון דעלעגאַציעס, וואָס זענען געקומען פון די אַרומיקע שטעט געוואָר ווערן, וואָס מאַכט דער קראַנקער שריפטשטעלער. איינער אַזאַ שליח איז געשיקט געוואָרן אַזש פון בריסק, מיט אַ ברכה פון דעם

באַרימטן רב חיימקע בריסקער, אַז דער חולה וועט, אם ירצה השם, געזונט ווערן, ער מוז געזונט ווערן, וואָרעם יידן דאַרפן אים האָבן...

באַראַנאָוויטש אַליין האָט די גאַנצע צייט, וואָס שלום־עליכם איז דאָרט געלעגן קראַנק, זיך שטאַרק געוויגט. באַראַנאָוויטש איז שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט, ווי אַ ניי־אויפגעקומענע שטאָט אין פּאָליעסיע, מיט אַ גרויסער פּאַרצווייגטער באַן־סטאַנציע, מיט אַ רייכן וואַלד־האַנדל און מיט אַ לעבעדיקער, טעטיקער יידישער אינטעליגענץ. נאָר איר אמתע באַרימטקייט אין דער יידישער וועלט האָט באַראַנאָוויטש באַקומען ערשט דערמיט, וואָס שלום־עליכם איז דאָרט קראַנק געוואָרן. די באַראַנאָוויטשער האָבן זיך דערפון געפילט אי געערגערט, אי געהויבן, און זיי האָבן אַוועקגעלייגט דאָס לעבן, אַז שלום־עליכם זאָל צוריק געזונט ווערן. מע האָט אים פאַרשאַפט דעם בעסטן קאָמפאָרט, צוגעשטעלט די בעסטע דאָקטוירים, אַרויסבאַוויזן זעלטענע אויפמערקזאַמקייט און צערטלעכקייט. די יוגנט האָט באַוואַכט זיין רו, באַלעבאַטישע טעכטער האָבן געהאַלטן פאַר אַ באַזונדער כבוד צו בייטן זיך ביי זיין בעט אַלס קראַנקען־וועכטערינס — און שלום־עליכם האָט אַרויסגעפירט פון באַראַנאָוויטש אַ מאָדנע צוגעבונדנקייט צו אירע איינוווינער און פלעגט זיך שפּעטער מיט זיי באַגעגענען, ווי מיט לייבלעכע האַרציקע קרובים.

גאַנצע זיבן וואָכן איז שלום־עליכם אָפּגעלעגן אין באַראַנאָוויטש, פון אָנהייב אויגוסט ביז סוף סעפּטעמבער. פאַר דער דאָזיקער צייט האָבן מיר שוין באַקומען פון כּרוי שלום־עליכם באַרואיקנדיקע בריוו, אַז דער קראַנקער בעסערט זיך ביסלעכווייז, און ס'איז דאַ אַ האָפענונג, אַז זי וועט אים קאָנען אַוועקפירן אויף קוראַציע קיין איטאַליע. זי האָט אונדז אויך געשריבן, אַז שלום־עליכם פאַרלאַנגט, מע זאָל באַשטימען זיין יובילעי אויפן 25טן אָקטאָבער, ערב דעם טאָג, ווען עס האָבן זיך אין דעם פּעטערבורגער „פאָלקסבלאַט“, אין יאָר 1883, אָנגעהויבן דרוקן זיינע „איבערגעכאַפּטע בריוו“ (זיין ערשטע דערציילונג „צוויי שטיינער“ און זיין פעליעטאָן „די וויבאָרעס“, וואָס זענען געדרוקט געוואָרן אין דעם זעלבן „פאָלקסבלאַט“ מיט עטלעכע חדשים פריער, האָט ער געהאַלטן פאַר ניט־וויכטיקע זאַכן, מע זאָל זיי פאַררעכענען

אין זיין ליטעראַרישער שאַפונג). באַלד האָט זיך אין זשענעווע, אונטערן פאָרזיץ פון ד״ר משה ווייצמאַן, פאָרמירט אַ מין יובילעי־קאָמיטעט פון שלום־עליכמס זשענעווער פריינד, וואָס האָט צעשיקט אין אַלע יידישע צייטונגען פון דער וועלט אַ צירקולאַר וועגן שלום־עליכמס פינף־און־צוואַנציק־יאָריקן יובילעי, וואָס זאָל געפייערט ווערן פון זיינע פאַר־ערער דעם 25סטן אָקטאָבער.

ענדלעך האָבן מיר דערלעבט זען אַ בריוו פון שלום־עליכמען אַליין. דער בריוו איז געגאַנגען, ווי געוויינטלעך, אין רוסיש (אויסער עטלעכע זאַצן, ספּעציעל צו מיר, אויף העברעאיש), געווען געשריבן מיט אַ דיקן טוש־שטיפט און מיט גרויסע אותיות, און האָט זיך געלייענט אַזוי:

„ערב ראש השנה תרס״ט, באַראַנאָוויטש.

„טיסין און בערקאָוויטשן.

„טייערע קינדער מיינע!

„ערשט היינט, ערב ראש־השנה, בין איך אויפגעשטאַנען, און אָט האָב איך אויסגעבעטן ביי דער מאַמען פּאַפּיר, אויף אָנצושרייבן אייך, קינדער, אַ בריוו — דעם ערשטן בריוו נאָך זיבן וואָכן, אַזעלכע שווערע! איך וועל קיין סך ניט שרייבן, מע דאַרף אויך די אַנדערע קינדער אַ פּאָר ווערטער [שרייבן]. אַלזאָ, קינדערלעך, מיר לעבן, הייסט עס. מאָלט אייך, אויף גיין בין איך נאָך אַ ביסל שוואַך, דאָס הייסט, איך קאָן נאָך אַפילו גאָרניט שטיין, ניט חלילה מחמת שוואַכקייט, נאָר, פּשוט, איך האָב מיך אָפּגעוויינט — און אַן עק. וועלן מיר זיך לערנען, ווי טאַמאַרקע אין איר צייט. דערווייל בין איך נאָך אין לעך־שטול. אין אַ טאָג דריי אַרום וועלן מיר מסתמא זיך אויסלערנען שטיין, און דערנאָך — באַוועגן זיך, און מאַרש אין וועג אַריין. אַך, ווי דערלעבט מע שוין אין וועג אַריין! צי מיר וועלן פאָרן קיין מעראַן, צי קיין איטאַליע — נאָר זען וועלן מיר זיך שוין אויף זיכער. וועסט גלויבן, טיסי, נאָך ווענמען איך בענק און עס וויינט די נשמה? נאָך טאַמאַרקען — כלעבן! און דו, מיין זון, בערקאָוויטש מיין זון, אַ דאַנק דיר פאַר דיינע בריוו, וואָס האָבן מיר פאַרשאַפט פאַרגעניגן, כאָטש דו ביסט ניט קיין גרויסער אויסברענגער! גאָר אינגיכן וועלן מיר זיך זען און וועלן זיצן צוזאַמען

אויף איין אָרט, וואָרעם ס'איז שוין לאַנג צייט. נאָר האַלט זיך ניט אָפּ פון צו שרייבן מיר דיינע שיינע בריוו. און טאַמאַרקע האָט מסתמא שוין לאַנג פאַרגעסן דעם פּאַפּאַ. מע דאַרף איר איינחזרן, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּאַפּאַקאַ (בערקאָוויטש) און ס'איז פאַראַן אַ פּאַפּאַ (איך).

„איך קוש אייך דרייען.

פּ אַ".

און נאָכדעם איז געקומען אַ קליין בריוול צו אַלע קינדער אינ־איינעם — די וואָס האָבן זיך געפונען אין זשענעווע:

„טייערע קינדערלעך אַלע, אַלע, טיסי, בערל, עמאַ, מאַרוסי, תמרה. זייט וויסן, אַז דער פּאַפּאַ גייט שוין איבערן חדר מיט דער הילף פון דער מאַמען און פון נומטשיקן, און אַז אינגיכן, גאָט וועט געבן, וועלן מיר זיך זען. איך האָף פאַר אַ וואָך זיך אויסצולערנען גיין אָן נומאַן, און באַלד נאָך יום־כיפּור וועלן מיר מסתמא אַרויספאָרן. איך קוש אייך.

פּ אַ.

„ווייצמאַנען 1000 גריסן. איך בעט אויך בן־עמין [איבערגעבן] מיין גרוס".

וויבאַלד מע האָט שלום־עליכמען דערלויבט צו האַלטן אַ פּען אין האַנט, האָט ער שוין דעם זעלבן ערב ראש־השנה אַריינגעכאַפּט אויף אַ שטיקל „שרייבן". יענע טעג זענען געווען די באַרימטע טעג פון דער ערשטער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ אין טשערנאָוויץ, ווו מע האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז יידיש איז אונדזער נאַציאָנאַלע שפּראַך, און אַז דער תנ"ך, צוזאַמען מיט אַלע וויכטיקע שאַפונגען פון דעם יידישן גייסט, דאַרפן איבערגעזעצט ווערן פון העברעאיש אויף יידיש. שלום־עליכם האָט קראַנקערהייט נאָכגעפאָלגט די צייטונגס־באַריכטן פון דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ, און אַזוי ווי ער איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון די אַנטי־העברעאישע שטימונגען, וואָס האָבן זיך געלאָזט פילן אויף דער קאָנפערענץ, איז אים איינגעפאַלן צו מאַכן אַ שפּאַס —

איבערזעצן אויף יידיש, אין אַ פּאַראַדירטער פאָרם, אַ קאַפּיטל „קהלת", צו וועלכן ער האָט געגעבן אָט די „קורצע הקדמה":

„ליגנדיק אויפן קראַנקנבעט אין דער באַרימטער שטאָט באַראַנאָ־וויטש (באַרימט דערמיט, וואָס זי שטייט אינדרוויסן), בין איך די לעצטע צייט געווען ניט אין באַראַנאָוויטש, נאָר אין טשערנאָוויץ, דאָס הייסט: דער זינדיקער גוף האָט זיך געוואַלגערט דאָ, נאָר די נשמה איז געווען דאָרטן, דאָרטן אין דער פרייער בוקאָווינע, אויף דער ערשטער יידישער שפּראַך־קאָנפערענץ. די גאַנצע וואָך פון דער קאָנפערענץ בין איך געווען אין דער גרעסטער אויפרעגונג. די טעמפּעראַטור האָט זיך געהעכערט ביי מיר פון טאָג צו טאָג, דער הוסט האָט זיך געשטאַרקט און דער אַפּעטיט איז געפאַלן; מיין דאָקטאָר איז געווען אויסער זיך! פון דער ערשטער „ערעפענונגס־רעדע", וואָס מיין גוטער פריינד ד"ר בירנבוים האָט אָפּגעהאַלטן אין אונדזער „מאַמע־לשון", האָט זיך מיין טערמאָמעטער פון אַזאַ „מאַמע־לשון" באַלד געגעבן אַ הייב־אויף אויף זעקס צענטל. נאָכדעם, אַז ס'איז געקומען צו די היציקע דעבאַטן: וועלכע איז די „נאַציאָנאַל־שפּראַך", העברעאיש אָדער „זשאַרגאָן" — האָט זיך מיין טעמפּעראַטור געהעכערט און געהעכערט, און אַז ס'איז געקומען צו דער גרויסער רעזאָלוציע, בשעת מיין פריינד און קאָלעגע י. ל. פּרץ האָט זיך געשלאָגן מיט אַלע כוחות פאַר העברעאיש און די „פּרוי אסתר" האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פונעם פּראָלעטאַריאַט, און ווער שמועסט שוין, אַז איך האָב דערהערט דעם קוש פון שלום אַש מיט אברהם רייזען — דעמאָלט האָט מיין טעמפּעראַטור באַוויזן כמעט 40, אַזוי אַז מיין דאָקטאָר האָט זיך אַזש דערשראָקן! קוים אָבער האָט זיך די שפּראַך־קאָנפערענץ געשלאָסן און די דעלעגאַטן זענען זיך צעגאַנגען (איך זאָג „צעגאַנגען", ניט „צעפאָרן", מחמת „צעפאָרן" איז זיך נאָר איין שלום אַש; די איבעריקע זענען אַלע געגאַנגען צופוס), האָב איך זיך באַ־רואיקט, און ס'איז מיר אַריין אין קאָפּ אַ מחשבה, איך זאָל נאָכטאָן מיין קאָלעגע שלום אַש. מיין קאָלעגע שלום אַש האָט גענומען אויף זיך „איבערטראָגן די אוצרות פון לשון־קודש אין יידיש", און דערווייל „געפּרוּווט" איבערזעצן אין מאַמע־לשון „רות". איך וויל מיך אויך פּרווון

איבערזעצן אין דעם זעלבן מאַמע־לשון „קהלת”. נאָר אַזוי ווי איך בין איצט, משטיינס געזאָגט, אַ חולה, און אַש איז, קיין עין־הרע, אַ געזונטער (זאָל ער זיין געזונט), וועט מן הסתם קיינער ניט מאַכן קיין פאַרגלייך צווישן אונדזערע איבערזעצונגען. אויך וועט מען ניט האָבן צו מיר קיין טענות, וואָס איך גיב מיינע לעזער דערווייל נאָר דאָס ערשטע קאַפּיטל. די איבעריקע קאַפּיטלען, האָף איך, וועלן ניט אַנטלויפן און קיינער וועט זיי ניט אויסכאַפּן.

„אַי, טאָמער וועט זיך געפינען אַ בעלן, וואָס וועט זיי יאָ וועלן אויסכאַפּן — אַדרבה, זאָל ער פּרוּוון כאַפּן!”...

נאָך דער דאָזיקער הקדמה איז געגאַנגען דער ערשטער קאַפּיטל פון „קהלת”, איבערגעזעצט אין אַ ווונדערלעכן קהלת־ריטם, וואָס מע קאָן לייענען אַפילו מיטן באַוווּסטן קהלת־ניגון, נאָר אין סאַטיריש־געפּאַרבטן „מאַמע־לשון”. דעם צווייטן פּסוק „הבל הבלים” האָט שלום־עליכם איבער־געזעצט אַזוי:

„בלאָטע שבבלאָטע, זאָגט קהלת, בלאָטע שבבלאָטע, ס׳איז אַלצדינג בלאָטע, אַ נעכטיקער טאָג”...

אַז מיר האָבן דאָס יענעם סוכות געלייענט אין „פריינד”, איז אונדז פריילעכער געוואָרן אויפן האַרצן: מיר האָבן אָנגעהויבן גלייבן, אַז שלום־עליכם וועט לעבן...

יד

# דער טרויעריקער יובילעי

ווייצמאַנס בריוו אין די צייטונגען וועגן שלום־עליכמס פינף־און־צוואַנציק־יאָריקן יובילעי איז נאָר געווען דער ערשטער אָנזאָג. די אמתע אַרבעט פון דורכפירן דעם יובילעי אין דעם יידישן „תחום” אין רוסלאַנד אויף אַזאַ אופן, ער זאָל ברענגען דעם קראַנקן יובילאַר ניט נאָר כבוד, נאָר די נייטיקע הילף, — האָט אויף זיך גענומען אין וואַרשע אַ קליינע גרופּע באַקאַנטע לייט, וואָס האָט זיך פאָרמירט אַלס צענטראַלער יובילעי־קאָמיטעט. דער דאָזיקער קאָמיטעט איז צום אָנהייב באַשטאַנען סך־הכל פון צוויי מענטשן — פון ד״ר גרשון לעווין און אברהם פּאָדלישעווסקי; נאָר שפּעטער זענען צו די צוויי צוגעצויגן געוואָרן נאָך צוויי — יעקב דינעזאָן און נח פינקעלשטיין, דער אַרויסגעבער פונעם וואַרשעווער „היינט”.

ד״ר גרשון לעווין, אַ באַוווסטער מעדיקער אין וואַרשע, אַ שריפטשטעלער אין יידיש און העברעאיש, און דערצו יאָרן־לאַנג אַ טיכטיקער טוער אין די וואַרשעווער ליטעראַרישע קרייזן, איז געווען, ווי ער אַליין דערציילט אין זיינע זכרונות, שלום־עליכמס אַ הייסער חסיד נאָך פון זיינע סטודענטישע יאָרן, און זינט ער האָט זיך מיט אים באַקענט פערזענלעך לעצטן זומער, אַלס פאָרזיצער פונעם פאַראיין „הזמיר”, וואָס האָט שלום־עליכמען געגעבן דעם ערשטן קבלת־פּנים אין וואַרשע, — איז ער צו אים צוגעבונדן געוואָרן מיט אמתער פריינדשאַפט. און פּאָדלישעווסקי, אַ רייכער וואַרשעווער סוחר און אַ באַקאַנטער ציוניסטישער טוער, אַ מיטגליד פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, איז כל ימיו געווען פאַררעכנט פאַר אַ פריינד פון יידישע שרייבער, סיי די וואָס שרייבן העברעאיש, סיי די וואָס שרייבן יידיש. אַז פּרץ האָט אַמאָל באַדאַרפט אויסהעלפן אַ יונגן שרייבער אין זיין נויט, איז פּאָדלישעווסקי

געווען אײנער פון זײנע רײכע וואַרשעווער אַדרעסן, און אַז די העב־רעאישע „הצפירה" האָט וויפיל מאָל געהאַלטן בײם אונטערגײן, איז פּאָדלישעווסקי געווען דער, וואָס האָט זי געמינטערט. אין וואַרשע האָט מען געשמועסט, אַז פּאָדלישעווסקי טוט די אַלע זאַכן ניט אומזיסט: ער אַלײן זינדיקט אויך שטילערהײט מיט דער פּען — ניט חלילה פאַר דער עפנטלעכקײט, נאָר פאַר אײגענעם פאַרגעניגן.

אַזוי ווי בײדע קאָמיטעט־מענטשן זענען געווען פּראַקטישע טוער, האָבן זײ באַשלאָסן, אַז וואָס קלענער דער קאָמיטעט וועט זײן, אַלץ מער וועט ער אויפטאָן. האָבן זײ אָן באַזונדערן טומל און אָן אונטער־שריפטן פון גרויסע לײט פאַרעפנטלעכט אין די צײטונגען אַן אויפרוף „צו שלום־עליכמס פאַרערער", וואָס האָט זיך אויסגעצײכנט מיט אײנ־פאַכע און אמתע ווערטער. דער אויפרוף האָט זיך אָנגעהויבן דערמיט, אַז „שלום־עליכם איז כמעט דער אײנציקער יידישער שריפטשטעלער פון אונדזער צײט, וואָס איז געפעלן אַלעמען, פון אים האָט הנאה יעדער ייד, צו וואָס פאַר אַ פּאַרטײ ער זאָל ניט געהערן", — און האָט אויפ־געפאָדערט דעם יידישן עולם צו באַדאַנקען דעם קראַנקן שריפטשטעלער, וואָס „האָט צענדליקע יאָרן ניט אויפגעהערט אונדז פאַרגעניגן צו פאַר־שאַפן מיט זײנע גײסטרײכע און וויציקע ווערק", ניט „מיט שרײען „הידד" און שיקן דעפּעשן", נאָר מיט ממשותדיקער הילף. דער קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו שאַפן פאַר שלום־עליכמען אַ מיני־מום: „1) געבן אים די מעגלעכקײט צו פאַרברענגען אַ יאָר אָדער צוויי אין אַ גוטן קלימאַט אָן שום דאגות פרנסה פאַר זיך און זײן פאַמיליע; 2) אָפּקויפן אַלע זײנע ווערק פון די אַרויסגעבער און אים אָפּגעבן אין אײגנטום, און דערמיט פאַרזאָרגן אים וואָסער עס איז עקזיסטענץ אויף דער עלטער". „דאָס מינימום — איז געזאָגט געוואָרן אין דעם אויפרוף — מוז דאָס יידישע פאָלק געבן, אויב ניט, וועט דאָס זײן דער גרעסטער בזיון פאַר אונדז און אַ שרעקלעכער יאוש פאַר דער יידישער אינ־טעליגענץ"...

דער אויפרוף האָט געהאַט אַ טיפן אָפּקלאַנג איבערן גאַנצן תחום און ווײט אַריבער דעם תחום. כמעט אין אַלע וויכטיקע שטעט פון

רוסלאַנד מיט אַן אָנגעזעענער יידישער באַפעלקערונג זענען געגרינדעט געוואָרן אָרטיקע קאָמיטעטן, און אויך אין די קלענערע פּראָווינץ־שטעט האָט מען זיך גענומען רודערן און גרייטן צום 25סטן אָקטאָבער, דעם טאָג פון שלום־עליכמס יובילעי. אַחוץ וואָס שלום־עליכמס נאָמען און זיין באַזונדערע לאַגע האָבן אויפגעוואַרעמט די הערצער, איז דאָס גלאַט געווען אַ נייעס אין דער יידישער וועלט: מע האָט נאָך ביז דעמאָלט ניט געפּרוווט פייערן ביי יידן, אין די ברייטע מאַסן, אַ יובילעי פון אַ באַרימטן שרייבער — און שלום־עליכמס ליטעראַרישער יום־טוב האָט באַקומען דעם רייץ פון אַ נייעם פאָלקס־אויפטו. אין קאָוונע האָט זיך געשטעלט בראש פון דעם דאָרטיקן קאָמיטעט בעל־מחשבות, און אין קיעוו האָבן די ציוניסטן, אונטער דער לייטונג פון דעם זשורנאַליסט מ. נ. סירקין, וואָס איז דעמאָלט אַריין אין דעם קרייז פון די קיעווער צוקער־פאַבריקאַנטן, זיך געגרייט צו אַ גרויסער אַקציע. זיי האָבן גע־גלייבט, אַז כאָטש איצטיקס מאָל וועט די רייכע שטאָט קיעוו, שלום־עליכמס באַרימטע יעהופּעץ, וויסן ווי אָפּצודאַנקען איר גרויסן קינסטלער, וואָס האָט זי מיט אירע בערזע־לייט אַזוי פאַרביק אַרויסגעשטעלט פאַר דער וועלט. אָבער ווי ווילד דאָס זאָל ניט קלינגען, נאָר פאַר אַ טייל יעהופּעצער גבירים איז דער גאַנצער ענין געווען אַן איבערראַשונג. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער „בערזיאַנער" סאָלאָמאָן נאַאומאָוויטש ראַבינאָ־וויטש שרייבט „זשאַרגאָנישע פעליעטאָנען" אונטער דעם פּסעוודאָנים „שלום־עליכם" און האָט זיך דערמיט געשאַפן אַ נאָמען ביי יענע, וואָס האָבן ליב צו לייענען „זשאַרגאָן". זיי האָבן אָבער געמיינט, אַז דאָס איז ביי אים אַ מין זייטיקע פאַרווייַלונג, אַ מין פאַנטאַזיע פון אַ סוחר אַן אינטעליגענט. איצט, אַז די ציוניסטן זענען געקומען און ווילן מאַכן דערפון אַ גאַנצן ערנסט, האָבן זיי זיך געחידושט: „וואָס הייסט? ראַבינאָוויטש איז, דאַכט זיך, געווען תמיד אַ פאַרמעגלעכער באַלעבאָס — וואָס־זשע דאַרף מען אים מאַכן „בענעפיסן" און אים געבן מתנות?"...

פון די צייטונגען האָט זיך באַזונדער וואַרעם גענומען פאַר שלום־עליכמס יובילעי דער וואַרשעווער „היינט", דעמאָלט גאָר אַ יונגע צייטונג, נאָך ניט אַלט קיין יאָר, נאָר מיט אַ שטאַרקער טענדענץ צו באַהערשן

די ברייטע פּאָלקס־מאַסן. דער ראש־המדברים איז דאָרט געווען דער רע־דאַקטאָר אַליין, ש. י. יאַצקאַן, וואָס האָט זיך אָנגעשליפן די פּען נאָך פון פריער, אַלס טעגלעכער אַרטיקל־שרייבער אין די העברעאישע בלע־טער „המליץ״ און „הצפירה״. און אינווייניק אין דער צייטונג, אין דער ליטעראַרישער פּובליציסטיק, האָט זיך הייס צעגאָסן מיט זיין קאָכיקן פּאַטאָס הלל צייטלין, וואָס איז דעמאָלט אויך ערשט אַריבערגעגאַנגען פון העברעאיש צו יידיש. אַזוי ווי דער צענטראַלער שלום־עליכם־קאָ־מיטעט האָט זיך געשטעלט אַלס ציל אויסצוקויפן שלום־עליכמס ווערק פון זיינע פאַרלעגער, און אַזוי ווי דער אַרויסגעבער פון דעם וואַרשעווער „אונזער לעבען״ איז געווען איינער פון יענע פאַרלעגער, וואָס האָבן שלום־עליכמען באַגזלט, — וואָס האָט שטילערהייט אַריינגעכאַפּט זיין ראָמאַן „דער מבול״ און פון אים געמאַכט אַ פאַרמעגן, — האָט שוין יאַצקאַנס צייטונג זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און דערציילט אירע לייע־נער, וואָס פאַר אַ פיינעם קאָנקורענט זי האָט... „אונזער לעבען״, פאַר־שטייט זיך, האָט אויך דעם אויף ניט אָפּגעשוויגן — און אַרום שלום־עליכמס יובילעי האָט זיך דערווייל פאַרקאָכט אַ צייטונגס־פּאָלעמיק פון יענעם מין, פון וועלכן דער יידישער לייענער האָט פון אייביק־אָן שטאַרק הנאה...

דער געדאַנק, אַז די בעסטע מתנה פאַר שלום־עליכמען צו זיין יובילעי וועט זיין, אַז מע וועט אויסלייזן זיינע ווערק פון די פאַרלעגערס הענט (שלום־עליכם אַליין האָט דאָס אָנגערופן „פדיון שבויים״ — אויס־לייזן די געפאַנגענע), — האָט, אייגנטלעך, געשטאַמט פון יעקב דינע־זאָנען. דינעזאָן, וואָס איז געווען דער גוטער פאַרזאָרגער פון זיינע חברים־שריפטשטעלער, דער פרייוויליקער פאַרמיטלער צווישן זיי און די וואַרשעווער פאַרלעגער, האָט בעסער פון אַלע געוווסט, וואָס פאַר אַ גאַנגבאַרער אַרטיקל שלום־עליכמס ווערק זענען אויפן יידישן ביכער־מאַרק, און האָט שוין לאַנג באַדויערט, וואָס שלום־עליכם ווערט אַזוי מיאוס באַרויבט פון זיינע פאַרלעגער. איצט, אַז ער איז אַריינגעטראָטן אין דעם יובילעי־קאָמיטעט, איז ער באַשטאַנען דערויף, אַז אויב מע מיינט ערנסט צו פאַרזיכערן פאַר שלום־עליכמען אַ וועלכן־עס־איז מאַ־

טעריעלן אָנהאַלט, מוז מען פריער פון אַלץ אויסקויפן זיינע ווערק. אַז שלום־עליכם האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט ער זיך זייער דערפרייט. ער איז יענעם טאָג ערשט געווען אויפגעשטאַנען פון זיין קראַנקן־בעט, האָט ער, אַן אָפּגעשוואַכטער און אַן אויפגערירטער פון דער גוטער בשורה, געשריבן דינעזאָנען אָט דעם בריוו:

„טייערער! טייערער דינעזאָהן! בעסטער און ערלעכסטער מענטש!

„איך שרייב נאָך קיינעם ניט, נאָר צו אייך. איך האָב היינט אייער לעצטן בריוו צו מיין פרוי געלעזן מיט... טרערן.

„זאָל איך אייך זאָגן אַ דאַנק? ניין! צו באַנאַל! איר האָט אָנגע־הויבן, דינעזאָהן, אַ גרויסע, גרויסע זאַך: ראַטעווען מיינע גייסטיקע קינדער, אויסקויפן זיי פון יידישע הענט. איר מוזט דאָס דערגרייכן, אַניט איז שלעכט מיט מיר, וואָרים ראַטעווענדיק מיינע גייסטיקע קינ־דער — ראַטעוועט איר מיך!... אויסקויפנדיק מיינע ווערק פון די יידישע פאַרלעגער און אַרויסגעבער, קויפט איר מיר אויס מיין נשמה!... שאַדע, וואָס איך קען איצט מער ניט שרייבן און טאָר ניט שרייבן — עס שטיקן מיך טרערן, טרערן פון ווייטאָג, טרערן פון באַליידיקונג, טרערן פון דאַנקבאַרקייט און טרערן פון פרייד, וואָס ס'איז נאָך, אַפּנים, פאַראַן „מענטשן", פריינד און גוטע פריינד ביי אונדז — און איך, שוטה, האָב גערעכנט אַוועקטראָגן מיין אומגליק און מיין טרויער אין קבר"...

ווייטער האָט ער געשריבן אין דעם בריוו וועגן דער גזילה פונעם „מבול" און וועגן דער „פּאָלעמיק", וואָס האָט זיך אויף דער טעמע אַנט־וויקלט צווישן דעם „היינט" און „אונזער לעבן", און האָט פאַרענדיקט אַזוי:

„— — — נאָר גענוג! הלוואַי זאָל דער „היינט" שוין מער ניט אָנ־רירן דעם מיאוסן עסק. הלוואַי זאָלן ביידע צייטונגען רחמנות האָבן — איך רעד שוין ניט פון רעספּעקט, נאָר רחמנות אויף אַ קראַנקן ווי האָט מען ניט?! וואָס זאָגט איר אויף צייטלינס אַרטיקל אין „היינט" (נומער 207)? דער ייד האָט אַן אמת יידיש וואַרעם האַרץ! און וואָס זאָגט איר אויף „זייער לעבן"? זיי ווילן אַפילו מיין בריוול ניט דרוקן. [געמיינט

אַ דאַנק־בריוו די באַראַנאָוויטשער, וואָס ער האָט דעמאָלט צעשיקט אין די צייטונגען. — י. ד. ב.]. זייער טאַקטיש! —

„שרייבט מיר דינעסזאָהן. אייערע בריוו זענען די בעסטע רפואה צום הוסט און צו אַלעס!

אייער קראַנקער פריינד

שלום־עליכם".

אַז שלום־עליכם האָט זיך פאַרבעסערט אויף אַזויפיל, אַז ער האָט שוין געקאָנט זיך באַוועגן אויף דער פרייער לופט, האָבן די דאָקטוירים באַשטימט, ער זאָל גלייך, איידער דער רוסישער האַרבסט קומט־אָן, אַוועק־פאָרן קיין איטאַליע, אויף דער ריוויערע, זיך באַזעצן דאָרט אויפן ווינטער אינעם קוראָרט פאַר טובערקולאָז־קראַנקע נערווי, וואָס ליגט ביי גענואַ. ער האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט באַראַנאָוויטש, פאָרן אַוועקפאָר זיך פאָטאָגראַפירט מיט דער גאַנצער באַראַנאָוויטשער אינטעליגענץ און זיך געלאָזט, אונטער דער גוטער השגחה פון זיין פרוי און מיטן קליינעם זון נומאַ, ווידער אין די פרעמדע לענדער אַריין. דורכפאָרנדיק וואַרשע, האָט ער קיינעם דערפון ניט געגעבן צו וויסן — ער האָט געוואָלט אויס־מיידן אומזיסטע אויפרעגונג.

לויט דעם, ווי מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט פריער דורך בריוו און טעלעגראַמעס, זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון זשענעווע באַגעגענען די רייזנדע אין באַזעל, אויף זייער וועג קיין איטאַליע. אַזוי ווי אונדזער באַגעגעניש איז פאָרגעקומען אין אַ פרעמדער שטאָט און אין אַן אומ־באַקאַנטער סביבה, זענען אַ סך זאַכן פאַרבליבן אין זכרון נאָר ווי דורך אַ נעבל. עס געדענקט זיך, אַז ס'איז געשטאַנען אַ שיינער זוניקער שווייצאַרישער האַרבסט־טאָג. נאָר שלום־עליכם איז אַרויס פונעם צוג אין וואָליקעס און אין אַ וואַרעמען ווינטערדיקן פוטער, אין וועלכן זיין בלייך געזיכט האָט זיך געטוליעט מאָדנע־טרויעריק, ווי קינדערש־דערשראָקן. אויך אין האָטעל, אַז ער האָט זיך אויסגעוויקלט פון די ווינטערדיקע בגדים און זיך אַיינגעוויקלט די פיס, זיצנדיק אין שטול, אין אַ וואַרעמען וואָלענעם פלעד, איז דער אַיינדרוק געווען אַ שאַרף־

טרויעריקער, וואָס האָט טיף געשניטן אין האַרצן. ס'איז גאָרניט דער שלום־עליכם, וואָס פריער! אַוועק איז די יונגע לעבעדיקע רירעוודיקייט, דער מונטערער אויסדרוק פון פרישער, קוואַלנדיקער שאַרפזיניקייט, דער פלינקער ליכטיקער קוק פון די בלויע פריילעכע אויגן. ער איז איצט געווען אײַנגעצאַמט, קרענקלעך־פאַרזיכטיק, די באַוועגונגען ווי געבראָכן, דאָס פנים פאַרעלטערט, פאַרשאָטנט, אָפּט פיינלעך פאַרטראַכט, די אויגן פאַרנעבלט אין באַהאַלטענעם טרויער. פאַר דעם יאָר מיטן פערטל, וואָס איך האָב אים ניט געזען, האָט זיך אָנגעקליבן אויפן האַרצן אַזויפיל אים מיטצוטיילן, צו דערציילן, נאָר איצט, קוקנדיק אויף אים, ווי אַזוי ער זיצט געפּענטעט אינעם פלעד, אַרומגערינגלט פון די פאַרטרויערטע קינדער, האָט זיך די צונג ניט געריערט צו ריידן. דערצו האָט זיין הוסט בייז געשראָקן, גאַנץ אָפט דערמאָנט וועגן זיין פאַרטאַיעטער קראַנקייט, וואָס עסט אים אין דער שטיל. ער האָט מיטגעפירט מיט זיך אַ גאַנצע אַפּטייק מיט רפואות און פילן, אַרום וועלכע ער האָט זיך געעסקט מיט אַ מאָדנעם נייעם רירנדיקן אינטערעס, ווי אַ קראַנק קינד עסקט זיך מיט שפּילצייג, וואָס מע האָט אים געקויפט צוליב זיין קראַנקייט. דאָס זענען אָבער געווען פאַר אים ניט קיין שפּילצייג. ער האָט זיך אַרויסבאַוויזן ווי אַ פלייסיקער פּאַציענט, שטרענג אָפּגעהיט אַלע פאָרשריפטן פון די דאָקטוירים, עטלעכע מאָל אַ טאָג פינקטלעך געמאָסטן און פאַרשריבן די טעמפּעראַטור, פרום אויסגעהאַלטן דיעטע — ער האָט דורכאויס געוואָלט געזונט ווערן. ער האָט אינגאַנצן אויפגעגעבן דאָס רויכערן (פריער האָט ער געדויכערט ציגאַרן). און ניט נאָר האָט ער אַליין אויפגעהערט צו רויכערן, נאָר ער האָט אויך מיר גלייך אָנגעזאָגט, אַז ווען איך בין מיט אים אין איין חדר, דאַרף איך פאַרגעסן רויכערן. אַז ס'איז אָבער אַריבער די ערשטע שעה, האָט ער מיר דערמאָנט: „נו, איר שטאַרבט דאָך מסתמא אַוועק נאָך אַ פּאַפּירעסל — גייט־זשע אין אייער נומער, כאַפּט דאָרט אַריין אַביסל רויך און קומט גלייך צוריק״...

ער האָט זיך דאָך ביסלעכווייז צעוואַרעמט, אַזוי אַז פון דעם וואַרעמען פלעד האָט אָנגעהויבן אַרויסקוקן דער פריערדיקער שלום־עליכם. ער האָט דערציילט עפּיזאָדן פון דער צייט, וואָס ער איז געלעגן קראַנק

אין באַראַנאָוויטש — צווישן זיי שוין אויך קאָמישע. ער האָט דער־צײלט אין צערטלעך־שפּאַסיקן טאָן, ווי אַזוי זײַנע צוויי געטרײַע שומרים, די מוטער און דער קלײנער נומאַ, לאָזן אים ניט אָפּ פון די אויגן, היטן אים די טריט ווי אַ גנב. נומאַ איז געוואָרן זײַן שטרענגער דיקטאַטאָר. טאָמער רעדט ער צופיל, טוט ער אויף אים אַ געשרײ: „פּאַפּאַ, שווייג!" און אַז ער וויל עפּעס שרײַבן, לאָזט ער ניט: „שוין? דו נעמסט שוין ווידער שרײַבן דײַנע מעשיות?"... דערבײַ האָט ער זיך ווייך פאַרטראַכט און אַ זאָג געטאָן צו די קינדער, אַז אויב זיי ווילן וועמען דאַנקען פאַר זײַן לעבן, דאַרפן זיי דאַנקען די מוטער — זי האָט אים אויף אירע הענט אַרויסגעטראָגן פונעם טויט... אָפּגעזאָגט אַזאַ זאַך, איז ער שוין גאָר געוואָרן פריילעך. ער האָט די קינדער געגומען אויספרעגן, ווי אַזוי זיי האָבן פאַרבראַכט דעם זומער אָן אים. מיט אַ באַזונדערער צערטלעכ־קייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט זײַן אייניקל, מיט מײַן קלײנער טאָכטער תמרה. זי האָט אים דאָ אין האָטעל געמוזט ווײַזן אירע נײַע „חכמות" און קונצן, וואָס זענען בײַ איר צוגעקומען פאַר דער צײַט, זינט ער איז אַוועקגעפאָרן פון זשענעווע. איינע פון די „חכמות" איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט זיך געשטעלט אויף אַ שטול, אויפ־געהויבן דאָס הענטל אין דער הייך און אויף דער העכסטער אָקטאַווע פאַרגעזונגען אָן אַריע פון דער אָפּערע „פּאַיאַצן". די ערפינדונג איז געווען ניט אירע אָן אייגענע: זי האָט דאָס איבערגענומען פון איר קלײנעם פעטער נומאַ. איצט האָבן ביידע קינדער, דער זיבן־יאָריקער זון און דאָס צוויי־יאָריקע אייניקל, זיך באַדאַרפט שטעלן אויף צוויי שטולן פאַרן קראַנקן פאָטער מיט אויפגעהויבענע הענט און זינגען פאַר אים אין אַ דועט אויף רוסיש: „סמעיסיאַ, פּאַיאַץ, נאַד ראַזביטאַי ליובאָוויו טוואָיעיו!"... (לאַך, דו פּאַיאַץ, איבער דער צעבראָכענער ליבע דײַנער!). שלום־עליכם האָט געקוקט אויף די קינדער, ווי זיי זינגען ערנסט, זיך הילכיק צעלאַכט און געהייסן איבערחזרן דאָס געזאַנג נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. ער האָט אַזוי לאַנג געלאַכט, ביז די אויגן זענען אים פאַרלאָפן מיט טרערן און ער האָט זיך צעוויינט... בײַ מיר איז פון יענער סצענע פאַרבליבן דער שמערצלעכער אײַנדרוק, ווי דער קראַנקער

שלום־עליכם האָט דאָ געוויינט איבער זיין אייגענעם צעבראָכענעם לעבן...

פון באַזעל האָט שלום־עליכם מיטגענומען קיין נערווי אויך די צוויי יינגערע טעכטער, עמאַ און מאַרוסי. איך מיט מיין פאַמיליע בין דערווייל צוריקגעפאָרן קיין זשענעווע. דערווייל — וואָרעם שלום־עליכם האָט מיט אונדז אָפּגערעדט, אַז ביי דער ערשטער מאַטעריעלער מעג־לעכקייט קומען מיר אויך קיין נערווי. אויב שוין יאָ זיצן אין אויסלאַנד — צו וואָס זאָל מען זיין צעשיידט?... אַחוץ דעם, וועט מען צוליב דעם יובילעי זיך דאַרפן דורכשרייבן מיט אַ וועלט מיט מענטשן, און אַזוי ווי ער אַליין טאָר איצט קיין סך ניט שרייבן, וועל איך געוויס האָבן אַרבעט.

פון נערווי האָט אונדז שלום־עליכם גלייך אָנגעהויבן שרייבן פריי־לעכע בריוו. ער האָט דאָרט פאַר זיך געפונען אַן אוצר — די הייסע היילנדיקע איטאַליענישע זון. ער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז דאָ וועט ער מוזן געזונט ווערן. כמעט יעדן בריוו האָט ער אָנגעהויבן אין התפעלות, אַז דאָס שרייבט ער אינדרויסן, אונטערן פרייען הימל, אַקעגן די הייסע שטראַלן פון דער געטלעכער זון — און שוין ניט אין וואָליקעס, נאָר אין איין פידזשאַק! איין זאַך האָט אים נאָר באַאומרואיקט: דאָס, וואָס ס'איז נאָך ניטאָ קיין געלט. מע דאַרף באַצאָלן פאַר אַ דירה אויפן ווינטער פאָראויס — און ס'איז ניטאָ מיט וואָס. אַנשטאָט געלט, זענען דערווייל אָנגעקומען פון רוסלאַנד פּראָיעקטן. יאַצקאַן איז אַרויס אין „היינט" מיט אַ גרויסאַרטיקן פּראָיעקט, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל אונטער־טראָגן שלום־עליכמען צום יובילעי אַ „מאַיאָנטעק", דאָס הייסט: אַ הויז מיט אַ גאָרטן, מיט פעלדער אַרום און מיט אַ שטיקל וואַלד — און זאָל ער זיך זיצן דאָרט און שרייבן. אויב יידישע מיליאָנערן אין פוילן האָבן געקאָנט ביישטייערן צענדליקער טויזנטער רובל אויף אַ מאַיאָנטעק פאַרן פוילישן ראָמאַניסט סיענקעוויטש צו זיין יובילעי — פאַרוואָס זאָלן יידן ניט טאָן דאָס אייגענע מיט שלום־עליכמען?... און וויבאַלד שוין יאָ אַ מאַיאָנטעק, — האָבן די קיעווער ציוניסטן גענומען שמועסן, אַז דעם מאַיאָנטעק וועט מען, אם ירצה השם, דאַרפן קויפן שלום־עליכמען טאַקע אין ארץ־ישראל. גראָד יענע טעג האָט מען געלייגט דעם פונ־

דאַמענט פאַר דער צוקונפטיקער יידישער שטאָט תל־אביב — האָט זיך ממילא געבעטן דער געדאַנק, מע זאָל דאָרט שלום־עליכמען אויס־בויען אַ הויז מיט אַ גאָרטן און מיט אַ וועראַנדע צום מיטללענדישן ים...

אויך פון אַמעריקע זענען אָנגעקומען גוטע גרוסן. דאָרט האָט דוד פינסקי אָרגאַניזירט אַ יובילעי־קאָמיטעט, צו וועלכן עס זענען צוגע־שטאַנען די ראַדיקאַלע שריפטשטעלער, צווישן זיי אַפילו יעקב גאָרדין. געהאַלטן זיך פון דער ווייטן האָבן דווקא יענע צייטונגען, ווו שלום־עליכם איז געווען אַ מיטאַרבעטער: דאָס „טאַגעבלאַט" און דער „מאָרגען זשורנאַל". אַפנים, דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל די „ראַדיקאַלן" האָבן ביי זיי אויסגעכאַפּט שלום־עליכמען; און אפשר האָבן זיי זיך געפילט סתם אין אַ פאַרלעגנהייט, וואָס די לעצטע צייט האָבן זיי שלום־עליכמען ניט אַזוי פיין באַהאַנדלט?... אברהם אליהו לובאַרסקי, וואָס האָט זיך יענע טעג געפונען אין אייראָפּע, איז געווען אויסער זיך. ער האָט גע־שריבן שלום־עליכמען, אַז אָט לויפט ער צוריק קיין ניו־יאָרק און וועט דאָרט אַוועקגעבן אַ פינצטערן פסק ביידן — אי „יענקעלע" סאַפּיר־שטיינען, אי זיין בוזעם־פריינד „מאַקאַיקען" (אַזוי האָט ביי אים געהייסן לעאָן קאָמאַיקע, דער אַרויסגעבער פונעם „טאַגעבלאַט").

און אָט איז געקומען דער טאָג פון שלום־עליכמס יובילעי, וואָס איז אויסגעפאַלן די ערשטע וואָך נאָך סוכות — שבת־בראשית. אין וואַרשע האָט דער „הזמיר" געפראַוועט דעם יובילעי מיט אַ באַנקעט, אויף וועלכן פרץ האָט געהאַלטן די פייערלעכע רעדע. ענלעכע פייערונגען זענען יענעם טאָג פאָרגעקומען אין אַ סך שטעט און שטעטלעך, ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר ווייט הינטער די אָקעאַנען — ביז דרום־אַפריקע. די יידישע צייטונגען זענען אַרויס מיט יום־טובדיקע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם יובילאַר. אויך רוסישע צייטונגען אין פעטערבורג, קיעוו און אָדעס און אין אַנדערע גרויסע שטעט האָבן געווידמעט אַרטיקלען שלום־עליכמען, געדרוקט זיין ביאָגראַפיע און איבערזעצונגען פון זיינע ווערק, געגעבן זיין בילד אין די זונטאָגדיקע ביילאַגעס. געפעלט האָט נאָר די ערשטע טעגלעכע יידישע צייטונג אין רוסלאַנד — דער „פריינד", וואָס האָט יענע טעג, מחמת שווערע מאַטעריעלע אומשטענדן, זיך אָפּגעשטעלט.

שלום־עליכם אַליין האָט דעם טאָג פון זיין יובילעי פאַרבראַכט אין נערווי אין איינזאַמקייט און טרויער. ערב זיין יום־טוב האָט ער זיך דערמאָנט אָן זיין ערשטן חבר מרדכי ספעקטאָר, מיט וועמען ער האָט כמעט אין איין צייט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין דעם פעטערבורגער „פאָלקסבלאַט", און האָט אים אָנגעשריבן אַ קליין בריוועלע, אויף וועלכן די אותיות זענען געבליבן פאַרפלעקט פון טרערן. דאָס בריוועלע לייענט זיך אַזוי:

„ברודער ספעקטאָר! דארפסט אַליין פאַרשטיין מיין האַרץ. אין דער צייט, ווען דאָרטן, אין דער ליבער היים, פרייען זיך יידן מיט מיין יום־טוב, בין איך דאָ אַליין, קראַנק, פאַרוואָרפן, אָפּגעריסן, און וויין, און גיס מיט טרערן . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

„איך קאָן ניט שרייבן מער.

„שוין באַלד 25 יאָר דיינער

שלום־עליכם".

## טו
# „שמואל שמעלקיס און זיין יובילעאום"

שלום־עליכם איז געווען אַ פלייסיקער פּאַציענט. געקומען אין נערווי זיך היילן פון זיין קראַנקייט, האָט ער אויף זיך ערנסט גענומען דעם יאָך פון אַ חולה, זיך אונטערגעוואָרפן דעם פאָרגעשריבענעם רעזשים פון זיין דאָקטאָר און אים שטרענג אויסגעפאָלגט, ווי אַ פרומער ייד פאָלגט דעם „שולחן ערוך". פונקט ווי אַ גאָטספאָרכטיקער ייד רינגלט זיך אַרום פון אַלע זייטן מיט צאַמען, אַ צאַם אַרום אַ צאַם, ער זאָל חלילה ניט געשטרויכלט ווערן דורך דער מינדסטער מעגלעכקייט פון אַן עבירה — אַזוי האָט איצט אויך שלום־עליכם שטאַרק איינגעצאַמט זיין טאָג־טעגלעך לעבן און פרום אָפּגעהיט די קור־רעגולאַציעס, נאָך מער ווי דער דאָקטאָר האָט עס געפאָדערט. אין איינעם פון זיינע ערשטע בריוו האָט ער אונדז צוגעשיקט פון נערווי אַ פולן סדר פון זיין טאָג, ווי ער איז איינגעטיילט פון זעקס אינדערפרי ביז צען אינאָוונט, לויט באַשטימטע שטונדן, אויף עסן (שלום־עליכם האָט געשריבן „פרעסן"), שפּאַצירן אויפן ברעג ים און ליגן אויף דער זון, — און שוין דאָס אַליין, וואָס ער האָט זיך איצט מיט אַזעלכע זאַכן ווי געשפּילט און באַרימט, האָט באַוויזן זיין נייעם געמיט־צושטאַנד פון אַ פיזישן בעל־תשובה, וועלכער באַדויערט און וויל צוריקכאַפּן זיין פאַרלאָרן געזונט, וואָס איז פאַרצערט געוואָרן אין גרויסע אויפרעגונגען, אין נע־ונד זיין, אין ניט־דערשלאָפענע נעכט, אין עסן אַיילנדיק אויף איין פוס.

נאָר אין איין זאַך האָט שלום־עליכם ניט געפאָלגט דעם דאָקטאָר — אין אויפגעבן זיין שרייבן. דער דאָקטאָר האָט אים אָנגעזאָגט, ער זאָל די ערשטע צייט זיך אָפּהאַלטן פון אַרבעט, בפרט אַז ער איז נאָך ניט אין גאַנצן פריי געווען פון הוסטן מיט בלוט און האָט זיך געדאַרפט היטן

פון אַ רעצידיוו. אָבער דאָס איז געווען איבער זיינע כוחות. ניט שרייבן איצט, ביי אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן, אויף דער גוטער פרייער לופט, אין דער פרישער זוניקער מונטערקייט פון דעם איטאַל־יענישן האַרבסט, — דאָס וואָלט פאַר אים געהייסן אויפגעבן דאָס בעסטע, פירן אַ לאַנגווייליק לעבן, אויסגעליידיקט פון אינהאַלט, אָן דער הויפּט־ראָזינקע, וואָס מאַכט אים זיס זיינע טעג. האָט ער שטילערהייט דאָך געשריבן. ער האָט געשריבן ניט ווי פריער — ניט לאַנגע שטונדן נאָכ־אַנאַנד, פאַרשיכורט, פאַרכאַפּט. ער האָט איצט געשריבן פּאַמעלעך, אין קליינע פּאָרציעס — ער האָט אויך אין זיין שרייבן זיך געצאַמט. און ניט נאָר איז דער אויסערלעכער פּראָצעס פון זיין שרייבן געווען געצאַמט, נאָר אויך דער אינערלעכער טאָן, דער ריטם פון זיין סטיל. דער פריער־דיקער ברייט־צעגאָסענער, איבערשוימענדיקער הומאָר איז איצט גע־וואָרן איינגעהאַלטן, געמאָסטן, ווי קאָנצענטראָלירט דורך דעם באַהאַלטענעם טרויער פון אַ מענטשן, וואָס האָט שוין געזען מיט די אייגענע אויגן דעם אָפּגרונט פון טויט.

אַ וואָך פאַר זיין יובילעי האָט מיר שלום־עליכם אָנגעהויבן שיקן יעדן טאָג צו ביסלעך פון זיינער אַ נייער דערציילונג, וואָס איז געווען געשריבן מיט אַ בלויען שטיפטל און מיט גרויסע אותיות אויף קליינע בלעטלעך, אַזוי אַז יעדעס בלעטל האָט געגעבן נאָר עטלעכע שורות. פון דעם דאָזיקן צעוואָרפענעם מאַנוסקריפּט איז געווען קענטיק, אַז דאָס גנבעט שלום־עליכם אַריין יעדן טאָג אויף זיין שפּאַציר־גאַנג אַ קליינעם „שרייב" קעגן דעם פאַרבאָט פון זיין דאָקטאָר. איך האָב דאָס באַדאַרפט איבערשרייבן אין צוויי קאָפּיעס, שיקן איין קאָפּיע צום וואַרשעווער יובילעי־קאָמיטעט און די צווייטע קיין אַמעריקע, אויב דאָרט וועט זיך פאָרמירן אַזאַ קאָמיטעט. סיי אין אייראָפּע, סיי אין אַמעריקע האָט זיך די זאַך באַדאַרפט דרוקן אין אַ באַזונדער ביכעלע, מיט דעם פאַרפאַסערס בילד און פאַקסימילע, באַגלייט מיט אַ הקדמה פון די קאָמיטעטן — אַ מין יובילעי־מתנה פון שלום־עליכמען צו זיינע לייענער. מיך האָט דאָס אי געפרייט, אי געחידושט, וואָס ביי זיין קראַנקן צושטאַנד האָט ער זיך ווידער גענומען פאַר דער אַרבעט און שאַפט אַרום איר, אויף זיין

אַלטן שטייגער, אַן אַטמאָספער פון מונטערער טעטיקער וויכטיקייט — גאָר ווי אין די געזונטע יאָרן.

די דערציילונג האָט געהייסן „שמואל שמעלקיס און זיין יובילעאום". באַלד נאָכן טיטל איז געגאַנגען אַ פייערלעכע ווידמונג פון דעם פאַר־פאַסער: „אַלע מיינע ליבע קליינע מענטשעלעך פון כתרילעווקע ווידמע איך דאָס דאָזיקע קליינע ביכעלע". און אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מאַנוס־קריפּט מיט אַ לייכטער, האַלב־הומאָריסטישער הקדמה, אין וועלכער דער מחבר האָט גערעדט פון זיין קראַנקייט, פון דעם, וואָס די דאָק־טוירים האָבן אים פאַרבאָטן שרייבן, און פון דעם „פאַפירענעם יצר־הרע" און דעם „שטן פון טינט און פעדער", וואָס אַרבעטן מעשים קעגן דעם פאַרבאָט פון די דאָקטוירים. וואָרעם דווקא קראַנקערהייט איז ביי אים באַשאַפן געוואָרן אין געדאַנק „אַ גאַנץ בינטל מעשיות פון כתרילעווקע, פון מאַזעפּעווקע, פון סטרישטש און פון אַנדערע מקומות, גדיע יעווריעיאָם זשיט דאָזוואָליענאָ" (ווו יידן איז דערלויבט צו וווינען), אַזוי אַז ער ווינטשט זיך אַליין צו שרייבן „כאָטש נאָך אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק, אויב ניט מער". „מעגסט מיר דעריבער גלויבן אויף נאמנות, — האָט ער פאַרענדיקט די הקדמה מיט אַ ווענדונג צום לייענער און מיט אַן אויפמונטערונג צו זיך אַליין, — אַז איך וועל ערשט אָנהייבן צו שרייבן און צו שרייבן".

לייענענדיק די ערשטע קאַפּיטלען פון „שמואל שמעלקיס", וואָס די פּאָסט האָט מיר טעגלעך געבראַכט אין קליינע דאָזעס, האָב איך לכתחילה געמיינט, אַז דאָס וועט זיין סתם אַ כתרילעווקער מעשה, איינע פון שלום־עליכמס באַוווסטע באַשרייבונגען פון די „קליינע מענטשעלעך", אין וועלכע עס איז שוין אויפגעשטעלט אַ גאַנצע שטאָט מיט פאַרשוינען, פון רב יוזיפל דעם רב ביז בערקע דעם בעדער (וואָס כתרילעווקע רופט אים, פאַר זיין אומגיין נאַקעט אין באָד, „אדם הראשון"), פון בנימין לאַסטעטשקע דעם „גביר" און „עקספּלואַטאַטאָר" ביז שמואל־אבא פינ־גערהוט דעם „רעוואָליוציאָנער" און „באָמבע־וואַרפער", פון פאַן מילי־ניעווסקי דעם „מיראָוואָי סודיאַ" ביז כוועדער דעם שבת־גוי. עס זענען שוין אויך אַרויסגעבראַכט געוואָרן די כתרילעווקער אינטעליגענטן —

די אויפגעקלערטע משכילים און פילאָזאָפן, די ציוניסטן, די צייטונג־לייענער, די פּאָליטיק־שמועסער. עס האָט נאָר געפעלט צום רומל דער ליטעראַרישער פאַרשטייער פון די „קליינע מענטשעלעך" — האָט איצט שלום־עליכם, צו דער געלעגנהייט פון זיין יובילעי, אַפּנים, פאַרטראַכט צו געבן אויך דעם כתרילעווקער שרייבער און צו דערציילן אַ פריילעכע מעשה, ווי אַזוי כתרילעווקע באַהאַנדלט אירע ליטעראַטור־טרעגער.

וואָס אַ טאָג מער, וואָס ווייטער איך האָב באַקומען די פאָרזעצונגען פון דער נייער כתרילעווקער דערציילונג, האָב איך אָבער אַרויסגעזען, אַז דאָס איז גאָרניט קיין פריילעכע מעשה, אַז שלום־עליכם האָט דאָ אַן ערנסטע פערזענלעכע כוונה: „שמואל שמעלקיס און זיין יובילעאום" איז אויסגעוואַקסן אין אַ משל, אין אַ שאַרפער, פיינפולער סאַטירע קעגן שלום־עליכמען אַליין און זיין אייגענעם טרויעריקן ליטעראַרישן יום־טוב. ערטערווייז איז דער משל געווען אַיינגעהילט אין אַ שלייער, אָבער צום מיינסטן איז ער געווען אַזוי דורכזיכטיק, אַז יעדער איינער האָט געקאָנט זען, ווי אַזוי שלום־עליכם מאָלט דאָ בולט זיין זעלבסט־פּאָרטרעט, זיין ליטעראַרישן ווערט פאַר כתרילעווקע און זיין ביטערע מערכה, וואָס ער האָט צווישן די כתרילעווקער לייט.

מיט קורצע, שאַרפע, אַלעגאָרישע שטריכן האָט שלום־עליכם אָנגעוואָרפן די לעבנסגעשיכטע פון זיין העלד שמואל שמעלקיס, דעם מאָלער און באַשרייבער פון די כתרילעווקער „קליינע מענטשעלעך". ווי אַזוי ער האָט מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק געשפּאַנט איבער דער כתרילעווקער בלאָטע, וואָס טריקנט קיינמאָל ניט אויס, אַ פאַרשפּריצטער פון קאָפּ ביז פיס, נאָר מיט אַ גליקלעכן, שיינענדיקן פּנים און מיט אַ בלאַט־צייטונג אין די הענט — דאָס בלאַט, אין וועלכן מע האָט אים צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט. ווי אַזוי עס האָט זיך פון יענעם טאָג אָנגעהויבן פאַר אים אַ ניי לעבן — פול מיט חלומות, מיט הויך־שוועבנדיקע פאַנטאַזיעס און מיט מיזאַמער פּרוכטבאַרער אַרבעט פאַר כתרילעווקע, און פול מיט צרות און פיין, מיט דחקות און אָרעמקייט פאַר זיך אַליין און פאַר זיין הויזגעזינד. ווי אַזוי ער האָט, אַ פאַרטיפטער אין זיין אַרבעט פאַר די „קליינע מענטשעלעך", ביסלעכווייז געפּטרט זיין

רייכן שווערס ירושה, „די קראַם פון שניט און פון באַקאַליי און פון צעלניק און פון פויגלמילך״, געוואָרן אַן אָרעמער „כתריליק״ גלייך מיט אַלע כתרילעווקער, „זיך באַקענט מיטן כתרילעווקער דלות און מיט אַלע זיינע תרי״ג באַהעלפערס״, „זיך געקאַטשעט באַרג אַראָפּ״ אַלץ טיפער און טיפער, ביז עס איז געקומען דאָס ערגסטע: ער האָט גע־מוזט פאַרזעצן ביים כתרילעווקער פּראָצענטניק רב נתן קורח זיין לעצטע ירושה, „די דירה מיט די צוויי גאַנקעס״, און לעבן אין שטענ־דיקן שרעק, אַז אָט־אָט וועט ער בלייבן מיט זיין הויזגעזינד אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ... אַזוי זענען פאַרגאַנגען פינף־און־צוואַנציק יאָר. און אָט איז איינמאָל אין אַ פרימאָרגן רב נתן קורחס משרת, קאָפּל דער אַדוואָ־קאַט, געקומען אים אַרויסוואַרפן פון דער דירה, און שמואל שמעלקיס, אַ צעטראָגענער, אַן אומגליקלעכער, לויפט זיך אָפּבעטן ביים כתרילעוו־קער גביר, יענער זאָל אויף אים רחמנות האָבן, פאַרלויפט אויפן וועג אין דער פּאָסט אַריין, באַקומט די צייטונג, כאַפּט אַ קוק אינווייניק, שטעלט זיך אָפּ און דערזעט דאָרט אַזעלכעס, וואָס ער גלייבט ניט זיינע אויגן. וואָס זשע האָט ער אין דער צייטונג דערזען? „אַ נס האָט זיך געטראָפן, דערציילט שלום־עליכם, — אַ נס: עמיצער, אַ גוטער פריינד אָן אַ נאָמען, האָט זיך דערמאָנט און געגעבן צו וויסן אין בלאַט, אַז היינטיקן טאָג איז געוואָרן פינף־און־צוואַנציק יאָר זינט שמואל שמעלקיס איז אַרויס אויפן פעלד פון דער יידישער ליטעראַטור מיט זיינע באַשרייבונגען פון כתרילעווקע״...

דער „גוטער פריינד אָן אַ נאָמען״ — דאָס איז געווען אַ דייטלעכע אָנצוהערעניש אויף ד״ר משה ווייצמאַנס בריוו, וואָס האָט פּובליקירט שלום־עליכמס יובילעי אין די צייטונגען, און אין דער פראַזע „אַ נס האָט זיך געטראָפן״ האָט געשטעקט אַ היפּשע איראָניע קעגן דער יידישער פּרעסע, וואָס וואָלט פון זיין יובילעי זיכער ניט געוווּסט, ווען ניט „דער גוטער פריינד אָן אַ נאָמען״.

און אָט ווי שלום־עליכם האָט איבערגעגעבן דעם זעלישן צושטאַנד פון שמואל שמעלקיס, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעלייענט אין דער צייטונג וועגן זיין יובילעי:

„יובילעאום?!... קיינמאָל האָט שמואל שמעלקיס ניט געדענקט פון קיין יובילעאום, קיינמאָל אַפילו אין חלום ניט געזען אַזאַ זאַך. מע מוז מודה זיין, אַז אונדזער העלד האָט מיט זיין אָרעמער פעדער אין דעם משך פון די פאַרגאַנגענע פינף־און־צוואַנציק יאָר קיין שטערן פון הימל ניט געכאַפּט און קיין חידושים ניט אויפגעטאָן. איין שבח דאַרפן מיר אים אָבער נאָכזאָגן: ער האָט געטאָן זיין אַרבעט געטריי און מיט ליב־שאַפט, ווי די בין, וואָס טראָגט איר חלק האָניק אינעם גרויסן בינשטאָק אַריין. קיינמאָל האָט ער ניט געפרעגט קיין קשיה: צוליב וואָס ער לייגט זיך אַזוי אָוועק פאַר כתרילעווקע און פאַר די קליינע מענטשעלעך? איך זאָל וויסן, אַז דאָס וועט ניט זיין קיין באַליידיקונג, וואָלט איך אים פאַרגליכן צו אַ קו, וואָס זייגט איר קעלבל, גאָרניט צו פרעגן קיין קשיות, למאַי זי טוט עס...״

און ווידער אַמאָל:

„יובילעאום!״...

„דאָס דאָזיקע זיסע וואָרט האָט זיך שטיל אַריינגעשליטלט, ווי אויף בוימל, צו אונדזער העלד אין האַרצן אַריין, האָט אים געוואָרעמט, ווי אַ גוטער וויין, ווי אַ באַלזאַם צו די ביינער, און אַ ביסל ווי פאַרשיכורט.

„מיין יובילעאום?!״... — אַזוי טראַכט שמואל שמעלקיס מיט טרערן אין די אויגן און פאַרגעסט אין דער מינוט דעם גביר רב נתן קורח מיט דעם אַדוואָקאַט קאָפּל, און ער איז זיי מוחל די שפיכות דמים, און איז מוחל אַלעמען פאַר אַלע פינף־און־צוואַנציק שווערע, ביטערע יאָרן, פאַר אַלע קלעפּ פון גאָט און פון לייטן...״

יענע טעג, ווען ס׳איז אויסגעפאַלן שלום־עליכמס יובילעי, האָט זיך אין די צייטונגען גערודערט מיט אַ צווייטן ליטעראַרישן יום־טוב, וואָס די גאַנצע קולטור־וועלט האָט געפייערט, מיטן פופציק־יאָריקן יובילעי פון לעוו טאָלסטאָי, — האָט שלום־עליכם אויך דאָס באַרירט אין זיין דערציילונג. שמואל שמעלקיס, לייענענדיק נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל דעם זיסן אָנזאָג וועגן זיין שמחה, האָט פלוצעם דערזען אין דער צייטונג

אויך די ידיעה וועגן טאָלסטאָיס יובילעי. — „אַלזאָ, צוויי יובילעאומס, צוויי יובילאַרן: גראַף לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי פון יאַסנע פּאָליאַנע און ער, שמואל שמעלקיס פון כתרילעווקע! כאַ־כאַ־כאַ!

„און ער צעלאַכט זיך ניט ווילנדיק צו זיך אַליין: ווי קומט ער, אַזאַ קליין ווערימל, קעגן אַ וויזעלטיר? ווי קומט ער, דאָס קלענסטע שטע־רענדל, קעגן דער גרויסער פלאַמענדיקער זון, וואָס באַשיינט די גאַנצע וועלט? און פון דעסטוועגן — אָט זעט איר דאָך — שטייט זיין נאָמען, שמואל שמעלקיס, אינאיינעם מיטן ריזיקן גלית הפלישתי פון דער וועלט, מיטן גראַף טאָלסטאָי!...

„און (אָ, זינדיקער מענטש!) עס כאַפּן אים אונטער זיינע געדאַנקען און טראָגן אים אַוועק, ווי אַלע מאָל, ווייט אין הימל אַריין, אינעם עולם הדמיון, און ער פרעגט זיך: „לאָמיר זען, פאַרוואָס ניט?... און לאָמיר שמועסן דאָס אייגענע ווידער אַ מאָל צוריק — פאַרוואָס טאַקע ניט?... שוין־זשע איז ער, דער אומבאַקאַנטער שמואל שמעלקיס, ניט כמעט דאָס זעלבע אין דעם קליינעם פינצטערן כתרילעווקע, וואָס טאָלסטאָי פאַר דער גרויסער ליכטיקער וועלט? טאָלסטאָי, די גרויסע פלאַמענדיקע זון, האָט באַלייכט מיט איר מוראדיקן פייער די גאַנצע ערד, און ער, דאָס קליינע שטערנדל, האָט דען ניט באַלייכט מיט זיין קליין פייערל אַ קליין שוואַרץ פינטעלע אויף דער ערד, וואָס מע רופט דאָס כתרי־לעווקע? ווער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געגעבן צו וויסן דער וועלט, אַז ס'איז גאָר פאַראַן ערגעץ אַ כתרילעווקע, און אַז אין כתרילעווקע איז פאַראַן אַ בלאָטע, און אַז אין דער בלאָטע טיאַפּקען אַרום מאָדנע מינים נפשות, קליינע מענטשעלעך, וואָס קוועטשן און וואָס דריקן און וואָס פרעסן און וואָס פרעסן איינס דאָס אַנדערע מחמת הונגער און מחמת פינצטערניש און מחמת נויט און מחמת ענגשאַפט און מחמת עיפּוש? ווער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט באַוויזן וואָס פאַר פּערלען עס וואַלגערן זיך אָט דווקא אין דער דאָזיקער בלאָטע, אָט דווקא אין דעם דאָזיקן ענגשאַפט און דעם דאָזיקן עיפּוש?..."

און שמואל שמעלקיס, שפּאַנענדיק איבער דער כתרילעווקער בלאָטע,

אַ באַשפּריצטער פון קאָפּ ביז די פיס און אַ באַפליגלטער פון אַזעלכע מחשבות, פאַלט־אַריין אין אַ הויכער פאַנטאַזיע: ער מאָלט זיך אויס וואָס עס וועט פאָרקומען, אַז כתרילעווקע וועט אָט באַלד זיך דערוויסן פון דער צייטונג וועגן זיין יום־טוב. עס וועט זיך טאָן חושך! די קרע־מער וועלן צושליסן די קלייטן, די מלמדים וועלן צעלאָזן די חדרים. גאַנץ כתרילעווקע וועט זיך צונויפלויפן, קומען צו אים אין שטוב אַריין אָפּ־געבן מזל־טוב.

„— מיר האָבן גאָרניט געוווסט, הייסט עס, — וועלן זיך די כתריי־לעווקער פאַרענטפערן מיט פאַרשעמטע פנימער, — אַז ס׳איז היינט אַזאַ טאָג. דאָס הייסט, מיר האָבן געוווסט, פאַרוואָס זאָלן מיר ניט וויסן? נאָר מיר האָבן אַלץ געוואַרט, הייסט עס, ביז ס׳וועט קומען די צייט... ביזן יובל אַריין, הייסט עס״...

צווישן דעם עולם האָט זיך אויך באַוויזן דער גביר רב נתן קורח — פאַרשטייט זיך, ניט מיט ליידיקע הענט; דער האָט געבראַכט דעם יובילאַר אַ געשאַנק — ער גיט אים צוריק אַוועק די דירה מיט די צווײ גאַנקעס... „און דער עולם הערט און קיינער וווּנדערט זיך ניט, גלייך ווי עס דאַרף אַזוי צו זיין... און בחורים קומען־אָן, און מיידלעך קומען־אָן, דעפּוטאַציעס, מיט דעפּוטאַציעס, מיט דעפּוטאַציעס! ווער מיט אַ לאָרבער־קראַנץ, און ווער מיט אַן אַדרעס, און ווער מיט אַ שיר, פאַר־פאַסט פון נאָך גאָר אַ יונגן משורר אין כתרילעווקע. היינט מתנות — אַ באַרג מיט מתנות: טישטיכער און האַנטיכער, און גאַנצע שטיקער מאַטעריע, און גאַנצע קעפּלעך צוקער, און פאַרחתמעטע פלעשלעך כרמל־וויין, און קאָסטנס מיט געפּעס״... די בחורימלעך, כתרילעווקער אינטע־ליגענטן און פּראָלעטאַריער, שטופּן זיך צו האַלטן רעדעס לכבוד דעם יובילאַר. איינער מאַכט אַ פאַרגלייך צווישן שמואל שמעלקיס און גראַף טאָלסטאָי: „אַזוי ווי דער, אַזוי יענער האָט קיינמאָל קיין הנאה ניט געהאַט פון זיינע ווערק״... דערווייזט אים אַ צווייטער, „אַז טאָלסטאָי דאַרף נאָך הייצן די הרובע ביי שמואל שמעלקיס, וואָרעם דער גראַף טאָלסטאָי, אַז מיר זאָלן וועלן גוט באַטראַכטן, האָט זיין אייגנס כאָטש אַ יאַסנע פּאָליאַנע, און ער, שמואל שמעלקיס, וואָס האָט? דלות האָט

ער, איך בעט איבער אייער כבוד, דלות!״... דערהערט „דלות״, פאַר־שעמען זיך די פיינע כתרילעווקער באַלעבאַטים נאָך מער און מע נעמט הייס שמועסן וועגן עפּעס אַ תכלית פאַרן יובילאַר. איינער לייגט־פאָר, מע זאָל אים עפענען אַ קראָם — „פון שניט און פון צעלניק און פון באַקאַליי און פון זאַליאַז״... שלאָגט אים אָפּ אַ צווייטער, אַז אַ קראָם טויג ניט — אַ שענק דאַרף מען אים עפענען, וועט ער האָבן פּרנסה... שרייט אַ דריטער: „הייזער! הייזער דאַרף מען אים קויפן, און לאָז ער זיך זיצן און שרייבן!״... שרייט אים איבער אַ פערטער: „אַ מאַ־יאָנטעק! אַ אימעניע מיט אַ הויף און מיט אַ סאַזשעלקע און מיט אַ וואַלד, אַ סאָסנאָווע וואַלד!״... שרייט אַ פינפטער נאָך העכער: „סאָסנע איז בלאָטע! דעמב! דעמב איז געלט!״... ווערט שוין אַ זעקס־טער אין כעס: „בהמה! וואָס טויג אים געלט? געזונט — דאָס איז דער עיקר!״...

דער סוף איז געווען: אַז שמואל שמעלקיס, דער גליקלעך־פאַנטאַ־זירנדיקער בעל־שמחה, איז צוגעקומען צו זיין שטוב, האָט ער דאָרט טאַקע געטראָפן גאַנץ כתרילעווקע פאַרזאַמלט. דאָס האָבן אָבער די כתרילעווקער לייט זיך צונויפגעלאָפן ניט אויף זיין יום־טוב, נאָר אויף זיין אומגליק: צוקוקן, ווי אַזוי דער גביר רב נתן קורח האָט אים אַרויס־געשטעלט דאָס מעבל אינדרויסן, און ווי אַזוי דעם יובילאַרס ווייב און קינדער זיצן אויף די אַרויסגעוואָרפענע בעטיכעס און באַוויינען זייער חורבן.

די סאַטירע, אין גאַנצע צען קאַפּיטלען, איז אַרויסגעקומען שאַרף, פּאַטעטיש און טיף־טראַגיש, דורכגעוועבט מיט הומאָריסטישע פעדים פון שלום־עליכמס עכטן כתרילעווקער זשאַנער און באַרייכערט מיט דריי נייע שלום־עליכם־פאַרשוינען: דער פּראָצענטניק רב נתן קורח, וואָס גייט שוין דרייסיק יאָר ניט אַרויס „מפתח ביתו״, זיצט און וואַרט, אַז כתרילעווקע זאָל אים ברענגען די משכנות אין שטוב אַריין; זיין היינט־וועלטיקער זון „יאָסעפּיץ״ (יוסף־איצי), וואָס לייענט טורגעניעוו און דאַרווין, שנייצט די נאָז מיט צוויי פינגער און זאָגט־אָפּ יעדן בעל־חוב אָן רחמנות דאָס לעבן; און זיין משרת, קאָפּל דער אַדוואָקאַט מיטן הינ־

טישן פּנים, וואָס שטעלט־אַרויס כתרילעווקער בעלי־חובות פון זייערע דירות און האַוועקט זיי אין פּנים אַריין די געזעצן פון דעם רוסישן „סוואָד זאַקאָנאָוו". און פון דעסטוועגן האָט די דערציילונג איבערגעלאָזט אַ שווער געפיל — אַ זאַך, וואָס פּאַסירט כמעט קיינמאָל ניט, ווען מע לייענט־איבער שלום־עליכמס אַ מעשה. ווייל דאָ האָט שלום־עליכם אַיינגעפלאָכטן אויף אַ טראַגישן אופן זיין אייגן פּערזענלעך לעבן, ניט־ווילנדיק אַרויסגעשריען זיין אייגענע שריפטשטעלערישע טראַגעדיע דווקא אין אַ פייערלעכן מאָמענט. עס האָט אין דעם געשטעקט אַ סך כוונות, אָפענע און באַהאַלטענע, גרויסע און קליינע: דער פּאַרשטיקטער ווייטאָג פון אַ גרויסן קינסטלער, וואָס האָט יאָרנלאַנג געפילט זיין גרויסקייט דורך טיפן שאַפן, וואָס האָט געזען באַשיינפערלעך, ווי אַזוי אַ פּאָלק פרייט זיך און ליכטיקט זיך מיט זיינע ווערק — און לאָזט אים איבער אַליין צו יסורים און ביטערער נויט, און דערמאָנט זיך אָן אים ערשט דעמאָלט, ווען ער הייבט אָן צו שפייען מיט בלוט. און אַ שאַרפע איראָניע קעגן די כתרילעווקער פלאַפלער, וואָס גייען אַרויס אין די צייטונגען מיט קנאַקעדיקע רייד וועגן שענקען אים צום יובילעי אַ „מאַיאָנטעק", וועגן בויען אים אין ארץ־ישראל אַ ווילע, אין דער צייט, וואָס ער האָט נאָך דערווייל ניט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר אַ דירה קראַנקערהייט. און טאַקע אַ פּשוטער פאַרדראָס קעגן זיינע פריינד, וואָס האָבן אים געשיקט אין איטאַליע היילן זיך און האָבן פאַרגעסן צו באַזאָרגן אים מיט די ערשטע נייטיקע מיטלען. און דאָס וואָס כתרילעווקע איז זיך צונויפ־געלאָפן אַרום אים — איז דאָס דען צוליב זיין שמחה, און ניט צוליב זיין אומגליק, וואָס ער איז פּלוצעם אַזוי ביטער קראַנק געוואָרן?...

דאָס איז אָבער געווען אַ וויי־געשריי ניט דווקא פון אַ קראַנקן מענטשן. דער זעלבער געשריי האָט אים געשטיקט אין האַלדז שוין פון לאַנג און פלעגט זיך אָפּט אַרויסרייסן אַפילו אין די געזונטע יאָרן. אין יאָר 1903, אין דעם סאַמע פּרוכטבאַרסטן יאָר פון זיין שאַפן, ווען זיין טאַלאַנט האָט זיך ברייט צעגאָסן, ווי אַ פרילינג־טייך איבער אַלע ברעגן, האָט ער זיך געקלאָגט אין אַ בריוו פאַר זיין חבר ספּעקטאָר:

„איך בין איצט מעוברת מיט אַזויפיל מחשבות און בילדער, אַז איך

בין שטאַרקער פון אַייזן, וואָס איך ווער ניט צעשפּרונגען — און אַז
אַך און וויי איז מיר, איך באַדאַרף גאָר לויפן זוכן אַ קערבל! ברענען
זאָל די בערזע! ברענען זאָל דאָס קערבל! ברענען זאָלן די יידן אויפן
פייער, אַז אַ יידישער שרייבער זאָל ניט קאָנען לעבן פון זיין שרייבן
און זאָל דאַרפן לויפן זוכן אַ קערבל!"...

טז

# אַן אָנהייב פון בעסערע צייטן

שלום־עליכמס פעסימיסטישע נבואה אין זיין פאַרשטעלטער דער־ציילונג „שמואל שמעלקיס און זיין יובילעאום", אַז זיין ליטעראַרישער יום־טוב וועט זיך ענדיקן דערמיט, וואָס מע וועט אים אַרויסזעצן אין דרויסן פון דער דירה, — איז ניט מקוים געוואָרן. איצטיקס מאָל האָט דער יידישער עולם ווי זיך צוזאַמענגערעדט און זיך באַוויזן גאָר לייטיש אַקעגן איינעם פון זיינע בעסטע דיכטער. אינעם טאָג פון דעם יובילעי — און אויך וואָכנלאַנג נאָכדעם — האָט זיך אויף שלום־עליכמען אַ גאָס געטאָן פון אַלע עקן רוסלאַנד, ווי אויך פון אַנדערע לענדער, אַ הייסער שטראָם פון טעלעגראַמעס און בריוו, מיט ברכות צו זיין יום־טוב, מיט ווינטשעוואַניעס צו זיין געזונט־ווערן און מיט גוטע הבטחות, אַז מע טראָגט אים שטאַרק אויפן קאָפּ — מע טוט אין עסק, מע האַלט־אָפּ אומעטום פייערונגען, פאָרלעזונגען פון זיינע ווערק און פאָרשטעלונגען פון זיינע פיעסעס, וואָס זייער איינקונפט וועט צוגעשטעלט ווערן צו די יובילעי־קאָמיטעטן אין וואַרשע און אין קיעוו. יעקב דינעזאָן, איבער־לייענענדיק אין מאַנוסקריפּט „שמואל שמעלקיס און זיין יובילעאום", האָט זיך געאַיילט אין אַ לאַנגן בריוו צו באַרואיקן שלום־עליכמען, ער זאָל גאָר קיין יסורים ניט האָבן — מע וועט אים פון זיין פאַרמשכונטער דירה חלילה ניט אַרויסוואַרפן, ווי כתרילעווקע האָט געטאָן מיט איר שמואל שמעלקיס. דינעזאָן האָט געלערנט דעם פּשט אין דער דער־ציילונג, אַז מיט דער פאַרמשכונטער דירה מיינט שלום־עליכם פּראָסט זיינע פאַרכאַפּטע ווערק ביי די וואַרשעווער פאַרלעגער, — האָט ער אים פייערלעך פאַרזיכערט, אַז זיינע ווערק וועלן, אם ירצה השם, אויס־געקויפט ווערן אַלע ביז איינעם, וואָרעם אין דער קאַסע פון דעם יובילעי־קאָמיטעט איז שוין דאָ, גאָט צו דאַנקען, אַ מזומנער גראָשן!...

אַ סך שטעט, וואָס האָבן ניט געוווסט שלום־עליכמס אַדרעס אין איטאַליע, האָבן געשיקט זייערע באַגריסונגען צו די יובילעי־קאָמיטעטן. איינס אַ פאַרוואָרפן שטעטל אין וואָלין, אַ מין כתרילעווקע, האָט געוואָלט שפּאָרן טעלעגראַפישע הוצאות און האָט געשיקט אַ ברכה שלום־עליכמען אויפן קירצסטן אַדרעס: „יוביליאַרו, קיעוו”. אַזוי ווי די קיעווער טעלע־גראַף־באַאַמטע האָבן געוווסט פון די צייטונגען, אַז קיין אַנדער יובילאַר, אויסער דעם „יידישן גאָגאָל”, איז יענע טעג אין קיעוו ניט געווען, — האָבן זיי די טעלעגראַמע צוגעשטעלט צום קיעווער ראַבינער. דערפאַר האָט דער איטאַליענישער פּאָסט־טרעגער אין נערווי געהאַט אויף זיך אַ שווער פּעקל. זינט נערווי איז אַ שטאָט פאַר קור־געסט און זינט ער איז געווען אין נערווי אַ פּאָסט־טרעגער, האָט ער נאָך ניט געזען, אַז איין מענטש, און דערצו נאָך אַ נייער מענטש, וואָס האָט זיך ערשט דאָ באַזעצט, זאָל באַקומען יעדן טאָג אַזוי פיל בריוו און טעלעגראַמעס! ערגער פון אַלץ איז געווען, וואָס אָט דער טשיקאַווער „רוס” מיט די לאַנגע האָר האָט געטראָגן אַ ווילדן דרייגאָרנדיקן נאָמען: „ראַבינאָ־וויטש — שאָלעם — אַלייכעם”. און אַזוי ווי די אַלע איבעריקע נעמען פון די רוסישע קור־געסט זענען אויך געווען גענוג ווילד און האָבן געהאַט פאַר זיין איטאַליענישן אויער איין־און־דעם־זעלבן קלאַנג, האָט ער זיך מיישב געווען: צו וואָס זאָל ער זיך אומזיסט ברעכן דעם קאָפּ? — און האָט זיין גאַנצן זאַק מיט בריוו יעדן טאָג איבערגעלאָזט ביי שלום־עליכמען אין שטוב. לאָז ער זיך אַליין אָפּקלייבן דערפון דעם גרעסטן חלק, און דאָס איבעריקע ביסל וועט ער אים צוריקגעבן פאַר די אַנדערע רוסן...

אַ שווערע הלכה האָט פאַר זיך אויך געהאַט דער טעלעגראַפיסט אין נערווי, דער וואָס פאַרשרייבט די טעלעגראַמעס אויף די בלאַנקען. די באַגריסונגען זענען געגאַנגען אויף דריי שפּראַכן: אויף רוסיש, העברעאיש און יידיש — אַלץ אַזעלכע לשונות, וואָס דער איטאַליענישער באַאַמטער האָט ניט געקאָנט באַנעמען. קיין גרויסער מקפּיד אויף גע־נויקייט איז ער ניט געווען — האָט ער די טעקסטן פון די טעלעגראַמעס אויסגעשטעלט מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבן געהאַט אַ פּנים מער

ווי איטאַליעניש, איידער רוסיש און העברעאיש. שלום־עליכם האָט דערביי געהאַט אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט — צוטרעפן, וואָס די באַגריסער האָבן געוואָלט זאָגן מיט זייערע באַגריסונגען. אַ מאָל איז דאָס אים געלונגען, און אַ מאָל, אַז ס'איז געווען אוממעגלעך צו דערגיין אין דעם אַ טאָלק, האָט ער אויף די בלאַנקען צוגעשריבן אַן אייגענעם טעקסט, שוין אין הומאָריסטישן נוסח. זיין יובילעי האָט אים ניט נאָר געבראַכט יום־טובדיקע פרייד און טרייסט, נאָר האָט אים אויך פאַרשאַפט אַ סך מינוטן פון פאַרוויילונג און שפיל — די גרעסטע לינדערונג פאַר זיין קראַנקן געמיט.

אויסער די יובילעי־אַדרעסן, וואָס זענען געגאַנגען אויף פאַפיר און פאַרמעט, אין פייערלעכער פראָזע און אין גראַמען, קאַליגראַפיש גע־צאַצקעטע, אונטערגעשריבן פון צענדליקער און הונדערטער פאַרערער, זענען אויך אָנגעקומען יובילעי־מתנות — כמעט אַזעלכע, ווי שמואל שמעלקיס האָט זיך פאָרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע. אויב ניט פראָסטע האַנטיכער מיט טישטיכער, זענען דאָס געווען אויסגענייטע און אויס־געהעפטע היימישע קונסט־שטיקלעך פון קליינשטעטלדיקע כלה־מיידלעך, וואָס האָבן דערצו צוגעלייגט אויך זייערע פאָטאָגראַפיעס, מיט פרום־פאַרקעמטע קעפּ און פרום־שמייכלענדיקע פּנימער. שלום־עליכם איז גע־ווען מאָדנע גערירט פון אַזאַ פאַרערונג, וואָס קומט פון די סאַמע טיפע־נישן פונעם פאָלק, און האָט זיינע „כתרילעווקער" באַגריסער און באַ־גריסערינס באַדאַנקט מיט גוטע בריוולעך. ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן דעם פאַרבאָט פון די דאָקטוירים און אויף זיין שטייגער פון תמיד־אָן גלייך געענטפערט יעדן איינעם, געשריבן בריוו אין די צענדליקער, ליגנדיק אין בעט (פון גרויס שמחה האָט זיך ביי אים יענע טעג די טעמפעראַטור אַ הויב געטאָן).

ער האָט דעמאָלט, אין בעט ליגנדיק, אויף דער באַשטעלונג פון דעם קיעווער יובילעי־קאָמיטעט, אויך אָנגעוואָרפן אין קורצן, אין יום־טובדיק־פאַטעטישן טאָן, רעדנדיק ווי פון אַ דריטער פערזאָן, זיין לעבנס־געשיכטע, וועלכע איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער „קיעווסקאַיאַ מיסל" און פון דאָרטן איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַ סך אַנדערע רוסישע

ציישונגען. ער האָט די דאָזיקע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן געשריבן אין רוסיש, ווייל אויף יידיש האָט ער ניט געהאַט פאַר וועמען זיי צו שרייבן. מיט די וואַרשעווער צייטונגען האָט ער זיך ניט אָנגעקערט, פון דער ניו־יאָרקער פרעסע איז ער פאַרן לעצטן זומער אָפּגעריסן געוואָרן, און דער פעטערבורגער „פריינד" האָט גראָד ערב זיין יובילעי זיך אָפּגעשטעלט. ניט געקוקט דערויף, וואָס פערזענלעך איז שלום־עליכם מיטן „פריינד" אָפּט געווען אין אָנגעצויגענע באַציאונגען, האָט ער זיין אָפּשטעלונג טיף באַדויערט. „מיין שמחה — האָט ער מיר געשריבן אויף העברעאיש אין דעם טאָג פון זיין יובילעי — איז אויסגעמישט מיט צער און עגמת־נפש, וואָס ס'איז אונדז אַוועקגעשטאָרבן דער איינציקער קרוב אין אונדזער ליטעראַרישער משפחה, „דער פריינד". — — —. אין דעם מאָמענט, וואָס איך האָב געלייענט זאַבלודאָווסקיס בריוו פון ביאַליסטאָק וועגן דעם דאָזיקן פלוצעמדיקן טויט, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן און טרערן האָבן זיך שיער געגאָסן. אַזאַ אָרגאַן איז נאָך ניט געווען אין אונדזער ליטעראַטור, און ווער ווייסט, אויב אַזעלכער וועט נאָך ביי אונדז זיין? צי קאָנען מיר דען האָפן אויף „אונזער לעבען"? אָדער אויפן „היינט"? אָדער אויף אַ נפלע, וואָס האָט נאָך די זון ניט געזען, פון אונדזערע מאָדערניסטן? ווי געשריען, גאָט! ווילסט טאַקע מאַכן אַ סוף צו דער בעסטער פון אונדזערע צייטונגען?! — — —. און אויך דו, מיין טייערער, באַוויינסט מסתמא דעם דאָזיקן גרויסן פאַרלוסט — וואָס איז אַ גרויסער פאַרלוסט פאַר דיר; נאָר האָב קיין יסורים ניט, מחמת ס'איז ניט מעגלעך, עס זאָל ניט געבוירן ווערן אַן אַנדער קינד אַ טרייסט אויף זיין אָרט — מיר האָבן דאָך די גאַנצע וועלט פאַר זיך!"...

די וואַרעמע אַטמאָספער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דער יידישער וועלט אַרום שלום־עליכמס נאָמען אין די יובילעי־חדשים (אין אַ סך ערטער האָבן די יובילעי־פייערונגען זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין ווינטער אַריין), דער אַלגעמיינער לויב־געזאַנג צו זיין גרויסן ליטעראַרישן ווערט, וואָס האָט זיך צו אים געטראָגן פון פאַרשיידענע צייטונגען אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, און די האַרציקע ליבשאַפט און די אויפ־

מערקזאַמקייט צו זיין קראַנקן צושטאַנד, וואָס הונדערטער פּערזאָנען, שריפטשטעלער און סתם פאַרערער פון פאַרשיידענע פאָלקס־שיכטן, האָבן אים אַרויסבאַוויזן אין בריוו — דאָס אַלץ האָט געווירקט ווי אַ היילנדיקער באַלזאַם אויף זיין געמיט, וואָס האָט פאַר די לעצטע דריי וואַנדער־יאָר זיך אָנגעווייטאָגט אין נויט און עלנט. ער האָט זיך געפילט אי אָפּגעשוואַכט, אי ניי־געשטאַרקט, אי גליקלעך־באַרוישט, ווי אַ ציטעריקער בן־יחיד ביי אָרעמע עלטערן, וואָס איז ערשט אַרויס פון אַ געפאַר און איז דורך דעם נאָך טייערער געוואָרן ביי זיינע נאָענטע. ער פעסטעט זיך, ער ווייסט, אַז עס קומט אים דאָס טעלערל פונעם הימל, נאָר ער איז קלוג און ווייסט אויך, אַז דאָס איז ניט דערגרייכבאַר... איך ברענג דאָ איינעם פון זיינע בריוו, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע געמישטע שטימונגען אין יענע טעג. דער בריוו איז געשריבן צום יידיש־ענגלישן זשורנאַליסט איזראַעל קאָהען, וואָס האָט אים געהאַט מיטגעטיילט (דווקא אויף יידיש), אַז ער אַראַנזשירט לכבוד זיין יובילעי אַן אָוונט אין לאָנדאָן, און ער לייענט זיך, מיט אייניקע אָפּקירצונגען, אַזוי:

„ליבער פריינד און געערטער קאָלעגע איזראַעל כהן!

„צום אַלעם ערשטן, ערלויבט מיר צו מאַכן אייך אַ קאָמפּלימענט: אין אייער „אידדיש" שרייבן האָט איר אין די פאַר יאָר געמאַכט גרויסע פאָרשריט. מיט אַ יאָר דריי צוריק האָט איר געשריבן „אידדיש", ווי אַן עכטער גוי. יעצט שרייבט איר „אידדיש", קאָן מען זאָגן, ווי אַ געבאָרענער ענגלענדער. ס'איז דאָ אַ האָפענונג, אַז מיט דער צייט זאָלט איר שרייבן „אידדיש", ווי אַ גר אָדער אַ משומד. (ווי אַ ייד, וועט איר, ליבער פריינד, יידיש קיינמאָל ניט שרייבן — — —).

„והשנית, ליבער פריינד און קאָלעגע, מוזט איר מיר „עקסקיוזען", וואָס איך שרייב צו אייך דיזן לעטער מיט אַ פענסיל. דאָס טו איך ניט וועגן אויסגעלאַסנקייט אָדער פאַנטאַזיע, נאָר איינפאַך צוליב דעם, ווייל איך שרייב ליגנדיק, איך ליג, אַלזאָ, צו בעט. און צו בעט ליג איך — אויך ניט וועגן אויסגעלאַסנקייט אָדער אירגענד וועלכער פאַנטאַזיע, נאָר צוליב דעם, ווייל דער דאָקטאָר הייסט אַזוי. ער זאָגט, אַז אַ מענטש,

וואָס קאָן זיך ערלויבן צו שפּייען מיט בלוט, הוסטן און האָבן אַ הויכע טעמפּעראַטור, פאַרדינט צו ליגן אין בעט, ווי אַ מאָנאַרך. קאָן מען ניט זיין קיין שוויין און מען מוז אים פאָלגן. ליג איך, אַלזאָ, ליבער פריינד, צו בעט ביי אָפענע פענצטער, וועלכע גייען אַרויס צום מיטללענדישן מעער, די זילבערנע וועלן טוען מיר צוליב און שפּיגלען־אָפּ אין זיך די גינגאָלדענע שטראַלן פון דער פייערדיקער זון, דער בלויער איטאַליעני־שער הימל גיט מיר אָפּ אַ גרוס פון ארץ־ישראל — דאָרט, זאָגט ער, איז אויך אַזאַ הימל מיט אַזאַ זון מיט אַזאַ לופט. און איך שלינג די גרינגע ריינע גן־עדן־לופט און פיל, אַז עס ווערט מיר בעסער פון טאָג צו טאָג, פון שטונדע צו שטונדע — — — און איך זאָג צו מיר: ניין, ס'איז גאָרניט אַזוי שלעכט! והראיה — אָט איז איצט מיין פינף־און־צוואַנציק־יאָריקעס יובילעאום. דאָס יידישע פאָלק האָט זיך דערמאָנט, אַז ס'איז דאָ ערגעץ אויף דער וועלט אַ יידישער דיכטער, וואָס הייסט שלום־עליכם, וואָס ריכט־אָפּ גלות, וואַנדערט אום פון לאַנד צו לאַנד, אָט איז ער אינעם באַרבאַרישן רוסלאַנד, אָט איז ער אין יוראָפּ, אָט איז ער גאָר אינעם פרייען אַמעריקע, און אָט איז ער שוין ווידער אינעם באַרבאַרישן רוסלאַנד, אונערמידלעך האָלט ער פאָרלעזונגען, פאַסט אַן אָוונט נאָך אַן אָוונט, און אויף איינער פון די פאָרלעזונגען הייבט ער אָן פּלוצעם צו הוסטן און צו בלוטן, פאַלט צו בעט און שליסט קענטשאַפט מיטן מלאך־המות... אויף אַ ווונדערבאַרן אופן דרייט ער זיך אויס פונעם מלאך־המותס הענט, און די ערצטע עקספּעדירן אים קיין איטאַליע פונקט צו דער צייט פון זיין ליטעראַרישן יום־טוב! דערוועקט זיך ביים יידישן פאָלק, רחמנים בני רחמנים, אַ געפיל פון רחמנות און מע זאָגט צו זיך: „לאָמיר צייגן דער גאַנצער וועלט, אַז יידן ווייסן אויך, ווי אַזוי צו שעצן זייערע שריפטשטעלער און דיכ־טער"... און מע האָט זיך גענומען פאַרעוויגן דיזן פייער מיט עטוואָס, וואָס זאָל זיין נוצלעך פאַרן יובילאַר און שיין פאַר דער וועלט. און יידן אַז זיי ווילן, קאָנען זיי. און מע האָט גענומען טראַכטן, און מע האָט געטראַכט און געטראַכט און צוגעטראַכט, — יידן אַז זיי ווילן, קאָנען זיי — אַז מע דאַרף דעם געליבטן יובילאַר קויפן אַ גוט אָדער אַ סאָלידנע

הויז. ווו? נאַטירלעך, ניט אינעם באַרבאַרישן רוסלאַנד. אין פּאַלעסטינע. וואָס עפּעס פּאַלעסטינע? שלום־עליכם איז באַליבט פון טעריטאָריאַליסטן ניט ווינציקער אַלס פון די ציוניסטן. אַלזאָ, אין איטאַליע? פאַרוואָס ניט אין אַמעריקע?... און אָט אַזוי האָבן זיך יידן געשלייפט די מוחות און געשאַרפט די פענעס — יידן אַז זיי ווילן, קאָנען זיי — די גאַנצע יידישע און אויך רוסישע פּרעסע האָט געקאָכט, דער עולם האָט זיך געוויגט. אַ קלייניקייט — „שלום־עליכם", „אונדזער" שלום־עליכם!? נישטאָ אַזאַ זאַך, וואָס זאָל זיין צו־טייער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ פּאָלקס־געליבטן, ווי שלום־עליכם!... דאָס יידישע פאָלק... געלט? כאַ־כאַ! ווער רעדט פון געלט? עס איז שוין דאָ אין דעפּאָזיט צו דיזן צוועק אַ באַזונדערער פאָנד פון הונדערט רובל, אָדער צען פונט שטערלינג!!! [געמיינט די הונדערט רובל, וואָס דער וואַרשעווער „היינט" האָט דער ערשטער געגעבן צו פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן וועגן אַ „מאַיאָנטעק" פאַר שלום־עליכמען — און דערביי איז דאָס געבליבן. — י. ד. ב.].

— — — — — — — — — — — — — — — —

„עס פרייט מיך, ליבער קאָלעגע, וואָס איר און אייערע חברים אין לאָנדאָן ווילן מיר אָנטאָן כבוד. איר זאָגט, אַז ס'איז ווויל מעגלעך, אַז אויך זאַנגוויל זאָל זיין אויף מיין יום־טוב און איינע רעדע אָפּהאַלטן. ערלויבט מיר אין דיזן לעצטן פּאַקט צו צווייפלען. איך בין אַן אַפּיקורס. איך גלייב קוים, אַז דער גרויסער געטאָ־מאָלער פון ענגלאַנד זאָל זיך אַראָפּלאָזן צום „זשאַרגאָניסט" פון כתרילעווקע און אים אָפּגעבן אַ יידישן שלום־עליכם. העכסטנס וועט זיין פון אים אַ שיינער בריוו, אַז ער האָט ליידער ניט געקאָנט פּערזענלעך אָנטייל נעמען א. ז. וו. גם זו לטובה! — — —

„האָב איך אייך שוין געשריבן וועגן אַלעס. וואָס מיין געזונדהייט אָנבאַלאַנגט, זענען אַלע שאַנסן אויף מיין זייט, אַז אין פאַרלויף פון זעקס מאָנאַטן מוז איך דאָ אין איטאַליע געזונט ווערן פּאָלקאָם. נון, האַנדלט זיך נאָר וועגן מיטלען, אויב איך וועל האָבן מיט וואָס זיך צו

ערהאָלן. דערויף איז פאַראַן אַ יידישער „ממה־נפשך" (אונאיבערזעצבאַר), וועלכער לויטעט אַזוי:

„ממה נפשך — וועט זיין מיט וואָס זיך צו ערהאָלן, איז דאָך אַוודאי גוט; אלא וואָס דען, טאָמער וועט ניט זיין? פאַרוואָס זאָל ניט זיין?"...

„מיט דעם „ממה־נפשך", ברודער כהן, לעבן כתרילעווקער יידן שוין יאָרן־לאַנג, און מיט דעם זעלבן „ממה־נפשך" לעבט זייער דאַרשטעלער שלום־עליכם. איר זאָלט אים ניט גלויבן, וואָס ער זאָגט אייך, אַז ער איז אַן אַפּיקורס. דער צווייטער אָפּטימיסט צו אים איז ניטאָ אויף דער וועלט. ער טרוימט נאָך איצט, אין בעט ליגנדיק, אַז עס וועט זיך געפינען אויף דער גרויסער וועלט אַ מעצענאַט אַ נאַר, וואָס וועט קומען און וועט זאָגן: „שלום־עליכם ברודער! נישט געזאָרגט! איך נעם אויף זיך די אויסגאַבע פון אַלע דיינע ווערק, צוואַנציק בענדער — און לאָז זיין שטיל!"...

אָבער אויך שלום־עליכמס אַלטע, איינגעגעסענע זאָרג וועגן מאַטער־יעלער עקזיסטענץ, וואָס האָט אים געקאַרבט דאָס פנים אין טיפע קנייטשן פאַר דער צייט, איז יענעם ווינטער אויפגעלייזט געוואָרן. אויב עס האָט זיך נאָך אַלץ ניט געפונען אַ רייכער יחיד, „אַ מעצענאַט אַ נאַר", וואָס זאָל וועלן אַרויסגעבן אַלע זיינע ווערק, האָט זיך אָבער איצט אָפּגערופן דער רייכסטער פון אַלע מעצענאַטן — דאָס אָרעמע פאָלק. גיך נאָך די טעלעגראַמעס און די באַגריסונגס־אַדרעסן האָבן זיך אָנגע־הויבן ווייזן די רעזולטאַטן פון די יובילעי־פייערונגען. זיי זענען גע־קומען פון אַזעלכע ערטער, פון וועלכע מע האָט זיי גאָרניט דערוואַרט: פון די אָרעמסטע שטעטלעך אין דער ליטע און פון די רייכסטע אינ־דוסטריעלע צענטערס אין אַמעריקע, פון דעם ווייטן קאַווקאַז און פון דעם נאָך ווייטערן דרום־אַפריקע. אין דעם וואַרשעווער קאָמיטעט האָט זיך באַזונדער געזאַמלט אַ פאָנד אויף אויסצוקויפן שלום־עליכמס ווערק, און אין דעם קיעווער קאָמיטעט האָט מען ניט אויף קאַטאָוועס געטראַכט פון אויפבויען אים אַ ווילע אין ארץ־ישראל. עס איז געוואַקסן די האָ־פענונג, אַז צום ווייניקסטנס — איין ווינטער וועט ער קאָנען לעבן אין איטאַליע אָן קאָפּ־דרייעניש... און שלום־עליכם, כאָטש קראַנק ווי ער

איז געווען, האָט ער אונדז גענומען טרייבן דורך לעבעדיקע, מונטערע בריוו, גאָר ווי אין די גוטע צייטן, מיר זאָלן וואָס גיכער זיך אַריבער־קלייבן פון זשענעווע צו אים אין נערווי. וואָס פאַר אַ טעם האָט דאָס, אַז ער וועט זיצן באַזונדער אין איטאַליע און מיר אין דער שווייץ?... ער האָט אונדז געשריבן אין פריילעכן טאָן, אַז ס'איז שוין פאַראַן אַ דירה אויפן גאַנצן ווינטער־סעזאָן ביז יוני, אַ באַזונדערע ווילע איבערן סאַמע ברעג ים, „אַן אמתע צאַצקע", „פיר פיצעמאַנטשינקע, רייניקע, וווּנדער־לעכע, מעבלירטע שטייגעלעך", וואָס וועלן קלעקן ניט נאָר פאַר אונדז אַלעמען, נאָר אַפילו אויך פאַר מיישקע ווייצמאַנען איז שוין באַשטימט אַ פּלאַץ אין עס־צימער,ביים פענצטער צום גאָרטן, אויב ער וויל נאָר קומען צו־גאַסט. דער לעצטער בריוו פאַר אונדזער אָפּפאָר האָט שוין געקלונגען גאָר האָפערדיק: „אַלזאָ, פּאַקט זיך. בערקאָוויטש, צו די טשעמאָדאַנעס!"... ער האָט אונדז אויסגעשטעלט אַ גאַנץ צעטל מיט אינסטרוקציעס, ווי אַזוי מיר זאָלן מאַכן די רייזע און וואָס מיר זאָלן מיטנעמען פון דער שווייץ, אַיינגעטיילט די אינסטרוקציעס אין „זיבן געבאָט". דער לעצטער געבאָט האָט זיך געלייענט: „אַז איר וועט אַרויס־פאָרן, סטאַרעט זיך ניט צו פאַרגעסן צו פאַרכאַפּן מיט זיך טאַמאַרקען"...

נאָך אַזעלכע פריילעכע „געבאָטן" וואָלטן מיר געקאָנט זיך לאָזן אין וועג אַריין מיט לייכטע הערצער. איז אָבער צום סוף בריוו געגאַנגען אַ צושריפט: „מיין געזונט איז היינט אַ ביסל דאָסיק, אונטערגעהוליעט. די טעמפּעראַטור האָט זיך געהויבן, נאָר ס'איז ווערט אַ שפּיי. ס'איז דאָך נערווי!"

מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון זשענעווע אין אַ קאַלטן רעגנדיקן ווינטער־באַגינען, און זענען אַריינגעפאָרן דעם זעלבן פאַרנאַכט אין אַ וואַרעמען איטאַליענישן זומער אַריין.

## יז
# אין נערווי

אַ קליין, צעוואָרפן, אומגעלומפּערט, נאָר חנעוודיק שטעטעלע אויף דער איטאַליענישער ריוויערע, אַ קאַרגע שעה רייזע מיטן עלעקטרישן טראַם פון דער האַפן־שטאָט גענוא. שמאָלע, געשלענגלטע אָריענטאַלישע געסלעך, מיט שמאָלינקע שטיינערנע טראָטואַרלעך, מיט אַלטע, פאַר־צייטיקע, פון שטיין און זאַמד געבויטע הייזער, מיט הויכע, בלינדע, פון פעלדז געהאַקטע מויער־ווענט. ביי יעדער טיר און טויער אַיינגעמויערטע אַלטע, צעקאַליעטשעטע סטאַטועטקעס און הייליקע פיגורן, אַן איבער־בלייב גאָט ווייסט פון וואָסער אַ קונסט־עפּאָכע. און ביי יעדן פענצטער אויסגעהאַנגען נאַסע אָרעמאַנסקע וועש. אינמיטן דער הויפּט־גאַס, אַרום די קלייטן, אַ געדעריי און אַ געפּילדער פון באָרוועסע איטאַליענישע באַלעבאַטים, קרעמער און פישערלייט, ווייבער און קינדער, אייזלען און אינדיקעס, גענדז און הינער. שאַרפע ריחות פון פיש און קעז און געטריקנטע שוואָמען און פעסלעך וויין און פון פריש־אויפגעשניטענעם זיסן ראָזינקעס־ברויט מישן זיך אויס אין דער לופט מיט אַ געווירצן באַרוישנדיקן אַראָמאַט פון נאָך ניט צייטיקע ציטראָנען, פאָמעראַנצן און פייגנביימער. אַרום דעם קליינעם שטילן באַנהויף שלאַנקען זיך אַלטע הויך־פאַרטראַכטע פאַלמעס, און אין זייער שאָטן טוליען זיך אַלטע אָפּ־געריסענע בעטלער, קרומע און לאָמע, מיט געקנייטשטע קלאַסיש־געַ־שניצטע פנימער, שטרעקן־אויס שטום די הענט פון די קוליעס צו די שפּאַצירנדיקע רייכע אויסלענדער. פון איין זייט שטעטל אַ הויכער, אַ משופּעדיקער סאַמעטענער באַרג, מיט צעוואָרפענע ווילעס און פּאַלאַצן אין די שפּאַלטן, מיט עטלעכע איינזאַם־פאַרחלומטע קיפּאַריסן אויפן סאַמע זוניקן שפּיץ, פון דער אַנדערער זייט דער אָפענער ים מיט די ליכטיקע בלויע וואַסערן, און פון אויבן אַ הויכער בלוי־שטראַלנדיקער זומערדיקער

הימל אינמיטן טבת. — אַזוי האָט אויסגעזען מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק נערווי, דאָס קור־שטעטל פאַר טובערקולאָז־קראַנקע, ווו שלום־עליכם האָט פאַרבראַכט דעם ווינטער פון 1908־1909, ווי אויך דעם נעכסטן ווינטער 1910, און טיילווייז די שפּעטערדיקע ווינטערן ביז צום אויסבראָך פון דער וועלט־מלחמה.

אַ קליין ווייס שטיבעלע, געבויט אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל ביים סאַמע ברעג ים, אויף אַ פעלדז, וואָס שפּאַרט אַריין אין די שוימיקע וואַסערן אַריין, אַ קליינע מאָדערן־אײַנגעריכטע דייטשע ווילע, אינגאַנצן באַגאָסן מיט זון און דורכגעלופטערט מיט ים־לופט, מיטן נאָמען „ווילאַ בריאַנד", — דאָס איז געווען יענעם ווינטער שלום־עליכמס וווינונג, ווו ער האָט געיום־טובט קראַנקערהייט זיין פינף־און־צוואַנציק־יאָריקן יובילעי און ווו ער האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצע ווילנסקראַפט צוריק געזונט צו ווערן.

די ערשטע טעג, אַז מיר זענען געקומען פון דער שווייץ קיין נערווי, איז שלום־עליכם געווען גאָר אין אַ געהויבענער שטימונג: ער האָט אונדז אַרומגעפירט באַווייזן די חידושים פון זיין ווינטער־רעזידענץ מיט דער באַגייסטערונג פון איינעם, וואָס פירט באַווייזן זיינע אַן אייגענע אַנט־פלעקונג, אָדער זיינע אייגענע ניי־דערוואָרבענע גיטער. ער איז געווען אין הויכער התפעלות פון די איטאַליענער, פון זייער פריילעכקייט, גוט־מוטיקייט און זאָרגלאָזיקייט, זיך געלאָזט גיין מיט אונדז איבער דער שמאָלער געשלענגלטער הויפּט־גאַס, וואָס ער האָט גערופן אויף ווילנער לשון „גיטקע טויבעס זאַווולעק", זיך געגריסט, ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, מיט די ברייטע, פעטע, גוידערדיק־שמייכלענדיקע קרעמערינס, זיך אָפּ־געשטעלט ביי די קלייטלעך, גערעדט געשמיידיק איטאַליעניש מיטן אמתן איטאַליענישן טראָפּ: „קוואַנטאָ קאָסטאַ קוועסטאָ?" (וויפיל קאָסט דאָס?) — און טאַקע גלייך עפּעס געקויפט, ניט דערפאַר, ווייל ער האָט דאָס באַדאַרפט קויפן, נאָר ווייל ער האָט געוואָלט ווייזן די איטאַליענער, אַז זיין איטאַליעניש־ריידן איז ניט קיין קינדער־שפּיל — ער מיינט טאַקע ערנסט מיטן „קוואַנטאָ קאָסטאַ קוועסטאָ"...

נאָר דער הויפּט־חידוש איז געווען די „מאַרינע" — דער ברעג־ים,

ווו עס שפּאַצירן, וואַרעמען זיך אויף דער זון און שעפּן ים־לופט אין די לונגען די קראַנקע אויסלענדער, וואָס פילן־אָן אַלע סאַנאַטאָריעס, האָטעלן און פּאַנסיאָנען אין נערווי. די מאַרינע האָט זיך אָנגעהויבן פונקט ביי דער „ווילא בריאַנד", אַראָפּגענידערט פון דער הייך איבער פעלדזיקע טרעפּ און זיך אַוועקגעלאָזט ווייט, אַראָפּ און אַרויף, אויף אַ געדרייטן שמאָלן שפּאַציר־וועג, וואָס האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע שטעטל נערווי. פון איין זייט איז די מאַרינע געווען אָפּגעצאַמט פונעם ים מיט אַייזערנע פּאַרענצעס, באַוואַקסן דאָ און דאָרט, אין די ווינקלדיקע פּלעצער און ביי די אַראָפּגענג צום וואַסער, מיט אַלטע גרינע קאַקטוסן, און פון דער אַנדערער זייט איז זי געווען געשיצט פון ווינטן מיט אַ נאַטירלעכער פעסטונג, אַ הויכן אַלט־פּאַרמויערטן פעלדזיקן באַרג, פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעקוקט רייכע האָטעלן און ווילעס, איינגעטונקען אין גרינס און אין בלומען, באַפּוצט מיט הויכע פּאַלמעס, פּאָמע־ראַנצן־ביימער און אַלערליי צאַרטע עקזאָטישע פלאַנצונגען. דער גאַנ־צער אַנטיק פון דער מאַרינע, וואָס שלום־עליכם האָט אונדז געהאַט צו ווייזן, איז אָבער געווען די זון — די הייסע איטאַליענישע זון, געמילדערט דורך די קילע ווינטלעך פונעם ים, וואָס האָט פון באַגינען־אָן געגאָסן אויף דער ערד מיט שטראָמען ליכט און מיט ווייכער גלעטנדיקער זיסער וואַרעמקייט. שלום־עליכם האָט זיך ניט געקאָנט גענוג אָנקוויקן מיט דער הערלעכער זוניקער לופט. שפּאַצירנדיק מיט אונדז אויף דער מאַרינע, האָט ער זיך יעדן מאָל אָפּגעשטעלט מיטן פּנים צום ים, אויס־געגלייכט דעם רוקן, אינגאַנצן אַ ליכטיק־באַשטראַלטער, אַ יונג־גע־וואָרענער, און האָט טיף איינגעאָטעמט אין זיך גאַנצע עמערס מיט זון. „אַך, די זון! — האָט ער באַגייסטערט גערעדט. — וואָס זאָגט איר עפּעס אויף אונדזער גאָטס זון? שמש צדקה ומרפא (די זון פון צדקה און היילונג)... זי גיסט מיט גוטסקייט, ווי אַ האַרציקער בעל־צדקה, און זי היילט, ווי אַ גוטער דאָקטאָר"... לכבוד דער זון האָט ער אינמיטן טבת זיך אויסגעפּוצט אין ווייסע עלעגאַנטע פלאַנעלענע הויזן און אין אַ ווייסן פּאַנאַמע־הוט, כאָטש פון אויבן האָט ער געטראָגן אַ ווינטערדיקן פוטער. עס איז אים געפעלן געווען די קאָמבינאַציע פון ווינטער מיט זומער.

און פון דעסטוועגן, צוליב מער זיכערקייט, האָבן די קינדער אים נאָכ־געטראָגן וועד אַ וואַרעמען פלעד, ווער אַ פּאָר קאַלאָשן און ווער אַ רעגנ־שירם — טאָמער וועט חלילה רעגענען. „אַ נעכטיקער טאָג! — זאָגט שלום־עליכם פריילעך און פאַררייסט דעם קאָפּ צום הויכן לויטערן בלויען הימל. — עס וועט ניט רעגענען! אין נערווי רעגנט ניט. רעגענען רעגנט איצט ווייסט איר ווו? אין באַראַנאָוויטש!"...

אויף דער מאַרינע איז שלום־עליכם שוין אַ גוט־באַקאַנטע פּערזאָן, די פּאָפּולערסטע צווישן די קור־געסט. ער האָט דאָ אויסגעקליבן אַ שטענ־דיקן פּלאַץ אויף צו זיצן, אַ מין האַלב־קיילעכיקע פּאַרטיפונג אין דער פּאַרמויערטער באַרגיקער וואַנט, וואָס איז באַשיצט פון דריי זייטן פון אַ מינדסטן ווינטעלע, און האָט דעם פּלאַץ אַ נאָמען געגעבן „דאָס אויוועלע" — ווייל די זון באַקט דאָ, ווי אין אַ קאַלך־אויוון. ביים „אוי־וועלע" כאַפּט שלום־עליכם גאַנץ אָפט אַ שרייב. נאָר ניט אַלע מאָל לאָזט מען אים שרייבן. עס הייבט זיך אָן ציען צו אים פוןביידע זייטן מאַרינע אַן עולם — יידישע קור־געסט, פּאַציענטן פון די סאַנאַטאָריעס, מאַנסביל און ווייבער, יונגע און אַלטע. ס'איז דער ערשטער ווינטער־סעזאָן אין נערווי, וואָס דאָ איז געשאַפן געוואָרן אַ מין יידישע קאָלאָניע. פריער זענען די יידישע קראַנקע דאָ געווען צעוואָרפן, אָפּגעזונדערט איינער פונעם אַנדערן, פאַרלאָרן צווישן דער מאַסע דייטשן, פראַנצויזן, ענגלענדער. מע האָט געשפּאַצירט איבער דער מאַרינע איינזאַם־פאַר־טרויערט, מיט אַ טאָפּעלן טרויער: מיטן טרויער פון קראַנקע מענטשן, און מיטן טרויער פון יידן צווישן פרעמדע אין אַ פרעמדן לאַנד. היינ־טיקן סעזאָן האָבן די יידישע קור־געסט ווי זיך פאַראייניקט אַרום אַן אייגענעם צענטער — אַרום שלום־עליכמען. דער פאַקט, אַז שלום־עליכם איז קראַנק אויף טובערקולאָז און האָט זיך באַזעצט אין נערווי און איז אַ פינקטלעכער שפּאַצירער אויף דער מאַרינע, — דאָס אַליין האָט ביי אַ סך פון זיי געהויבן די שטימונג: עס איז עפּעס געוואָרן אויפן האַרצן ווי פריילעכער — מיט שלום־עליכמען איז פריילעכער צו קרענקען...

ביים „אויוועלע" קלייבט זיך אַ רעדל. אייניקע, די נעענטערע באַ־קאַנטע, זעצן זיך אויס אויף דער באַנק אַרום שלום־עליכמען, און דער

איבעריקער עולם שטייט. די באַרעדעוודיקע ריידן, און די שווייגנדיקע האָרכן. עס זעען זיך דאָ פאַרשיידענע טיפּן, פון פאַרשיידענעם כאַראַקטער און צושטאַנד: יידישע יידן און אַזעלכע, וואָס ריידן נאָר רוסיש, אָרעמע און רייכע, געפּערלעך־קראַנקע, וואָס האָבן שוין אויסגעשפּיגן אַ היפּשן טייל פון זייערע לונגען, און אַזעלכע, וואָס זענען אַהער געקומען נאָר אויף אָפּרו. שלום־עליכם קען זיי שוין אַלעמען ביי די נעמען, ווייסט די געשיכטע פון זייער קראַנקייט און אינטערעסירט זיך אַלע פּרימאָרגן מיט יעדן איינעמס טעמפּעראַטור. עס געפינען זיך דאָ אויך אַזעלכע, וואָס זענען באַצייכנט ביי אים מיט הומאָריסטישע נעמען. איינער אַ פליישיקער חולה מיט אַ געלן געשוואָלענעם פּנים הייסט ביי אים „דער בר־מינן”. אַ יונגערמאַן אַ שטאַרקער באַרימער און דערצו אַ שטאַרקער הוסטער — „די ערשטע פידל”. און אַן אויסגעדאַרט ווייבל, הויט און ביינער, מיט אַ פּנים ווי אַ פייג די גרויס — „דאָס פּערטל עוף”. דאָס זענען אָבער אַלץ נעמען, וואָס ווערן באַנוצט אין שפּאַס, הינטער די אויגן. אין די אויגן איז שלום־עליכם צו די קראַנקע צוגעלאָזט, אויפמערקזאַם, האַרציק־גוט. ער באַציט זיך צו זיי מיט טיפן רחמנות, און מערקווירדיק — מיטן רחמנות פון אַ געזונטן צו קראַנקע.

עס פעלן דאָ אויך ניט קיין נודניקעס, אַזעלכע וואָס דערציילן שלום־עליכמען אַלטע אַנעקדאָטן „מיט בערד” און ווילן, ער זאָל לאַכן. זיי זענען אָבער אַנטוישט: שלום־עליכם הערט־אויס די אַנעקדאָטן — און גאָרנישט, ניט ער לאַכט, ניט ער צאָלט־אָפּ מיט זיינעם אַן אַנעקדאָט, ווי דער שטייגער איז ביי דער גאַנצער וועלט. דערפאַר טוט ער אַ מאָל אַ זאָג זייער ערנסט און געלאַסן עפּעס אַן אייגענע באַמערקונג, וואָס טרעפט אין סאַמע פּינטל אַריין, ווי אַ בליץ, — און דער קראַנקער עולם שיסט־אויס מיט אַ געזונטן געלעכטער.

מער פון אַלע יידישע קור־געסט איז שלום־עליכמען געפעלן געוואָרן איינער אַ קליינשטעטלדיקער ייד פון קורלאַנד, וואָס האָט זיך אַרומגעפירט אויף דער מאַרינבע מיט זיינעם אַ זון, אַ קראַנקן בחורל, און איז אָפּט מיט אים אַריינגעקומען צו שלום־עליכמען אין שטוב זיך האַלטן

עצות וועגן זיין קראַנקייט, אָדער גלאַט אַזוי אַ ביסל פאַרברענגען. דער ייד האָט ביי שלום־עליכמען אויסגענומען צוליב צוויי זאַכן: ערשטנס, ווייל זיין שטעטל אין קורלאַנד האָט געטראָגן אַן אויסטער־לישן נאָמען — סאַשמאַקען, און צווייטנס, איז דער ייד אַליין געווען אַן עכטער „קורלענדער״: אַ נאַאיווער, אַ גלייביקער ביז גאָר, וואָס פלעגט קוקן שלום־עליכמען גלייך אין מויל אַריין מיט פאַרפלאַמטע באַקן און הייליק אויפנעמען אַלצדינג, וואָס ער האָט נאָר געזאָגט. איינמאָל איז שלום־עליכמען אַיינגעפאַלן אויסצופרווון דעם יידנס גלויביקייט. שטייענ־דיק מיט אים פאַרנאַכט ביים פענצטער און באַוווּנדערנדיק דאָס הער־לעכע בילד, ווי אַזוי די גרויסע פייערדיקע זון זינקט ביים עק הימל אין ים אַריין, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז נאָך גאָרנישט. היינט איז דאָך אַ פראָסטער מיטוואָך. איר קומט אַקאָרשט אַהער פרייטאָג פאַרנאַכט פאַר ליכט־בענטשן — וועט איר ערשט דעמאָלט זען, וואָס דאָ טוט זיך!״... און כך הוה: פרייטאָג פאַרנאַכט האָט זיך געעפנט די טיר, און דער סאַשמאַקענער ייד, מיט אַ פרומען פאַרפלאַמטן פנים, איז אַריינגעקומען, ער מיט זיין בחורל, זען ווי אַזוי די זון גייט־אונטער פאַר ליכט־בענטשן ביי שלום־עליכמען אין הויז...

דער נאָמען „סאַשמאַקען״ האָט פאַר שלום־עליכמען געקלונגען אַזוי טשיקאַווע, אַז שפּעטער מיט אַ האַלב יאָר האָט ער דאָס דאָזיקע שטעטל אַריינגעבראַכט אין זיין אַייזנבאַן־געשיכטע „אַ מענטש פון בוענאָס־אַיירעס״; מיט יענעם נאַאיוון סאַשמאַקענער יידן האָט אָבער די דער־ציילונג קיין שום שייכות ניט געהאַט.

צווישן די, וואָס פלעגן אַריינקומען צו שלום־עליכמען אין שטוב יענעם ווינטער, איז אויך געווען איינער אַ אינזשינער פון מאָסקווע, אַ ציוניסט, וואָס ביסלעכווייז האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַחוץ וואָס ער איז אַ אינזשינער און האָט צו טאָן מיט מאַשינען, שרייבט ער אויך לידער אויף רוסיש, „אַ לאַ פרוג״, און ניט נאָר ער שרייבט די לידער, נאָר ער זינגט זיי אַליין מיט אַן אייגענער מעלאָדיע, וואָס קלינגט ווי אַ סאָלדאַטסקער מאַרש. איינס פון זיינע בעסטע און לענגסטע לידער האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי: „טודאַ, טודאַ, וו׳סיאַן סוויאַטאַי, טודאַ סטרע־

מימסיאַ ווסעי דושאַי״... (אַהין, אַהין, אינעם הייליקן ציון, אַהין שטרעבן מיר מיט דער גאַנצער זעל). געמאַכט אַזאַ אַנטדעקונג, האָט שלום־עליכם געבעטן דעם אינזשינער, ער זאָל פֿאַר אים פֿאַרזינגען דאָס ליד, און אַליין איז ער געלעגן אין ליגע־שטול, אַרומגעוויקלט מיטן פּלעד, געהערט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, און נאָר די ברעמען האָבן ביי אים גע־שמייכלט. אויסגעהערט דאָס ליד ביזן סוף, האָט שלום־עליכם געבעטן דעם ציון־זינגער איבערזינגען עס נאָך אַ מאָל, פֿון וואָס יענער איז געווען אויפֿן זיבעטן הימל. נאָכדעם, אין זוניקע פרימאָרגנס, אַז שלום־עליכם איז געווען גוט אויפֿגעלייגט, פֿלעגט ער אַרויס שפּאַצירן אויף דער מאַרינע, פֿירן פֿון ביידע זייטן פֿאַר די הענט זיין מיזיניק נומאַ און זיין איניקל תמרה, און זינגען מיט זיי צום טאַקט דעם מאָסקווער אינזשינערס לידל מיטן סאָלדאַטסקן מאַרש־ניגון:

„טודאַ, טודאַ, וו׳סיאָן סוויאַטאַי,

טודאַ סטרעמימסיאַ ווסעי דושאַי...״

דער נאָענטסטער פֿריינד שלום־עליכמס אין נערווי איז געווען זיין דאָקטאָר, אונטער וועמענס השגחה ער האָט זיך געפֿונען, — ד״ר וויקטאָר מאַנדעלבערג. ד״ר מאַנדעלבערג, אַליין אַ קיעווער, אַ באַקאַנטער רוסי־שער סאָציאַל־דעמאָקראַט, איינער פֿון די סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן אין דער צווייטער רוסישער דומע (אויסגעוויילט אין סיביר), האָט נאָכדעם, ווי די דומע איז צעטריבן געוואָרן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פֿראַקציע איז געשטעלט געוואָרן צום צאַרישן געריכט, זיך אַרויסגע־כאַפּט קיין אויסלאַנד, באַזעצט זיך מיט דער פֿאַמיליע אין נערווי און איז געוואָרן דער דאָקטאָר פֿון די רוסישע קור־געסט. דאָ האָט ער זיך נאָענט באַקענט מיט שלום־עליכמען, און ביידע האָבן געהאַט איינער אויפֿן אַנדערן אַ גוטע ווירקונג. ד״ר מאַנדעלבערג האָט געווירקט אויף שלום־עליכמען צום גוטן מיט זיין מעדיצינישער אויפֿזיכט און האָט אים אַ סך מיטגעהאָלפֿן ביי׳צוקומען דעם שאַרפֿן צושטאַנד פֿון זיין קראַנקייט; און שלום־עליכם האָט געווירקט אויף מאַנדעלבערגן, ער זאָל זיך אָנהייבן אינטערעסירן מיט יידן און מיט יידישע פּראָבלעמען. ביז יענעם ווינטער האָט ד״ר מאַנדעלבערג פֿון יידישקייט קיין שום

באַגריף ניט געהאַט. פון יידישע שרייבער האָט ער אפשר געהערט נאָר דעם איין נאָמען שלום־עליכם — און אויך דאָס נאָר דערפאַר, ווייל שלום־עליכם איז געווען אַ קיעווער. איך געדענק, ווי אַזוי שלום־עליכם האָט איינמאָל, שפּאַצירנדיק אויף דער מאַרינע, מייסטערהאַפט איבער־דערציילט פאַר מאַנדעלבערגן פּרצעס פאָלקסטימלעכע געשיכטע „דריי מתנות", און זיין צוהערער האָט מיט עכטער „גוייִשער" באַגייסטערונג געגאַפט: אַזעלכע שיינע שרייבער פאַרמאָגן די יידן!... איך וועל ניט זאָגן, אַז שלום־עליכם האָט זיין אַסימילירטן דאָקטאָר באַקערט צו יידישקייט; שלום־עליכם האָט בטבע ניט ליב געהאַט די אַרבעט פון כאַפּן נשמות. ער האָט ביי אים אָבער פאַרזייט דאָס ערשטע קערנדל פון יידישן באַוווסטזיין, און דאָס האָט געגרייכט אַזוי ווייט, אַז אַצינד זיצט ד"ר מאַנדעלבערג איינגעבירגערט אין תל־אביב, רעדט תל־אביבער העברעאיש, און איז דער הויפּט־דאָקטאָר פון דער אַרבעטער־קליניק „קופּת־חולים".

עס פלעגן אַמאָל אויך קומען צו שלום־עליכמען קיין נערווי רוסישע געסט, צום מייניסטן שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן, די וואָס האָבן זיך געפונען אויף דער ריוויערע. פון די רוסישע געסט איז פאַרבליבן אין זכרון די אַלטע צעטרייסלטע פיגור פון דעם באַרימטן שליסלבורגער רעוואָלוציאָנער־אַרעסטאַנט לאָפּאַטין. מע האָט אים יענעם יאָר אַרויס־געלאָזט פון דער שליסלבורגער פעסטונג, נאָכדעם ווי ער האָט דאָרט אָפּגעפּינצטערט אַ לעבן. ער איז אַרויס פון דאָרטן אַ צעבראָכענער שאַרבן, גייסטיק אַ צעברעקלטער, אַ צעשאָטענער, אָן אַ ווילנס־צענטער, אַזוי אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט האַלטן קיין מינוט ביי איין געדאַנק, און אויך ניט געקאָנט אַיינזיצן אויף איין אָרט. ער האָט זיך מאָדנע געשאָקלט אויף די פיס, זיך געוואָרפן מיט דער גרויסער צעבראָכענער פיגור פון איין ווינקל אין דעם אַנדערן, ווי אַ ווייסער בער אין אַ שטייג. צו שלום־עליכמען האָט ער קיין שום פערזענלעכע באַציאונג ניט געהאַט. זיינע פריינד האָבן אים געזאָגט, אַז דאָס איז אַ באַרימטער שרייבער פון רוסלאַנד, פלעגט ער אַריינקומען פאַרברענגען מיט „רוסישע מענטשן", טיי טרינקען.

דערפאַר האָט זיך מיט שלום־עליכמען שטאַרק פאַראינטערעסירט דער באַוווּסטער רוסישער ראָמאַנען־שרייבער און ליטעראַטור־קריטיקער אַלעקסאַנדער אַמפיטעאַטראָוו, וואָס האָט צו יענער צייט זיך באַזעצט אויף דער ריוויערע, ניט ווייט פון נערווי. ער האָט געלייענט וועגן שלום־עליכמס יובילעי אין די רוסישע צייטונגען, זיך אָנגעהויבן אינטע־רעסירן מיט זיינע ווערק, זיך באַקענט מיט אים פערזענלעך און איז געוואָרן זיינער אַ הייסער פאַרערער. שפּעטער מיט אַ יאָר, אַז ס'איז דער־שינען אין דעם מאָסקווער פאַרלאַג „סאָווערעמעננײַאַ פּראָבלעמי" שלום־עליכמס ערשטער באַנד דערציילונגען אין רוסישער איבערזעצונג, האָט אַמפיטעאַטראָוו פאַרעפנטלעכט וועגן שלום־עליכמען אַ באַגייסטערטן לויב־אַרטיקל, געשטעלט אים אין איין שורה מיטן ענגלישן טשאַרלז דיקענס און געראָטן אַלע רוסישע עלטערן, זיי זאָלן געבן זייערע קינדער לייענען „מאָטל פּייסי דעם חזנס" — דאָס וווּנדערלעכע קינדער־בוך, וואָס האָט אים אַליין אויף דער עלטער געבראַכט צו לאַכן אַזוי האַרציק און צו וויינען מיט אמתע טרערן...

יח
# „טביה דער מילכיקער פאָרט קיין ארץ־ישראל"

ניט געקוקט אויף זיין קראַנקן צושטאַנד, ביי וועלכן אים איז אָפט אויסגעקומען צו פאַרברענגען גאַנצע טעג אין בעט מיט אַ געהעכערטער טעמפּעראַטור, איז שלום־עליכם אין נערווי ביסלעכווייז דאָך אַריינגע־צויגן געוואָרן צוריק אין פּראָדוקטיווער אַרבעט. אַחוץ וואָס שרייבן איז פאַר אים געווען כמעט אַ טאָג־טעגלעכע באַדערפעניש, אָן וועלכער דאָס לעבן האָט אים אויסגעזען פּוסט און אומעטיק, האָט דאָ נאָך צוגע־שפּילט אויך אַ פאַרבאָרגענער פּסיכאָלאָגישער מאָטיוו: זיין עקזיסטענץ איז יענעם ווינטער געווען באַזאָרגט פון קהלשע קוואַלן, פון די יובילעי־פּייערונגען אין פאַרשיידענע לענדער, און דאָס האָט אים ווי פאַרמשפּט צו פּריצייטיקן עלטער, צו דער לאַגע פון איינעם, וואָס לעבט מיט די חסדים פון דער פאַרגאַנגענהייט. און אויף דעם האָט שלום־עליכם טיף אין האַרצן זיך ניט געקאָנט באַרואיקן. ס'איז אים געגאַנגען אין לעבן צו באַווייזן סיי זיך אַליין, סיי דער יידישער וועלט, אַז כאָטש ער איז קראַנק, איז ער נאָך ווייט ניט אויסגעשעפּט פון זיינע שאַפונגס־כוחות. אַדרבה, ערשט איצט וועט ער אָנהייבן שרייבן און שרייבן...

די פראַגע אַצינד איז נאָר געווען, ווי אַזוי זאָל ער איינאָרדענען די אַרבעט פונעם שרייבן, אַז דורך דעם זאָל ניט געשטערט ווערן דער רעזשים פון אַ קראַנקן, וואָס ער האָט אָפּגעהיט מיט דער גרעס־טער פּינקטלעכקייט? זיצן שטונדן־לאַנג ביים שרייבטיש, טיף אָנגעבויגן צו דער אַרבעט, ווי זיין שטייגער איז געווען אין די פריערדיקע געזונטע יאָרן, — דאָס האָט אים דער דאָקטאָר פאַרבאָטן. סיידן ער זאָל שרייבן נאָר אויף דער פרישער לופט, בשעת ער מאַכט זיין טעגלעכן שפּאַציר־גאַנג ביים ים. צו אַזאַ שרייבן איז ער געוווינט געווען פון תמיד, נאָר אַ סך אויפטאָן קאָן מען דאָ פאָרט ניט: דער אמתער ברען פון שאַפן

קומט דאָך, בשעת מען איז אָפּגעזונדערט ביי זיך אין שטוב, ווייט פון פרעמדע טשיקאַווע בליקן. דערצו פאַלן־אויס טעג, ווען דער דאָקטאָר הייסט אים וואָס מער ליגן און וואָס ווייניקער באַוועגן זיך. וואָס־זשע טוט מען דעמאָלט? סתם ליגן אין בעט איז דאָך קיין תכלית ניט!... איז געבליבן, אַז ליגנדיק וועט ער מיר דיקטירן, און איך וועל שרייבן.

די ערשטע טעג איז די נייקייט פון שרייבן דיקטירנדיק שלום־עליכמען אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן דעם אָנזאָג פונעם דאָקטאָר, ער זאָל זיך צופיל ניט אָנשטרענגען, און האָט מיר אַזוי אַוועקדיקטירט לאַנגע שטונדן נאָכאַנאַנד. און ניט נאָר האָט ער דיקטירט ליגנדיק אין בעט — ער האָט דאָס אויך געטאָן גייענדיק מיט מיר שפּאַצירן איבער דער „מאַרינע״, אָדער זיצנדיק מיט מיר אַקעגן דער הייסער זון ביים „אויוועלע״, פאַר די נייגעריקע אויגן פון די נערוויער קור־געסט. פאַר מיר אַליין, מוז איך דאָ זאָגן, איז דאָס געווען גאָרניט קיין איינגענעמע באַשעפטיקונג. זיין צוגעבונדן בלינד צו יענעמס שאַפונגס־גאַנג, ניט וויסנדיק, וווהין זיין געדאַנק פירט און מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן יעדע אָנגעהויבענע פראַזע — איז איינע פון די קאָמישסטע און פיינלעכסטע לאַגעס פאַר אַ מענטשן, וואָס איז אַליין געוווינט געוואָרן זעלבסטשטענדיק אויף דעם דאָזיקן וועג צו גיין. דערצו האָב איך געפילט, אַז שלום־עליכמס אַרבעט ליידט דערפון אין גאָר אַ גרויסער מאָס. דער פּראָצעס פון דיקטירן — פון מאָלן מענטשן און בילדער הויך אויפן קול, אָן שטילער און טיפער אַריינטראַכטונג אין דער זאַך — איז פאַר אים געווען אַן אומנאַטירלעכער און האָט אינגאַנצן פאַראַליזירט זיין שעפערישן שווונג. די בילדער זענען אַרויסגעקומען בלאַס און בלוטלאָז, די שפּראַך האָט זיך געצויגן ווי פון פעך, דער סטיל האָט געקלונגען מאָדנע פרעמד, ווי געשעפּט ניט פון זיין אייגענעם קוואַל — ער איז אַפילו ניט געווען הומאָריסטיש! איך האָב אַרויסגעזען, אַז אויף דעם וועג וועט שלום־עליכם ווייט ניט קאָנען גיין. איך האָב מיך שוין דעמאָלט איבערגעצייגט, אַז זיין אינסטרומענט איז געווען נאָר די פעדער און זיין שעפערישע וואַרעמקייט איז אים געקומען פון דעם עצם פּראָצעס פון שרייבן — פון דער אינטימער באַרירונג

מיט פּאַפּיר, וועלכעס האָט ביי אים געצויגן גלייך פונעם האַרצן, דורך דער נערוועזער, פלינקער און פעסטער האַנט, לעבעדיקע, ליכטיקע, אויסדרוקספולע אותיות און ווערטער, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין אַ סימפאָניע פון בילדער און געשטאַלטן, פון טיף־האַרציקע מענטש־לעכע טענער און קלוג־אַרויסגעבראַכטע מענטשלעכע רייד. גלייך ביים אָנהייב האָב איך אים אָבער ניט געוואָלט שטערן אין דעם שפּיל פון דיקטירן. איך האָב דאָס אויפגענומען ווי אַ קאַפּריז פון אַ קראַנקן, וועמען מע דאַרף ניט מצער זיין מיט קריטיק. ערשט אַז מיר זענען ווייט פאַר־גאַנגען אין דער אַרבעט, — און די אַרבעט איז נאָך אַלץ געגאַנגען אומגעלונגען און זייער לאַנגזאַם, — האָב איך אים אויף דעם אויפ־מערקזאַם געמאַכט. אַפנים, אַז ער אַליין האָט דאָס אויך געפילט, וואָרעם ער האָט אויף דעם גאָרנישט געענטפערט, נאָר שטיל צוגענומען ביי מיר די פאַרשריבענע העפטן, געהאַלטן זיי ביי זיך אַ לאַנגע צייט, און אַז ער האָט זיי מיר צוריקגעגעבן אויף איבערצושרייבן, האָב איך דאָרט געפונען כמעט דעם גאַנצן דיקטירטן טעקסט אויסגעמעקט. איבער די אויסגעמעקטע שורות איז געלאָפן אַ נייער טעקסט, אַ פרישער, אַ לעבע־דיקער, אין עכטן שלום־עליכם־סטיל, וואָס האָט זיך ברייט צעוואַקסן מיט אַ סך ניי־אַריינגעקלעפּטע בלעטלעך. דאָס האָט ער אָנגעשריבן זיין באַקאַנטע כתרילעווקער פורים־דערציילונג „די גאָלדשפּינערס".

דער סוף איז געווען, אַז שלום־עליכם האָט דאָס דיקטירן אינגאַנצן אויפגעגעבן. אָנשטאָט דעם, האָט ער זיך אַיינגעמייסטרעוועט אין בעט אַ מין שרייב־שטענדערל, אויף וועלכן ער האָט געקאָנט שרייבן האַלב־ליגנדיק אין די פרימאָרגן־שטונדן, אָדער אין טעג, ווען די געהעכערטע טעמפּעראַטור האָט אים ניט דערלויבט אַרויסצוגיין אויפן שפּאַציר. דער ווערט פון דעם דאָזיקן בעט־שטענדערל איז פאַר אים געווען אַ טאָפּעלער: אי עס איז געווען באַקוועם, אי עס האָט געהאַט דעם רייץ פון שפּיל, פון אַן אויסטערלישן אַיינפאַל. עס איז געווען טרויעריק־רירנד צו זען, ווי אַזוי דער קראַנקער מייסטער האָט זיך אַיינגעאָרדנט אין בעט מיט זיין „וואַרשטאַט" און האָט הנאה דערפון, וואָס ער קאָן אַזוי קונציק אָנגיין מיט זיין אַרבעט אַפילו קראַנקערהייט.

פלענער פאַר אַרבעט זענען ביי אים יענעם ווינטער געווען פאַר־טראַכט אַ סך, און טיילווייז זענען זיי דורכגעפירט געוואָרן. גלייך נאָך „שמואל שמעלקיס״ האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיין אייגענע לעבנס־געשיכטע, אונטערן טיטל „שלום־עליכמס ביאָגראַפיע״ (וואָס ער האָט שפּעטער באַאַרבעט אין זיין בוך „פונעם יאַריד״). נאָכדעם ווי ער האָט דורכגעמאַכט די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיטן מלאך־המות (ווי ער אַליין האָט דאָס אָנגערופן) און האָט געטראָגן אין זיך זיין באַהאַלטענע גיפט, און געשען איז דאָס פונקט צו זיין פינף־און־צוואַנציק־יאָריקן ליטעראַ־רישן יום־טוב, — איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליש־פאַרטראַכטער וידוי־שטימונג, און עס האָט זיך אים געוואָלט געבן אַ סך־הכל פון זיין אייגענעם לעבן, סיי פאַר זיך אַליין, סיי פאַר די דורות, וואָס וועלן קומען נאָך אים. ווייל נאָך אַלע אויבערפלעכלעכע אויפפאַסונגען פון אים, ווי פון אַ מענטשן אַ צעטראָגענעם, אַן איבערגעאַיילטן, אַ „מנחם־מענדל״, — איז ער געווען אינערלעך אַ גאַנצער, אַ האַרמאָנישער, אַ פּינקטלעכער אין זיינע פילאָזאָפישע טראַכטונגען און זעלישע פאַר־שטעלונגען, פון יענע, „וואָס לעבן מיט חשבון און שטאַרבן מיט ווידוי״. ווי אַן עכטער, וואָרצלדיקער פאָלקס־דיכטער מיט אַ סענטימענטאַל־לירישן דמיון, האָט ער ניט נאָר געגלייבט אין זיין השארת הנפש ביים פאָלק, נאָר ער האָט זיך עס לעבעדיק פאָרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע און זיך צוגעהערט צו זיין אייגענעם אָפּקלאַנג אין די קומענדיקע דורות. עס זענען געווען ביי אים געהויבענע מאָמענטן (דווקא אין מינוטן פון שווערע איבערלעבונגען), ווען ער האָט טיף געגלייבט, אַז דער נאָמען „שלום־עליכם״ וועט ביים פאָלק ניט פאַרלאָרן גיין, און עס האָט זיך אים געוואָלט געבן דעם דאָזיקן נאָמען זיין אייגענעם פירוש, זיין אייגענע באַלייכטונג, דורך אַן אמתדיקער ברייט־באַשריבענער אויטאָביאָגראַפיע — וואָרעם ער אַליין „קען זיך בעסער פון אַלעמען״... דערצו האָט ער געזען זיין אייגענע לעבנסגעשיכטע אין דער ברייטער ראַם פון זיין עפּאָכע, אַרומגערינגלט ניט נאָר מיט דער טאָג־טעגלעכער סביבה, אין וועלכער ער איז אויסגעוואַקסן און האָט געטומלט אַ וועלט, נאָר אויך מיט די וויכטיקע היסטאָרישע געשעענישן פון דעם יידישן לעבן אין

רוסלאַנד און מיט פאַרשיידענע געשטאַלטן פון זיינע צייט־חברים, אימ־פּאַזאַנטע און אין שאָטן באַהאַלטענע, ערנסטע און קאָמישע. לויט זיין פּלאַן האָט דאָס באַדאַרפט אַרויסקומען אַ בוך פון היפשע עטלעכע בענדער, אַ גרויסער אייגנאַרטיקער ראָמאַן — אַן אמתער, ניט קיין אויסגעטראַכטער.

ער האָט זיך גענומען שרייבן זיין אויטאָביאָגראַפיע מיט גרויס פלייס און מיט באַזונדערער יום־טובדיקער נייקייט, ווי ער וואָלט געשעפּט פון אַ ניי־אַנטפּלעקטן קוואַל. איך האָב דאָס געפילט יעדן פרימאָרגן, ווען ער פלעגט אַריינטראָגן צו מיר אין צימער מיט אַ ליכטיק־וואַרעמען פנים די אָנגעשריבענע קליינע בלאָקנאָטלעך אויף צו קאָפּירן. אויף די דאָזיקע קליינע בלאָקנאָטלעך האָט זיך צעוויקלט די שילדערונג פון זיינע ווייט־פאַרגאַנגענע קינדער־יאָרן, פון זיינע עלטערן, פון זיינע ברידער און חברים פונעם חדר. און כאָטש די דאָזיקע שילדערונג איז געווען אַן איינפאַכע און אַ באַשיידענע, די שפּראַך האָט זיך געגאָסן לייכט און קלאָר און דורכזיכטיק־אמתדיק, איז אונטער די באַשרייבונגען געלעגן באַהאַלטן אַ טיפע כוונה צו באַטאָנען די פּאַטאָלע, פאָראויסבאַ־שטימטע דערשיינונג פון דעם קומענדיקן שלום־עליכם. איך האָב גע־שלונגען די קליינע פאַרשריבענע בלעטלעך מיט גרויס אינטערעס. איך בין געשטאַנען דער ערשטער אין די צעעפנטע טירן פון שלום־עליכמס פערזענלעכע ליכטיקע קאַמערן, וווּ איך האָב דערוואַרט צו זען זעלטענע מערקווירדיקייטן פון אַ זעלטענער מענטשלעכער נשמה. נאָר צו מיין גרויסן באַדויער, האָט שלום־עליכם פלוצעם איבערגעריסן זיין אויטאָ־ביאָגראַפיע סאַמע אין אָנהייב, ביים זעקסטן אָדער זיבעטן קאַפּיטל. פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן — איז פאַר מיר עד היום ניט קלאָר. אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער וועט אַזאַ ווערק ניט האָבן ווו צו דרוקן. איך האָב וועגן דעם זיך געפרווּוט דורכשרייבן מיטן ניו־יאָרקער יובילעי־קאָמיטעט. שלום־עליכם האָט לכתחילה געגלייבט, אַז אין ניו־יאָרק וועט מען איצט, ביי דער געלעגנהייט פון זיין יובילעי, אויפכאַפּן זיין אויטאָביאָגראַפיע ניט נאָר אין דער יידישער פּרעסע, נאָר אויך אין דער ענגלישער — און דאָס

וואָלט אים פאַרשפאַרט אַרויסצוקוקן אויף קצבה־געלט. די ניו־יאָרקער קאָמיטעט־לייט האָבן זיך אָבער אויף דעם גאַנצן ענין שוואַך אָפּגערופן, אַזוי אַז ביי שלום־עליכמען איז אָפּגעפאַלן דער חשק ווייטער אָנצוגיין מיט דער נייער אַרבעט, אויף וועלכער עס זענען קיין בעלנים ניט געווען.

עס איז אָבער אויך וואַרשיינלעך, אַז דאָ איז געווען נאָך אַן אורזאַך, אַן אינווייניקסטע, פאַרוואָס שלום־עליכם האָט אָפּגעלייגט דאָס שרייבן פון זיין אויטאָביאָגראַפיע אָן אַ זייט: אונטער דער ווירקונג פון דער ליכטיקער וואַרעמער איטאַליענישער זון האָט ער זיך אָנגעהויבן פילן וואָס ווייטער אַלץ מונטערער און מילדער, אַזוי אַז די מעלאַנכאָלישע ווידוי־שטימונג האָט אים ביסלעכווייז אָפּגעלאָזט, און אַנשטאָט אָפּצוגעבן זיך מיט די שאָטנס פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, האָט ער זיך ווידער גענומען פאַר דער נאָענטער לעבעדיקער קעגנוואַרט פון כתריאל־ לעווקע, וואָס האָט זיך נאָך ביי אים אַלץ ניט אויסגעשעפּט. אַזוי צי אַזוי, נאָר שלום־עליכם האָט זיך ערנסט אומגעקערט צו זיין לעבנסגעשיכטע ערשט אין זעקס יאָר אַרום, אינעם סוף פון זיינע טעג, און האָט באַוויזן זי צו דערפירן נאָר ביז צום צוואַנציקסטן יאָר פון זיין לעבן.

דערווייל האָט דער פּעטערבורגער „פריינד״, נאָך אַן איבעררייס פון עטלעכע חדשים, געמאַכט אַן אָנשטרענגונג ווידער צו דערשיינען. די אַרויסגעבער האָבן זיך געווענדט צו שלום־עליכמען, ער זאָל באַנייען זיין מיטאַרבעטונג אין דער צייטונג, אום צו העלפן איר צוריק אָוועקצושטעלן זיך אויף די פיס. שלום־עליכם האָט זיך מיט דער דאָזיקער בשורה אמת דערפרייט. לויט זיין פאַטאַליסטישער באַציאונג צו זאַכן, איז די אויפ־לעבונג פונעם „פריינד״, וועלכער האָט זיך געהאַט פאַרמאַכט פונקט צו זיין יובילעי, געווען איצט פאַר אים ווי אַ גוטער צייכן, אַז אויך ער אַליין וועט ווידער אויפלעבן. ער איז גערן איינגעגאַנגען אויף דער בקשה פון די אַרויסגעבער אָפּצוואַרטן די ערשטע צייט מיט זיין האָ־נאָראַר, ביז די צייטונג וועט זיך באַפעסטיקן. ער האָט געוואָלט זיין צווישן די ערשטע שרייבער אין דעם באַנייטן „פריינד״, האָט ער גלייך געשריבן צו יעקב דינעזאָנען אין וואַרשע, ער זאָל אַריבערשיקן אינעם

„פריינד" זיין דערציילונג „שמואל שמעלקיס", וואָס האָט געזאָלט אַרויס־גיין אין אַ באַזונדער ביכעלע דורכן וואַרשעווער יובילעי־קאָמיטעט.

די דערשיינונג פון „שמואל שמעלקיס" אין דעם באַנייטן „פריינד" האָט שלום־עליכמען פאַרשאַפט אַ היפש ביסל אויפרעגונג. ש. י. יאַצקאַן, דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פונעם „היינט" אין וואַרשע, ביי וועמען די געשעפטן האָבן גענומען שטייגן הויך, האָט זיך אָנגעצונדן מיט גרימ־צאָרן פון אַ נייעם נגיד און אַריינגעשריבן דעם קראַנקן יובילאַר אַ שאַרפן בריוו: סטייטש — ער, דער רעדאַקטאָר, האָט געשריבן אַרטיקלען און געאַרבעט מעשים פאַר שלום־עליכמס יובילעי, און לסוף, אַז עס קומט צו עפּעס, נעמט שלום־עליכם און טרעט־אַרויס מיט זיין ערשטער דערציילונג נאָכן יובילעי אין דעם געפגרטן „פריינד", וואָס קאָן אַפילו קיין רעכטן האָנאָראַר ניט צאָלן, און אים, דעם לעבעדיקן רעדאַקטאָר פון דער לעבעדיקער צייטונג, וואָס קאָן, ברוך השם, צאָלן מיט דער ברייטער האַנט, — גיט ער דערמיט אַ פּאַטש אין פּנים! „זייט ניט קיין נאַר!" — האָט דער רעדאַקטאָר, מעשה אויפגעקומענער תקיף, זיך צעפלאַקערט. שלום־עליכם איז פון אַזעלכע טענות און פון אַזאַ טאָן געוואָרן מאָדנע אויפגעבראַכט און צערודערט. הייסט עס, אַז זיין יובילעי איז ניט געווען אַ פאָלקס־זאַך, נאָר ער איז מחוייב דערפאַר יעדן רעדאַקטאָר פון יעדן בלעטל באַזונדער צו בוקן זיך!... ער האָט זיך אָבער אַיינגעהאַלטן און געענטפערט דעם נייעם תקיף אין געלאַסענעם טאָן, אַז כאָטש ביי גויים באַגייט מען זיך מיט אַ יובילאַר אַ ביסל איידעלער, פון דעסטוועגן וויל ער קיינעם ניט בלייבן קיין בעל־חוב און וועט ביי דער ערשטער מעגלעכקייט באַדאַנקען דעם רעדאַקטאָר פאַר זיין טרחה. און ער האָט אים טאַקע צו די קומענדיקע ימים־טובים אַריינגעשיקט צוויי דערציילונגען.

די צווייטע זאַך אינעם „פריינד" נאָך „שמואל שמעלקיס" איז געווען פאַרן יידישן לייענער אַ באַוויז, אַז שלום־עליכם לעבט נאָך: ער האָט אָנגעשריבן „טביה דער מילכיקער פאָרט קיין ארץ־ישראל". די לעצטע צייט איז ביי שלום־עליכמען געוואָרן ווי אַ מין כלל, אַז אַלע יאָר דאַרף ער שרייבן אַ נייע מעשה פון טביה דעם מילכיקן. ער פלעגט

זיך אומקערן צו טביהן, ווי צו זיין ליבסטן און האַרציקסטן פאַרשויין, דורך וועמען עס איז אים אַזוי איינגענעם זיך אויסצורײדן פאַר דער וועלט, זיך אויסצוטענהן פאַר גאָט און לייט אין ליריש־פילאָזאָפישן פאָלקס־טאָן. היינטיקס יאָר איז די פראַגע געווען: וואָס טוט מען ווייטער מיט טביהן? ס׳איז אים בסך־הכל איבערגעבליבן נאָר איין טאָכטער ניט קיין אויסגעגעבענע, — וואָס זשע וועט זיין נאָכדעם, אַז ער וועט די לעצטע טאָכטער אויך אויסגעבן?... איז שלום־עליכמען איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק: די קיעווער ציוניסטן שרייבן אים אַלץ, אַז זיי טראַכטן ערנסט צו בויען פאַר אים אַ ווילע ביים ים אין ארץ־ישראל. עס פאָרט אַהין אַ גרופּע לייט איינצוקויפן ערד פאַר זיך, וועט מען פאַראיינוועגס האָבן אין זינען אויך אַ נחלה פאַר שלום־עליכמען. וויבאַלד אַזוי, וועט ער דערווייל אַהין פאָראויסשיקן טביה דעם מילכיקן, און אויב ער אַליין וועט שפּעטער אויך קומען קיין ארץ־ישראל, וועט טביה אים האָבן וואָס צו דערציילן. אין ארץ־ישראל, אין דער סביבה פון יידישע ערד־אַרבעטער, וועט זיך פאַר טביהן עפענען גאָר אַ נייע וועלט, מיט נייע פסוקים און טייטשווערטער — די אמתע פסוקים, וואָס שלאָגן דאָרט פונעם סאַמע קוואַל...

שרייבן טביהס אַ מעשה איז פאַר שלום־עליכמען שטענדיק געווען אַ יום־טוב. איצט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז שרייבנדיק געוואָרן יינגער און זעט־אויס גאָר אַ געזונטער. ער האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין דער אַרבעט, אַז ער האָט פאַרגעסן אַלע געבאָטן פונעם דאָקטאָר און האָט געשריבן שעהן נאָכאַנאַנד, שוין זיצנדיק פראָסט ביים שרייב־טיש. איינמאָל האָב איך דערהערט זיין הילכיק געלעכטער פון זיין צימער, ווו די טירן זענען געווען אָפן צום ים. אַז איך בין אַריינגעקומען, האָט ער מיר מיט פריילעכע לאַכנדיקע אויגן דערלאַנגט דאָס בלאָקנאָטל און באַוויזן מיטן פינגער אויף דער לעצטער אָנגעשריבענער שורה: „אַנו, ווי אַזוי קלינגט אַייך אָט דאָס?״ איך האָב אַריינגעקוקט און איבער־געלייענט טביהס באַרימטן פסוק אויפן לשון פון „תרגום אונקלוס״: „מזנבתא דחזירתא לא מאַכאַנת שטריימילתא״ (פון אַ חזירשן עק קאָן מען קיין שטריימל ניט מאַכן).

נאָכדעם ווי שלום־עליכם איז פאַרטיק געוואָרן מיט טביהס דער־ציילונג, האָט ער זיך געמוזט אַריינלייגן אין בעט. ער איז געווען ניט אַזוי קראַנק, ווי אויסגעשעפּט, נאָר זיין בלייך פּנים האָט ליכטיק און גליקזעליק געשטראַלט — איך וואָלט געזאָגט: מיט דער ליכטיקייט און גליקזעליקייט פון אַ קימפּעטאָרין נאָך אַ געלונגענעם האָבן. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעזעצט אַרום זיין בעט הערן, ווי ער וועט פאָר־לייענען זיין ניי ווערק. ער איז אָבער געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז ער האָט פאָרגעלייגט, איך זאָל היינט זיין דער לייענער. ביי זיך אַליין האָב איך מיך דווקא געהאַלטן ניט פאַר קיין שלעכטן פאָרלייענער פון שלום־עליכמס מעשיות. נאָך ייִנגלווייז פלעג איך שלום־עליכמען פאָר־לייענען פונעם „יוד" פאַר מיינע היימישע לייט. און פאָריקן ווינטער אין ניו־יאָרק, אַז מיר איז אויסגעקומען אַ סך מאָל צו לייענען שלום־עליכמס פּיעסעס פאַר יידישע אַקטיאָרן, האָב איך אין דער דאָזיקער קונסט געהאַט גאָר אַ גרויסע פּעולה. איצט אָבער, אין שלום־עליכמס אַנוועזנהייט און אונטער זיין בליק, איז מיין גאַנצער טאַלאַנט פּלוצעם אויסגערונען. איך האָב געפילט, אַז די שטים אַרבעט ביי מיר ווי אויף צו־להכעיס, און שוין ביים צווייטן בלעטל האָט שלום־עליכם פון מיר אַוועקגענומען דאָס מאַנוסקריפּט און אַ זאָג געטאָן: „ניין, אַזוי וועט איר מיר באַגראָבן טביהן אַ לעבעדיקן!"... און ער אַליין האָט גענומען פאָרלייענען טביהס געשיכטע אויף זיין אַלטן מייסטערהאַפטן שטייגער.

עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך־רירנדיקער אַרטיסטישער אַרויס־טריט, ווו אַלס עסטראַדע פאַר דעם באַגייסטערטן אויסגעבלייכטן מייס־טער האָט געדינט דאָס צוקאָפּנס פון זיין קראַנקנבעט.

יט
## שלום־עליכמס בריוו־שרייבן

דער ערשטער ווינטער אין נערווי איז פאַר שלום־עליכמען געוועזן אַן אָנהייב פון אַ נייער פּרוקטבאַרער צייט אין זיין שרייבן. אַחוץ די צוויי גרעסערע דערציילונגען, „שמואל שמעלקיס” און „טביה דער מילכי־קער פאָרט קיין ארץ־ישראל”, און אַחוץ די פורימדיקע „גאָלדשפּינערס”, האָט ער יענעם ווינטער אָנגעשריבן אַ גאַנצע שורה יום־טובדיקע זאַכן: „צוויי טויטע”, „אַ פאָרפאָלק אויף פסח”, „בלעטלעך שיר השירים”, „חרוטת”, „גזלנים”, „די מומע רייזע און אירע קינדער” און דעם קורצן הומאָריסטישן ראָמאַן „בלינצעס”. ער האָט מיר אויך דיקטירט די ערשטע פּראָבעס פון זיין גרויסער סעריע „אַייזנבאַן־געשיכטעס”, וועלכע ער האָט פולשטענדיק באַאַרבעט שפּעטער, אין דעם צווייטן האַלבן יאָר 1909. די אַלע זאַכן האָט ער געדרוקט טיילווייז אינעם פּעטערבורגער „פריינד” און אינעם וואַרשעווער „היינט”, און טיילווייז אין אַ ספּעציע־לער אויסגאַבע פון קליינע ביכלעך, אונטערן נאָמען „שלום־עליכמס יום־טוב ביבליאָטעק”, וואָס א. ל. לעווינסקי האָט אונטערגענומען אין אָדעס. די זעלבע זאַכן האָט ער אויך געלאָזט דרוקן אין דעם ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט” און אין דעם „אַמעריקאַנער”. עס האָט זיך אים זייער ניט געוואָלט זיך אָפּרייסן פון די אַמעריקאַנער לייענער — האָט ער פאַרבויגן אַן אַ זייט די עוולות, וואָס ער איז פאַריקן יאָר אויסגעשטאַנען פון די באַלעבאַטים פון יענע ניו־יאָרקער צייטונגען, און האָט זיי ניט פאַררעכנט אַפילו דאָס, וואָס זיי האָבן זיין יובילעי כמעט פאַרשוויגן. ער איז קיינ־מאָל ניט געווען פון יענעם האַרבן טיפּ תלמידי־חכמים, וואָס זענען „נוקמים ונוטרים” (וואָס נעמען נקמה פון באַליידיקער און טראָגן אויף זיי אַ שנאה אין האַרצן). לויט זיין מילדער נאַטור, האָט ער אין דעם מענטשן געזען מער נאַרישקייט ווי שלעכטסקייט, און ער פלעגט גיך

פאַרגעסן אַן עוולה. דערצו איז דאָ יעקב סאַפּירשטיין געווען דער ערשטער, וואָס האָט אים אין אַ בריוו איבערגעבעטן און אים אײַנגעלאַדן, ער זאָל ווידער שרייבן פאַרן „אַמעריקאַנער“.

זיין שרייבערישער פלייס יענעם ווינטער האָט זיך געלאָזט מערקן אויך אין אַ צווייטער פאָרם פון זיין שרייבן — אין זיינע פּריוואַטע בריוו. וואָרעם שרייבן בריוו ביי שלום־עליכמען איז ניט געווען קיין געוויינלעכער טרוקענער אַקט פון קאָמוניקאַציע מיט מענטשן, פון זאַכלעכע פאַרהאַנדלונגען מיט די, מיט וועמען ער איז געווען פאַרבונדן. זיינע פּריוואַטע בריוו זענען געווען פאַר אים אַ פאָרזעצונג פון זיין שריפטשטעלערישן שאַפן, אַ מין פערזענלעכער שטראָם פון זיין איבערפליסנדיקער קינסטלערישער ענערגיע. ער איז געווען אין דער יידישער ליטעראַטור דער איינציקער מייסטער פון בריוו שרייבן. ער האָט זיי געשריבן מיט דער זעלבער הומאָריסטישער אויסדרוקס־קראַפט, ווי ער האָט געשריבן זיינע ווערק, און אָפט איז דער הומאָר אין זיינע בריוו אַרויסגעקומען חנוודיקער, פּיקאַנטער און מער איבערראַשנדיק אַפילו ווי אין זיינע ווערק, ווייל דאָ האָט ער זיך געגאָסן פריי, אומגעצאַמט און זיכער — געצילט צו אַ גוט־באַקאַנטן לייענער, פאַר וועמען קיין איין אינטימער אויסדרוק, קיין איין שאַרפזיניקער קוועטש פון דער פען וועט ניט גיין פאַרלאָרן. דאָס, וואָס דער לייענער איז דאָ נאָר אַ יחיד, איין מענטש, ניט אַ טויזנט־קעפּיקע מאַסע, — דאָס האָט אים ניט געשטערט; זיינע פאַרבאָרגענע קוואַלן זענען געווען אַזוי רייך און אומאויסשעפּלעך, אַז ער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען צאַפּן פון זיי גענוס אויך פאַר יחידים, און פילנדיק פאָראויס דעם גענוס פון דעם יחיד, האָט ער זיך אָנגעצונדן מיטן זעלבן הומאָריסטישן ברען און מיטן זעלבן חשק אַרויסצובאַווייזן זיך אין זיין פולן קינסטלערישן גלאַנץ, ווי בשעת ער האָט געשריבן זיינע ווערק פאַרן ברייטן עולם. און ווי לייכט ער האָט געשריבן זיינע בריוו! איך פלעג אים וויפיל מאָל באַוווּנדערן, ווי אַזוי ער פלעגט זיך אַוועקזעצן צום שרייב־טיש אין אַ פאַרנאַכט, נאָך אַ טאָג פון אינטענסיווער אַרבעט, און אין משך פון אַ שעה אָנוואַרפן אַ גאַנצן הויפן מיט בריוו, אַלע אויסגעטאָקט מיט זיין פיינעם

עלעגאַנטן כתב און באַשטראַלט מיטן ליכטיקן חן פון זיין קוואַלנדיקן הומאָריסטישן סטיל. ער האָט דערצו, דאַכט זיך, גאָר קיין באַזונדער אָנשטרענגונג ניט געמאַכט, ער האָט אַפילו דעם אינהאַלט פון די בריוו פאָראויס ניט באַטראַכט. ער האָט זיך נאָר באַדאַרפט זעצן צום טיש, זיך אָנבייגן צום ווייסן בויגן פאַפּיר — און אַלע זיינע קינסטלערישע זאַפטן זענען שוין געווען גרייט צו באַווירצן און באַטעמען די לויפנדיקע שורות.

דאָ, אין נערווי, איז ער באַזונדער געווען פלייסיק אויף שרייבן בריוו. פון איין זייט האָט זיין קראַנקייט, וואָס איז אויסגעפאַלן אינ־איינעם מיט זיין יובילעי, דערנעענטערט צו אים די חברים־שריפטשטע־לער: מע האָט זיך אָנגעהויבן באַציען צו אים, ווי צו אַ ציטעריקן אין דער משפחה, ווי צו אַן „אָפּגעשריענעם", און מע האָט געזוכט אַרויס־צובאַווייזן אים וואָס מער אויפמערקזאַמקייט און ליבשאַפט. פון דער אַנדערער זייט האָט דאָס איינזאַמע אָפּגעשלאָסענע לעבן אין דער קראַנ־קער אַטמאָספער פון נערווי געדריקט זיין געמיט, און ער האָט געפילט אַ באַדערפעניש צו קומען אין באַריר כאָטש דורך בריוו מיט דער גרויסער, לעבעדיקער, געזונטער וועלט, אָפּצופרישן זיך דורך לעבעדיקע ווערטער, אויפצומונטערן אי זיך, אי יענעם אין לייכט־פליסנדיקן הומאָ־ריסטישן טאָן, מע זאָל חלילה ניט מיינען, אַז מיט שלום־עליכמען איז שוין אויס... ער האָט פאַרברייטערט זיין קאָרעספּאָנדענץ מער ווי פריער, געשריבן אָפטע בריוו צו פאַרשיידענע שרייבער, דערהויפּט צו די אָדעס־סער חברים, צו ספּעקטאָרן, צו דינעזאָנען, צו בעל־מחשבותן, צו ד"ר גרשון לעווין, צו ש. אַנ־סקין (וועלכער האָט דעמאָלט, צוזאַמען מיט ש. דובנאָוו, אַרויסגעגעבן דעם מאָנאַטלעכן „יעווערעיסקי מיר" און האָט דאָרט געדרוקט אין רוסישער איבערזעצונג שלום־עליכמס נייע דער־ציילונגען גלייכצייטיק מיטן „פריינד"). ער האָט אויך געהאַט צו ענט־פערן אויף בריוו פון סתם יידן פון דער וועלט. זיין איטאַליענישער אַדרעס איז געגאַנגען געדרוקט אין די צייטונגען — האָבן זיך געפונען גענוג בעלנים אין יידישע שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען געווען טשיקאַווע אַריינצושרייבן שלום־עליכמען אַ בריוול, באַגריסן אים צו

זיין יובילעי, אַנווינטשעווען אים געזונט און אַלדאָס גוטס, און זען, וואָס וועט דערפון, אַשטייגער, אַרויסקומען? אַרויסגעקומען דערפון איז דאָס, וואָס שלום־עליכם האָט יעדן בריוו־שרייבער געענטפערט מיט עטלעכע גוטע, וואַרעמע שורות, אונטער וועלכע עס האָט זיך געליכטיקט, ווי אַ פּריש, וואַרעם־געלייגט איי, זיין וווּנדערלעך־געפּלאָכטענע אונטער־שריפט, — מיט וואָס יענער האָט זיך געהאַט אַרומצוטראָגן יאָרן־לאַנג.

פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלע בריוו זענען געווען געשריבן אין לעבעדיקן הומאָריסטישן טאָן. עס איז געווען געווענדט, ווי אַזוי דער בריוו איז געשריבן געוואָרן און צו וועמען ער איז געווען געשריבן. אַ סך בריוו איז שלום־עליכמען אויסגעקומען צו שרייבן אין בעט, מיט אַ בליישטיפט — און דאָ האָט פון צווישן די הומאָריסטישע שורות אַרויסגעקוקט דער באַהאַלטענער טרויער פון אַ קראַנקן. דער אופן אַליין פונעם שרייבן האָט אין שלום־עליכמס קאָרעספּאָנדענץ ווי גע־שאַפן דעם טאָן. אויף פיינעם פּאַפּיר, מיט אַ דינער פּען און מיט גוטער ריינער טינט האָט זיך אים גאָר פריילעכער געשריבן. און דערי־בער, אַז ער האָט באַדאַרפט שרייבן אַ בריוו, אַשטייגער, צו מענדעלע מוכר־ספרים, האָט ער דאָס געטאָן נאָר ביים שרייבטיש, מיט זיין געטאָקטן, פּערלדיקן כתב. פאַרן „זיידן" האָט ער זיך געוואָלט ווייזן נאָך אַלץ ווי אַן „אייניקל" — ניט אין קראַנקן, אָפּגעלאָזענעם אויסזען, פון וועלכן עס קוקט־אַרויס דאָס טרויעריקע עלטער. איך ברענג דאָ, ווי אַ מוסטער, זיין ערשטן גרוס פון נערווי צו דער אָדעסער שרייבער־קאָלאָניע, וואָס ער האָט געשריבן אויף מענדעלעס אַדרעס:

נערווי (איטאַליע), ווילאַ בריאַנד.

6טן דעצעמבער, 1908.

ידידים אהובים, כולם ברורים, כולם גבורים, וכו' וכו', הארי שבחבורה רב מענדעלי זקננו, ביאליק, לעווינסקי ורבניצקי — שלום!

פון דעם בריפנשטעלער־כתב מיט די פּערלדיקע אותיות אַ לאַ אַבראַמאָוויטש זעט איר שוין אַרויס, אַז שלום־עליכם איז מער אויף דער וועלט, ווי אויף יענער וועלט. ניט פון טאָג צו טאָג, נאָר פון שעה

צו שעה פיל איך מיך אַלץ בעסער און בעסער. אין די עטלעכע וואָכן, וואָס איך בין דאָ, אין דעם פון גאָט־געבענטשטן נערווי, איז מיר צוגעקומען כמעט פיר קילאָ, צען פונט הייסט עס. צען פונט פליייש. זאָגט „קיין עין־הרע" און שפייט־אויס דריי מאָל און שטעלט מיר אַ פייג הינטער די אויגן... ווי אַ ייד אַ פּראַקטישער, וואָס האָט געטאָן אַמאָל עסק, ניט הײנט געדאַכט, האָב איך אונטערגעצויגן אַ רעכענונג, אַז אויב עס וועט אַזוי גיין ווייטער, וועלן מיינע געשעפטן זיך, אם ירצה השם, שטאַרק פאַרבעסערן. דער חשבון איז אויבנאויף, ווי אויף דער דאָלאָני: צען־פופצן פונט אַ חודש — האָט איר אַזוי גרויס ווי 180 פונט [אַ יאָר. — י. ד. ב.]. אַ פונט 150 האָב איך בלאָו־הכי געוווּיגן, האָבן מיר, הייסט דאָס, אַ קיימאַ־לן פון 330 פונט, אָדער 8 פּוד מיט 10 פונט. מיט אַזאַ וואָג וועל איך שוין פאַרשפּאָרן שרייבן אָדער פאָרלעזן מיינע מעשיות, נאָר גלאַט אַזוי באַווייזן זיך פאַרן פּובליקום. דאָס איז פיל גרינגער ווי שרייבן אָדער לייענען פאַר אַן עולם. און דאָס פּובליקום אַליין איז טאַקע אויך מער נייגעריק צו זען אַ גרויסן שרייבער, ווי איידער האָרכן אים לייענען. און ווער רעדט אַמעריקע — דאָרט קאָן מען שאַרן גאָלד. ס'איז שוין פאַרטיק ביי מיר אין קאָפּ אַפילו ווי אַזוי צו אַנאָנסירן:

!וואונדירים פון דער וועלט!

!קומט! זעהט! מאַסעגוווייז! און שטוינט!

!דער גרעסטער הומאָריסט אין דער וועלט!

— שלום־עליכם —

!וועגט דריי הונדערט דרייסיג פונט

...איינטריט 1 דאָלער...

!לאָזט ניט דורך

!דערצעהלט אַייערע פריינד

איצט לאָמיר אַקאָרשט געבן אַ כאַפּ אויפן קאָפּ, וויפיל קאָן מען פאַרדינען? ווען מיר זאָגן, אַז אויף דער גאַנצער וועלט האָבן מיר סך־הכל צען מיליאָן יידן. לאָמיר זיך ניט מאַכן קיין רייכן חשבון און זאָגן, אַז בלויז איינער פון הונדערט וועט וועלן אָנקוקן דעם גרעסטן הומאָריסט, — האָט איר ניט קיין הונדערט טויזנט דאָלער? מע פאַר־שפּאָרט שוין דעמאָלט אַרויסקוקן, אַז די „כנסת ישראל״ זאָל אונטער־טראָגן אַ מאַיאָנטעק. מע קאָן שוין קויפן אַליין צוויי מאַיאָנטקעס. איר קענט מיך, דאַכט מיר, ניט פון נעכטן און איר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין חלילה ניט קיין מענטש פון פאַנטאַזיעס, פי—פו—פאַ! איך האָב ליב, אַ חשבון זאָל מיר זיין גלאַט, ווי אַ טעלער, ס׳זאָל זיין, ווי זאָגט איר, בולט — און מיט אַזאַ חשבון קאָן מען שוין, מיט גאָטס הילף, איבער־לעבן אין איטאַליע ניט איין ווינטער... און ווייטער האָב איך אייך גאָרניט וואָס צו שרייבן, דאָס הייסט, האָבן האָב איך זייער אַ סך, נאָר מע לאָזט ניט! אַחוץ דעם דאָקטאָר, האָט מיך דער אויבערשטער געשטראָפט מיט בני־בית, וואָס היטן מיך אָפּ, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג (ניט גוט צו זיין אַ שוואַרצאַפּל פון אַן אויג!...), ציטערן איבער מיר, ווי איבער אַ גלעזערנער פּסחיקער כלי, לאָזן מיך ניט זיצן אָנגעבויגן איבערן טיש מער ווי אַ האַלבע שעה אין טאָג און טרייבן מיך אָדער אינדרויסן אויף דער זון, וואָס באָדט זיך גאַנצע טעג אין ים, אָדער איך זאָל גיין עסן. אוי, אָט דאָס עסן טרייבט מיך, שונאי־ציון, אין דער ערד אַריין! סע שפּאַרט מיך, הערט איר, ניט פאַר אייך געדאַכט, אונטערן לעפעלע, די נשמה שפּאַרט מיר אַרויס, און זיי ווייסן נאָר איינס: עסן! עסן! פון דעסטוועגן מיינט איר דאָך, אַז שרייבן שרייבט מען שוין גאָרניט? אַזויפיל מכות זאָלן זיך זעצן אונדזערע שונאים אויפן שפּיץ צונג און אַזויפיל טויזנטער זאָלן מיר אַלע פאַרמאָגן, וויפיל שורות איך האָב שוין אָנגעשריבן. אם ירצה השם, אינגיכן, וועט איר לייענען מיינס אַ קליין ביכעלע, און דווקא אין דריי לשונות געשריבן, יידיש און לשון־קודש און, להבדיל, רוסיש, און איך האָף, אַז איר וועט האָבן, דאַכט מיר, הנאה און איר וועט זאָגן, אַז שלום־עליכם בלייבט שלום־עליכם.

עיקר שכחתי: עס זאָל אייך ניט חידושן, וואָס איך בין ניטאָ אין די צייטונגען מיט מיין יישר־כוח פאַר דעם כבוד, וואָס מע האָט מיר אָנגעטאָן: איך האָב מיך שוין אַ פּאָר מאָל אַ נעם געטאָן צו דעם, קומען־אָן אַלע טאָג נייע מזל־טובס, בריוו, אַדרסים, דעפּעשן. — — —. אַנו, נעמט זיך אָן מיט כוח און לייגט אייך צונויף אַלע פיר אויף אַ מאַרקע און שרייבט אַריין אַמאָל אַ בריוול אייער בעסטן געטרייען פריינד

שלום־עליכם.

אין שלום־עליכמס קאָרעספּאָנדענץ פון יענעם ווינטער האָב איך אויך געהאַט אַ שטיקל חלק. אַחוץ וואָס איך האָב אָפט געשריבן פאַר אים די געשעפטלעכע בריוו, האָט ער מיר אין די קראַנקע טעג אָנגעטרויט אויך אַ טייל פון זיין פריינדשאַפטלעכער קאָרעספּאָנדענץ — דעם טייל, וואָס איז געגאַנגען אויף העברעאיש. ער האָט דאָס אָנגערופן, אַז ער שרייבט במסירת הקולמוס — דאָס הייסט, ער גיט מיר איבער די פען, איך זאָל פאַר אים שרייבן. איך האָב געהאַט די פולע פרייהייט צו שרייבן ווי אַזוי איך פאַרשטיי, און ער פלעגט זיך אונטער אַזעלכע בריוו גערן אונטערשרייבן, ווי אונטער זיינע אייגענע. ער פלעגט זיי נאָר צופוצן מיט זיינס אַ העברעאישן ווערטל, אָדער מיט אַ פאַרטיקן פסוק, און צייטנווייז אויך צושרייבן אַן אייגענעם „עיקר שכחתי". און אַזוי ווי די בריוו זענען געווען געשריבן אויף אַ שרייב־מאַשין, דאַרף זייער לייענער פאַרמאָגן אַ באַזונדערע פאַרשטענדעניש אין העברעאישער סטיליסטיק, אום ער זאָל קאָנען אונטערשיידן, וועלכע בריוו זענען געשריבן געוואָרן פון שלום־עליכמען אַליין, און וועלכע — פון מיר.

ווי אַזוי צו אונדז איז געקומען יענע יאָרן אין נערווי אַ יידישע שרייב־מאַשין —— דאָס איז אַ באַזונדערע געשיכטע. אויף שלום־עליכמס פאַרלאַנג האָב איך געבעטן דעם ניו־יאָרקער יובילעי־קאָמיטעט, מע זאָל פון דער קליינער איינקונפט, וואָס איז געבליבן פון דער יובילעי־פייערונג אין ניו־יאָרק, קויפן פאַר אים אַ יידישן „רעמינגטאָן" — וועט דאָס זיין אי שיין, אי נוצלעך. עס וועט הייסן, אַז די ניו־יאָרקער

יידישע שרייבער האָבן שלום־עליכמען געשיקט צו זיין יובילעי אַ מתנה, און שלום־עליכם וועט האָבן אַ שרייב־מאַשין, אויף וועלכער ער וועט קאָנען שרייבן ניט אײַנגעבויגענערהייט.

דער טאָג, ווען די שרייב־מאַשין איז אָנגעקומען קיין נערווי, איז פאַר שלום־עליכמען געווען אַן אמתער יום־טוב. ער האָט זיך געפילט מיט דער דאָזיקער מתנה ניט ווייניקער גליקלעך, ווי ווען מע זאָל אים אונטערטראָגן צו זיין יובילעי טאַקע אַ „מאַיאָנטעק". די צרה איז נאָר געווען, וואָס ניט שלום־עליכם, ניט איך — ביידע האָבן מיר ניט געוווּסט, ווי אַזוי מע טרעט־צו צו דער מאַשין, „מיט וואָס מע עסט דאָס". זענען מיר געפאָרן, איך און מיין פרוי, קיין גענואַ זוכן אַ מעכאַניקער, אַריינגעגאַנגען אין אַ גרויסן געשעפט פון שרייב־מאַשינען און זיך באַקענט דאָרט מיט דעם באַלעבאָס אַליין — אַ שיינער פריינדלעכער איטאַליענער מיט אַ זיידענער שוואַרצער באָרד. דער איטאַליענער האָט אונדז צוגעזאָגט שיקן איינעם פון זיינע מענטשן און פאַרן אָפּשייד געגעבן אונדז זיין קאַרטל, אויף וועלכן זיין נאָמען האָט געהייסן „עפראַטטי". עפראַטטי האָט געקלונגען באַקאַנט — עס האָט דערמאָנט אָן דעם העברעאישן אפרתי. האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז יאָ — זיין נאָמען איז אפרתי און ער איז אַ ייד. דערהערט, אַז מיר זענען אויך יידן, האָט ער אונדז פונדאָסניי געבעטן זיצן, און אַז ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די שרייב־מאַשין איז אַ יידישע, מיט העברעאישע אותיות, איז ער געווען העכסט־איבערראַשט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל די מאַשין זען מיט זיינע אויגן, און ער וועט שוין אַליין קומען אין נערווי אונדז וויזן, ווי אַזוי מע באַגייט זיך מיט איר.

אויף מאָרגן איז דער איטאַליענער אַראָפּגעקומען צו אונדז אַן אויסגעפּוצטער, אַ יום־טובדיקער, מיט אַ פאַרב אין די שיינע באַקן, ווי צו אַ וויכטיקער פּאַסירונג. אַז מע האָט פאַר אים אויפגעדעקט די יידישע שרייב־מאַשין, איז ער פאַר איר געשטאַנען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, ווי פאַר אַ רעליגיעזער הייליקייט. ער האָט געזאָגט, אַז ביז איצט האָט ער געגלייבט, אַז נאָר משה רבינו, שרייבנדיק די לוחות, האָט געברויכט דעם יידישן אלף־בית. שלום־עליכם האָט זיך געוווּנדערט: סטייטש,

ער איז גאָר קיינמאָל ניט געווען אין אַ סינאַגאָגע? האָט דער איטאַל־יענער געזאָגט, אַז צום באַדויערן איז ער ווייט פון די דאָזיקע זאַכן. עס קומט אים ניט אויס צו דערמאָנען זיך, אַז ער איז אַ ייד. ער ווייסט נאָר, אַז פרילינג־צייט פאַלט־אויס דער גרויסער יידישער יום־טוב, פאָרט ער דעמאָלט צו זיין אַלטער מוטער קיין רוים און עסט ביי איר צו דער יום־טובדיקער סעודה ווייסע יידישע פלעצלעך. היינטיקן פריי־לינג, אַז ער וועט זיין ביי דער מוטער, וועט ער שוין האָבן צו דערציילן פון דעם דאָזיקן ווונדער, וואָס ער זעט איצט פאַר די אויגן.

דערגאַנגען דעם סוד, ווי אַזוי מע שרייבט אויף אַ שרייב־מאַשין, האָט זיך שלום־עליכם צו איר צוגעזעצט און די ערשטע טעג גאָרניט געוואָלט פון איר אָפּטרעטן. ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן די רעגולאַציעס פון דעם דאָקטאָר און פלעגט אָפּט אָפּזיצן ביי דער מאַשין ביז אין אָונט אַריין. ס'איז געווען אַ זעלטענע פאַרוויילונג — עס האָט זיך ניט געשריבן, נאָר עס האָט זיך געדרוקט! ער האָט אויסגעזוכט ווו נאָר ער האָט געהאַט אַ פריינד און געהאַלטן אין איין „דרוקן" בריוו. איבער יעדן בריוו איז געגאַנגען פון אויבן אַ שורה מיט גרויסע שריפט, ווי אַ מין „מאָטאָ": „די שרייב־מאַשין איז אַ מתנה צו מיין יובילעאום פון די אַמעריקאַנער קאָלעגן"... ער איז אָבער גיך מיד געוואָרן. ער האָט ניט געהאַט קיין געדולד צו שרייבן אויף דער מאַשין אַזוי פינקטלעך און אויסדרוקספול, ווי ער איז געוווינט געווען מיט דער פען, און ער האָט געשריבן און געמעקט. ביסלעכווייז איז אים דערעסן געוואָרן צו האָבן צו טאָן מיט אַ טויטער מאַשין, עס האָט אים געצויגן צוריק צו זיין לעבעדיקן פליסיקן כתב, וואָס האָט אים סטימולירט צו אַ לעבעדיקן פליסיקן סטיל, — און די שרייב־מאַשין איז אינגאַנצן אַריבער אין מיין רשות. שלום־עליכם איז דערמיט געבליבן צופרידן: איך האָב אים צוגע־שטעלט פון זיינע נייע זאַכן ריין־איבערגעשריבענע קאָפּיעס, וועלכע ער האָט באַקוועם געקאָנט באַאַרבעטן פונדאָסניי און געבן מיר ווידער איבערצושרייבן אויף ריין. עס האָט זיך אַזוי אַיינגעשטעלט ביי אונדז אַן אמתער „וואַרשטאַט", מיט גוטע מאָדערנע אַיינריכטונגען, און דאָס האָט שלום־עליכמען באַזונדער אויפגעמונטערט צו דער אַרבעט.

14

און אַזוי איז ער געווען פאַרטאָן אין זיין שרייבן כמעט יעדן טאָג. אין שלעכטע טעג, ווען ער האָט זיך געפילט קראַנק און איז געווען געצוווּנגען צו זיין אין בעט, האָט ער געזוכט צו פאַרגעסן זיך אין דער אַרבעט, און אין גוטע טעג, ווען ער האָט געשפּאַצירט, אַ העל־געקליידטער און אַ גוט־געשטימטער, אויף דער „מאַרינע", אונטער דער ליכטיקער פריילעכער זון, — איז ער אַוודאי געווען אויפגעלייגט צו שרייבן. זיין שרייבן האָט איצט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון רואיקער, באַדאַכטער גייסטיקער קאָנצענטרירטקייט, אָן דער פריערדיקער נערוועזער יאָגעניש אונטער דער בייטש פון נויט. ער האָט איצט בכלל אויסגעזען אַיינגעשטילט און באַרואיקט — ער האָט געמאַכט דעם אַיינדרוק פון איינעם, וואָס רוט זיך ענדלעך אָפּ נאָך לאַנגע יאָרן פון מאַטעריעלער צערודערונג, פון זאָרג, פון נע־ונד זיין. ס'איז נאָר געווען טרויעריק צו טראַכטן דערביי, אַז אום צו דערלעבן איין מאָל אַ זיכערן רואיקן ווינטער, האָט ער פריער באַדאַרפט אָנהייבן שפּייען מיט בלוט.

צי האָט אים אַליין דער דאָזיקער געדאַנק אָפּט ניט געטאָטשעט? וויפיל מאָל, נאָך אַ ליכטיקן זוניקן טאָג פון גוטער שטימונג און פלייסיקער אַרבעט, פלעגן מיר הערן אין אָוונט פון זיין שלאָף־צימער, ווי ער וויינט אין בעט שטיל, מיט אַ האַרץ־נאָגנדיקן אומעט פון אַ קראַנקן באַליידיקטן קינד...

כ

## „מעצענאַטן"

צווישן די פֿאַרשיידענע בריוו, וואָס שלום־עליכם האָט יענעם ווינטער אין נערווי באַקומען פֿון פֿאַרשיידענע יידן, אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין יובילעי, איז געווען איינער, וואָס האָט אים אַ ביסל אויפגערודערט. דער בריוו איז געקומען פֿון אַ רייכן רוסישן יידן, אַן אייגנטימער פֿון נאַפט־קוואַלן אויף קאַווקאַז, מיטן נאָמען שמואל שרירא, וואָס האָט צו יענער צייט געוווינט אין דער שווייץ, אין דער אוניווערסיטעט־שטאָט לאָזאַן. דער נאָמען שרירא איז פֿאַר דער יידישער עפֿנטלעכקייט אין רוסלאַנד דעמאָלט ניט געווען פֿרעמד. מע פֿלעגט אים פֿון צייט צו צייט דערמאָנען אויף די יידישע בלעטער צוזאַמען מיט די נעמען פֿון די עטלעכע געציילטע טעריטאָריאַליסטן, וואָס זענען פֿאַרבליבן געטריי זייער אידייע און האָבן זיך געטוליעט צו זייער פֿירער איזראַעל זאַנגוויל. אויסער דעם, איז שרירא מיט אַ יאָר צוריק באַרימט געוואָרן אין דער רוסישער קאָלאָניע פֿון דער שווייץ דורך אַן עקספּראָפּריאַציע, וואָס רוסישע רעוואָליוציאָנערן האָבן אויף אים געמאַכט און ביי אים צוגענומען אַ היפּשע סומע געלט. זיצנדיק פֿאַריקן ווינטער אין זשענעווע, האָט שלום־עליכם שריראס נאָמען געהערט, נאָר פּערזענלעך האָט ער אים ניט געקענט. איצט האָט שרירא, אויף דער אָנווייזונג פֿון ד"ר משה ווייצמאַן, וואָס איז געווען דער פּאָרזיצער פֿון דעם זשענעווער שלום־עליכם יובילעי־קאָמיטעט, אַריינגעשיקט שלום־עליכמען אַ פֿיינע באַגריסונג און דערצו צוגעלייגט אַ יובילעי־מתנה צוויי הונדערט פֿראַנק.

די צוויי הונדערט פֿראַנק האָט שרירא אין זיין בריוו אויסגעטייטשט אויף אַן איידעלן אופֿן, אַז דאָס שיקט ער זיי שלום־עליכמען „בתורת הלוואה" — אַ מין גמילות־חסד הייסט עס. און פֿון דעם בריוו אַליין איז געווען דייטלעך צו זען, אַז שרירא איז ניט פֿון יענע ווייטע יידישע

גבירים, וואָס פאַרהאַלטן זיך צו יידישע אינטערעסן, און ווער רעדט צו יידישע קולטור־ענינים, פון אויבן אַראָפּ; אַדרבה, ער האָט זיך אַרויסבאַוויזן ווי אַן אייגענער מענטש, אַ „משלנו" — אַזאַ, וואָס איז גאָר אַ נאָענטער קרוב מיט די שוואַרצע פינטעלעך און איז שטאַרק אָנגעשמעקט מיטן ריח פון פאָלקסטימלעכער יידישקייט. דער בריוו איז געשריבן געווען אין אַ פיינעם קליינשטעטלדיקן ליטווישן יידיש, מיט „שינען" אַנשטאָט „סמכן" און מיט „סמכן" אַנשטאָט „שינען", און איז געווען פול ווי אַ מילגרוים מיט יידישער חכמה און יידישע ווערטלעך. נאָך מער: דער שרייבער פון דעם בריוו האָט זיך געפּלייסט צוצופּאַסן זיך צו שלום־עליכמס סטיל — דער בעסטער סימן, אַז ער איז שלום־עליכמס אַ באַהאַוונטער לייענער. קודם־כל, פאַרשטעלנדיק זיך פאַר שלום־עליכמען, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף מנחם־מענדלס אַדרעס, ווייל ער וויל זיך מיט אים אַן עצה האַלטן טאַקע וועגן זיך אַליין: ער האָט שוין אויף זיין לעבן געפּרוּווט דינען אַלע „עבודה־זרות", געווען אַ משכיל, אַ ציוניסט, אַ טעריטאָריאַליסט, נאָר קיין זאַך איז אים ניט צום האַרצן, קיין זאַך נעמט אים ניט — בכן, וואָס זאָל ער טאָן ווייטער? נאָכדעם, באַגריסנדיק שלום־עליכמען צו זיין יובילעי, האָט ער אים געגעבן אַן עצה: ער זאָל אויף ווייטער שרייבן זיינע ווערק פאַר גויים, ניט פאַר יידן, וועט ער בעסער מאַכן: ער וועט דעמאָלט באַקומען אַזעלכע האָנאָראַרן, ווי לעאָניד אַנדרעיעוו אָדער הערמאַן זודערמאַן באַקומען פאַר זייערע ווערק, — וואָרעם „וויפיל האָט איר באַקומען, ליבער שלום־עליכם, פאַר אייער „צעזייט און צעשפּרייט"?..."

יענעם פּרימאָרגן האָט זיך שלום־עליכם גראָד געפילט ניט־געזונט און איז פאַרבליבן אין בעט, און שריראַס בריוו איז פאַר אים געווען אַ שטיקל סענסאַציע, אַ קליינע אויפרודערונג אין דעם אומעטיקן, מאָנאָטאָנעם קראַנקן לעבן, וואָס אים איז אויסגעקומען צו פירן אין נערווי. די סענסאַציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער באַקאַנטער קאַווקאַזער מיליאָנער האָט זיך אומגעריכט אַנטפּלעקט ווי אַ ייד אַ תלמיד־חכם, וואָס האָט אַן אינטערעס פאַר דער יידישער ליטעראַטור און איז נאָך דערצו אַ ספּעציעלער למדן אין שלום־עליכמען גופא. איין חסרון איז

דאָ נאָר געווען: די „הלוואה" פון צוויי הונדערט פראַנק. שלום־עליכמען איז שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן די קליינע, קאַרגע השגה פון דעם יידישן גביר, וואָס האָט געוואָלט יוצא זיין קעגן אַ קראַנקן פאַרערטן שרייבער, אין דעם פייערלעכן מאָמענט פון זיין ליטעראַרישן יום־טוב, מיט אַזאַ מיזערנעם „מתן־בסתר" (אַ שטילע נדבה) — עס האָט פון דעם גאַנצן ענין געשמעקט מיט כתרילעווקער „מעצענאַטעריי"... ניט געקוקט אויף זיין אָפענער סקעפּטישער באַציאונג צו יידישע מעצענאַטן און ליטעראַטור־פאַרזאָרגער, האָט שלום־עליכם טיף אין האַרצן דאָך געגלייבט (אין יענע טעג — מער ווי אַלע מאָל), אַז ערגעצווו אין דעם פאָלק דאַרף זיך געפינען איינער אַ פאַרבאָרגענער חסיד זיינער, אַ מענטש מיט אַ ברייטער נשמה און מיט אַ פרייער האַנט, וואָס וועט זיך פלוצעם אָנצינדן מיט אמתן חסידישן פייער און וועט קומען אים באַדאַנקען פאַר אַלע ביטערע נויטן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין משך פון אַ לעבן, שאַפנדיק פרייד און געלעכטער פאַר זיין פאָלק. עס איז אים געגאַנגען ניט אַזוי אין דער פּשוטער מאַטעריעלער דערלייזונג, וואָס ער וואָלט דערפון געהאַט, ווי אין דער מאָראַלישער דערהייבונג, וואָס דאָס וואָלט געגעבן סיי אים אַליין, סיי דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור: זאָלן יידן אַ מאָל דערוויזן, אַז זיי האָבן אויך אַ לייטיש פּנים צווישן די פעלקער!... און אָט האָט זיך אָפּגערופן איינער, וואָס לויט זיינע כוחות און אייגנשאַפטן האָט ער לייכט געקאָנט זיין דער געגאַרטער יידישער מעצענאַט: אי ער איז רייך, אי ער האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנד פאַר אַזעלכע זאַכן — ער באַדויערט אַפילו די ביטערע מערכה פון יידישע שרייבער אין פאַרגלייך מיט זייערע גוייִשע חברים. האָט ער אָבער ניט אויסגעהאַלטן קיין כאַראַקטער: אַ מענטש, וואָס האָט זיך געקאָנט פאַרגינען אויסצושטיין אַן עקספּראָפּריאַציע פון היפּשע צענדליקער טויזנט פראַנק, האָט וועגן יידישע שרייבער אַזאַ טרויעריקע אָרעם־בחורשע פאָרשטעלונג...

— נו? וואָס ענטפערט מען, אַשטייגער, אַזאַ יידן? — האָט אונדז שלום־עליכם געפרעגט, האַלטנדיק פאַר זיך אין בעט שריראס בריוו.

דער ערשטער געדאַנק איז געווען, ער זאָל די צוויי הונדערט פראַנק

אָפּשיקן צוריק און פּיין באַדאַנקען דעם אומבאַקאַנטן בעל־צדקה פאַר זיין גוט האַרץ. ער האָט זיך אָבער באַרעכנט, אַז דערמיט וועט ער שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט זיין פריינד ד״ר ווייצמאַן, וואָס האָט זיך פאַר אים געמיט. איז ביי אים געבליבן, אַז ער וועט ענטפערן שריראן, האַלב אין ערנסט, האַלב אין שפּאַס, דורך מנחם־מענדלען (וואָס האָט, לויט זיינע לעצטע בריוו אינעם „פריינד״ צו שיינע־שיינדלען זיין ווייב, זיך גע־פונען אין אַמעריקע), און וועט אים דערביי אויף אַן איידעלן אופן עפּעס אַריינזאָגן... אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט זיך שלום־עליכם געעסקט אויף זיין בעט־שטענדערל מיטן ענטפער אויף שריראס בריוו, און אַז ער איז דערמיט פאַרטיק געוואָרן, איז דאָס געווען אַ גאַנץ ווערקל פון זיבן זייטלעך, געדיכט פאַרשריבן מיט אַ בליישטיפט, וואָס האָט זיך גע־לייענט אַזוי:

## אַ בריוו פון מנחם־מענדלען פון אַמעריקע צו אַ יידן וואָס הייסט שרירא אין לאָזאַן אין דער שווייץ

(געשריבן פון שלום־עליכם ליגנדיק אין בעט אין נערווי, איטאַליע).

נערווי, ווילאַ בריאַנד 3.
22טן נאָוועמבער, 1908.

לכבוד הגביר המפורסם החכם והמשכיל וכו׳ וכו׳ כמר שמואל שרירא נ״י.

ראשית באתי להודיעכם, אַז איך בין, ברוך השם, בקו החיים והשלום, אָדער ווי מע זאָגט דאָ „אָלרייט״, — גיב גאָט דאָס נעמליכע (זאָל גאָט היטן!) פון אַייך צו האָרכן מיט בשורות טובות ישועות ונחמות אויפן כל ישראל — אמן.

והשנית זייט וויסן, אַז אייער מכתב, וואָס איר האָט געשריבן צו מיין ידידי שלום־עליכם שיחיה, האָב איך איבערגעלייענט עטלעכע מאָל, און עס האָט מיר שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס אַזאַ מענטש ווי איר, אַ סוחר פון קאַווקאַז, פרעגט זיך נאָך אויף מיר, מנחם־מענדל, וואָס האָט געדרייט

אַמאָל אין יעהופּעץ אויף דער בערזע, היינט פּלאָנטעט ער זיך אַרום אינעם גאָלדענעם לאַנד אַמעריטשקע־גנב־אַקלאַג־צו־קאָלומבוסן! איר פרעגט, וואָס איך מאַך? ביזנעס מאַך איך, איך דריי, נאָר עס דרייט זיך צוריק, אַ מאָל אַרויף, אַ מאָל אַראָפּ, ווי געוויינטלעך, די וועלט איז אומעטום איין וועלט, ווי זאָגט מיין קרוב רב טביה (דער מילכיקער): הפנקס פתוח והיד כותבת — איז די טייטש: די וועלט איז אַ וואָגן און דער מענטש איז אַ פערד און מיינט, ער איז אַ חכם... איך זאָל אייך אָנהויבן דערציילן וואָס מיט מיר האָט זיך איבערגעטאָן אָט דאָ, אינעם געבענטשטן לאַנד פון קאָלומבוסן, וואָלט מיר ניט געסטייעט דער ים מיט טינט. איך פאַרלאָז מיך שוין אויף מיין פריינד רב שלום־עליכם, ער אַז ער וועט זיך נעמען צו דעם, וועט אויסקומען אָגיל ואשמח — אי קורץ, אי גוט. דער עיקר איז דאָך אָבער ניט דאָס. איר פרעגט ביי מיר אַן עצה, צו וואָס איר זאָלט זיך נעמען פאַר אַן אַרבעט נאָך אַלע אייערע טואַכצן מיט אַלע אייערע חלומות, השכלה, הערצעליזם, ציוניזם, טעריטאָריאַליזם, רעוואָלוציאָניזם וכדומה אַזעלכע שמאָכטעליאַקעס, — קאָן איך אייך, ליבער פריינד, זאָגן אַקוראַט און אָפּנטלעך מיט אייך זיך דורכרעדן, אָבער בתנאי, איר זאָלט קיין פּאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך רעד מיט אייך פּראָסט, אָן קונצן, טאַקע ווי אַ גוטער פריינד און ווי אַ מענטש אַ געשלאָגענער, וואָס איז דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום. קיין פילוסופיא וועל איך מיט אייך ניט שמועסן, מחמת איך בין ווייט דערפון און דער קאָפּ איז מיר ניט דערביי. קורצע דיבורים: וואָס זוכן מיר? עולם־הבא. יעדער וויל זיין חלק עולם־הבא לויט זיין שכל נאָך. אַלע ווילן מיר, מע זאָל פון אונדז רעדן, און ניט נאָר היינט, אַפילו מאָרגן, ווען מיר וועלן שוין מחילה זיין דאָרטן, זאָל אונדזער נאָמען האָבן אַ שטיקל קיום אויף דער וועלט, און אַגב זענען מיר דערמיט עפּעס מתקן אויך, טוען עמיצן אַ טובה, אַ גרויסע אָדער אַ קליינע — בקיצור, מיר ווילן לעבן ווי מענטשן און שטאַרבן ווי מענטשן, אַניט איז דאָך טאַקע ווידער אַ מאָל ווי מיין פריינדל טביה זאָגט: ומותר האָדם מן הבהמה — מיינט דער פּסוק: „סאָבאַקיע סאָבאַטשי סמערט..." איר ווייסט מן הסתם, ליבער פריינד, אַז ס'איז פאַראַן אויף

דער וועלט, ביי די אומות העולם, גוטע מענטשן מיט איידעלע כאַראַק־
טערן, מיט הויכע נשמות — די דאָזיקע מענטשן הייסן מעצענאַטן. ביי
אונדז, יידן, זענען אויך געווען אַ פּאָר מעצענאַטן, אַ וואַוועלבערג,
אַ פּאָזנאַנסקי. דער חסרון, וואָס אונדזערע מעצענאַטן זענען די כפּרה
נאָך גויים: מיינט איר, מחמת וואָס? מחמת עם־הארצות! איר, פּאַני
שרירא, זענט דאָך אָבער אַ תלמיד־חכם, אייך וואָלט, כלעבן, אָנגעשטאַנען
צו זיין אונדזער ערשטער יידישער מעצענאַט! אָט האָט איר אַייך אַ טואַכץ,
וואָס קאָן אַייך מאַכן אַ נאָמען פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן
עק. און טאָן דאַרפט איר אַזוי, נאָך מיין מיינונג געוויינטלעך,
דאָס הייסט, ווען איך זאָל זיין אויף אייער אָרט, וואָלט איך אַזוי
געטאָן: אַזוי ווי אונדזער פריינד שלום־עליכם איז אַ שטיקל בעל־
שמחה, אַ יובילאַר משטיינס געזאָגט, און די וועלט קאָכט אַזוי מיט זיין
יובילעי, אַלע בלעטער זענען פול, דעפּעשן, ברכות, אַדרעסן פון דער
גאָרער וועלט, עצות אַ סך, פּלאַנען אָן אַ שיעור, דער אַ פאָנד, דער
אַ מאַיאָנטעק, דער אַזוי אַ מתנה, אַ פאָלקס־מתנה, און די פאָלקס־
מתנה — דאָס איז, דאַכט מיר, דאָס וויכטיקסטע, וואָס די פאַרערער
האָבן אויפגעטאָן, דהיינו: זיי בילדן אַ פאָנד, אום אָפּצוקויפן ביי פאַר־
שיידענע פאַרלעגער אין וואַרשע דאָס רעכט אויף די שוין ערשינענע
ווערק פון שלום־עליכם (10 טאָמען) און אַוועקגעבן זיי דעם בעל־
היובל. קערט איר דאָך אַוודאי מיינען, אַז מע דאַרף דערצו קורחס
עשירות, תרפ״ט אלפים? האָט איר היינטיקס מאָל ניט געטראָפן —
אינגאַנצן וועט מען ברויכן דערצו אַ פיר אָדער פינף טויזנט קאַרבוצן,
אַ ביסל איז שוין דאָ, לערך אַ צענט־חלק, פעלט נאָך אַלזאָ אַזעלכע
צענטויזנט פרענקלעך, איז ווען איך זאָל זיין שרירא, וואָלט איך אַוועק־
געשריבן תיכף ומיד אַ בריוול צו די פּרעזידענטן ד״ר לעווין און אַבראַם
פּאָדלישעווסקי (לויט אַדרעסע: וואַרשע, לעשנאָ 34, דאָקטאָר לעווין) און
וואָלט זיך מיט זיי דורכגעשמועסט: „ברידערלעך, וויפיל פעלט אַייך
נאָך צו אייער פאָנד פון שלום־עליכמס ווערק? איך, אַ ייד שרירא,
וואָס קען ניט פערזענלעך אָט דעם שלום־עליכם, נאָר איך קען זיינע
ווערק, נעם אויף זיך דעם גאַנצן דיפערענץ און וויל, אַז מע זאָל דעם

קראַנקן בעל־היובל מהנה זיין וואָס גיכער וכו׳ וכו׳..." באַקומען פון דער שווייץ אַזאַ מין מכתב, וועט דער ד"ר לעווין באַלד צונויפרופן אַן אסיפה פונעם גאַנצן קאָמיטעט, אין וועלכן עס געפינען זיך אויך אַ פּאָר מיל־יאָנערלעך, און אויסגעהערט דעם אינהאַלט פון אָט דעם שריראַס בריוול, שפּרינגט־אויף דער עולם פון די בענקלעך און עס ווערט אַ טומל אין דער מחנה ישראל, אַ געפילדער אין אַלע צייטונגען: שמע ישראל! אַ יידישער מעצענאַט!... און דער קול קייקלט זיך אַריבער פון לאַנד צו לאַנד און דערגרייכט אַזש אַהער, צו אונדז קיין אַמעריקע, און דער בום ווערט אַזוי גרויס, אַז ער פאַרהילכט דעם רעש פון דעם עלעקשאַן מיט רוזוועלטן און מיט טאַפטן און מיט אַלע איבעריקע, שדים ווייסן זיי! — מיינט נאָר נישט, ליבער שרירא, אַז דאָס שרייב איך אייך בדרך הלצה. ערשטנס, בין איך ניט קיין מענטש פון פּראָוועז ליצנות. והשנית, ווייס איך, וויפיל בלוט עס קאָסט אונדזער פריינד שלום־עליכם, וואָס האָט געמוזט פאַר אַ נזיד עדשים פאַרקויפן זיינע בעסטע שריי־באַכצן צו פאַרשיידענע פאַרלעגער, און איצט איז דער מאָמענט, וואָס זיי זענען געצוווּנגען פאַר אַ געוויסן פּראָפּיט אָוועקצוגעבן זיי צוריק מיט הכל־בכל צו שלום־עליכמען. איך קאָן אייך פאַרזיכערן בהן שלי, אַז אין דעם ענין פון פדיון שבויים, פון אָפּקויפן צוריק די 10 ביכער, איז פאַר אונדזער שלום־עליכמען אַ לעבנס־פראַגע. ניט נאָר דעם גוף — די נשמה קויפט ער אויס פון גלות און ער ווערט אַ נייגעבוירענער מענטש, אָפּגעפרישט און געזונט און חדש ימינו כקדם! — אָט אַזוי, פעטערל, שטייט דער ענין, און איך בעט אייך מחילה, טאָמער האָב איך אייך מיט דעם חלילה באַליידיקט, אַ קשיה אויף אַ מעשה, און דער עיקר, איר זאָלט מיר ענטפערן תיכף ומיד אויף שלום־עליכמס אַדרעס, ניט אַראָפּשלינגען מיין עצה און ניט ענטפערן, ווי אַנדערע, אַז איר האַלט ניט פון עברי־טייטש־לשון: שוין גלייכער איר זאָלט זאָגן אַ פּראָסטן אמת: איך וויל ניט!... און ווייטער קאָן איך אייך זאָגן, אַז אייער בריוו האָט שטאַרק אויסגענומען הן ביי מיר, הן ביי שלום־עליכמען: איך בין ניט קיין מענטש פון קאָמפּלימענטן, נאָר איר שרייבט מעשה שרייבער, גאָרניט ווי אַ געוויינלעכער סוחר... און

זייט מיר געזונט און מאַכט גוטע עסקים. אַמאָל, געדענק איך, האָט דאָס אויף קאַווקאַז שטאַרק געשפּריצט מיט נעפט; איצטער בין איך אָפּגעריסן, ווייס איך ניט. הלוואי גאָט זאָל אײַך געבן טאַקע גוטע געשעפטן מיט אַ גוטן ווילן צו אויפטאָן עפּעס פאַר די, וואָס האָבן כמעט זייער לעבן מפקיר געווען צוליב זאַכן, וואָס קערן זיך אָן מיט דער נשמה.

ממני ידידכם דו"ש והצלחתכם,

מנחם־מענדל פון יעהופּעץ, היינט אין אַמעריקע.

**עיקר שכחתי:** דאָס וואָס איר שרייבט אין אייער „עיקר שכחתי" וועגן אַ הלוואה, וואָס דער דאָקטאָר ווייצמאַן האָט אײַך אָנגעמוט פאַר שלום־עליכמען, ווייס איך ניט, ווו איז דאָ אַרויס דער טעות, נאָר אַז ס'איז אַרויס אַ טעות — דאָס איז געוויס, און נאָך אַ מיאוסער טעות דערצו. עס פעלט דאָרטן אין דער סומע אַ נול. ווייס איך ניט, צי ביי ווייצמאַנען איז אַרויסגעפאַלן די נול, צי ביי אײַך במחילת כבודכם האָט זיך, ביז דער פאָסט גייענדיק, אַרויסגעקויקלט אַ נול, צי די פּאָסט גופא האָט געהאַט אַזאַ גראָבן טעות? אפשר קאָנט איר מיר מסביר זיין די געשיכטע מיט דער נול, וועלן מיר אײַך געבן אַ יישר־כוח פאַר אייער טרחה. דער עיקר, איר זאָלט ניט ווערן אָנגעשטויסן און חלילה ניט מאַכן אַ שווייג, ווי אַנדערע נגידים, אַז מע הייבט־אָן צו שמועסן מיט זיי וועגן אַכצן און דרייצן. זייט בעסער אַ גוטער ברודער, ווי עס זאָגט מיר דאָס האַרץ אויף אײַך, וועט זיין גימל!

הנ"ל

**נאָך איין עיקר שכחתי:** מיינט ניט פון דעסטוועגן, אַז מיר זענען אַזעלכע כפויי טובה. וואָס איז שייך? מיר פאַרשטייען ניט, וואָס הייסט אַ גמילות־חסד? גלייבט מיר, ליבער פריינד, ווען ס'זאָל אַפילו געווען אַרויספליען נאָך אַ נול, וואָלטן מיר אויך גאָרנישט זאָגן: נישט מער, ס'איז געקומען צו רייד, רעדט מען. ווי זאָגט איר, אַ וואָרט קאָסט קיין געלט ניט. שרייבט זשע וואָס גיכער תשובה און זייט נאָך אַ מאָל געזונט. און אַ דאַנק אײַך, און לאָזט גריסן.

הנ"ל

מנחם־מענדלס בריוו האָט אין זיך געהאַט אַלערליי טעמים, און שלום־עליכם איז מיט אים געבליבן צופרידן, ווי מיט אַ געלונגענעם שטיקל אַרבעט: ער האָט שריראַן אויף אַ שפּילעוודיקן אופן צוגעדריקט צו דער וואַנט. ס'איז געווען טשיקאַווע, וואָס וועט ער דערויף ענטפערן? מסתמא וועט ער גאָרניט ענטפערן. ער וועט געוויס ניט ענטפערן! און אפשר? אַ קשיה אויף אַ מעשה?...

שרירא האָט אויף דעם בריוו דווקא יאָ געענטפערט. ניט שלום־עליכמען, פאַרשטייט זיך, נאָר מנחם־מענדלען. ער האָט זיך געפילט אַ ביסל אומבאַקוועם מחמת דעם ערנסטן ענין פון „אַכצן און דרייצן“, וואָס איז געווען אַזוי בולט אײַנגעוויקלט אין שלום־עליכמס שפּאַס; ער האָט זיך אָבער פון דער אומבאַקוועמער לאַגע סוחריש אַרויסגעמאַכט מיט ווערטלעך, טאַקע אין מנחם־מענדלס טאָן. ער האָט געהאַט אַ טענה צו מנחם־מענדלען, למאַי יענער האָט אים פאַרגליכן מיט דעם באַוווּסטן געשמדטן באַנקיר וואַוועלבערג: „ווי קומט עס צו אײַך, — האָט ער געטענהט, — איר זאָלט ניט שרייבן „להבדיל“? וואַוועלבערג איז דאָך אַ גוי אַ משומד, און איך בין, גאָט צו דאַנקען, אַ ייד. און אַ להבדיל איז פאַראַן גאָר אַ גרויסער צווישן אונדז: איך דאַרף האָבן געלט, און וואַוועלבערג, להבדיל, האָט אַ סך געלט“...

פאַראײַנוועגס האָט שרירא צו זײַן ענטפער שוין צוגעלייגט אויך אַ ליטעראַריש ווערק: אַ לאַנגן בריוו פון מנחם־מענדלס ווײַב שיינה־שיינדל צו דער מאַדאַם שרירא. שיינה־שיינדל קלאָגט זיך פאַר דער מאַדאַם שרירא אויף שלום־עליכמען, אַז ער האָט זי געקוילעט אָן אַ מע־סער, דערמיט, וואָס ער האָט זי אַזוי פּאָפּולער געמאַכט אויף דער וועלט. וווּהין זי קומט, אַפילו אין אַמעריקע, לאָזט מען זי אַ גאַס ניט דורכגיין. אַלע טייטן אויף איר מיט די פינגער: אָט איז זי, אָט גייט זי, די באַרימטע שיינה־שיינדל, די פלוניתטע פון דעם באַרימטן שלים־מזל מנחם־מענדל!...

אויף אַזאַ מין ענטפער האָט זיך שלום־עליכם שוין גאָרניט געריכט. איבערגעלייענט דעם היפּשן פּאַקעט פון שריראַן, האָט ער זיך שטאַרק צעלאַכט:

— ווו מעצענאַט? ווער מעצענאַט? ער איז גאָר נעבאַך אַליין אַ שרייבער!...

דער סוף איז אָבער געווען, אַז שרירא איז פּאָרט געוואָרן שלום־עליכמס „מעצענאַט”. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אַז שלום־עליכם האָט זיך ווידער באַזעצט אין דער שווייץ, האָט אים שרירא אַריינגעשריבן אַ בריוו, אַז ער וויל זיך מיט אים באַקענען. פון דער באַקאַנטשאַפט איז אויסגעוואַקסן אַ גוט־פריינדשאַפט, און שרירא האָט זיך אונטער־גענומען אַרויסצוגעבן שלום־עליכמס לעבנסגעשיכטע. נאָר דאָס איז שוין אַ באַזונדער ענין פאַר זיך, וואָס וועט דערציילט ווערן אין זיין צייט אין די שפּעטערדיקע קאַפּיטלען.

## כא
## „פדיון־שבוּיִים"

די אַרבעט, וואָס דער וואַרשעווער שלום־עליכם יובילעי־קאָמיטעט האָט אויף זיך גענומען, אויסצוקויפן שלום־עליכמס ווערק פון די פאַר־שיידענע פאַרלעגער און זיי אַוועקגעבן אים אַלס פאָלקס־מתנה, איז צוגעגאַנגען שווערלעך און האָט זיך פאַרצויגן ביז פרילינג 1909. די שוועריקייט איז געלעגן ניט אינעם שאַפן די נייטיקע סומען פאַר דעם דאָזיקן צוועק, נאָר אין די פאַרהאַנדלונגען מיט די פאַרלעגער, וואָס האָבן געהאַט זייער ווייניק חשק אַרויסצולאָזן פונעם מויל אַזאַ געשמאַקן ביסן. דערהויפּט האָט זיך דאָס זיי ניט געלוינט איצט, אין דער צייט פון שלום־עליכמס ליטעראַרישן יום־טוב, ווען דער נאָכפרעג אויף זיינע ביכער איז געוואָרן באַזונדער לעבעדיק. לכבוד שלום־עליכמס יובילעי האָבן די וואַרשעווער פאַרלעגער באַקומען גאָר נייע אַפּעטיטן. יעקב לידסקי, וואָס האָט מיט אַ יאָר צוריק אין בערלין געקויפט ביי שלום־עליכמען אַ מציאה, פופציק דרוק־בויגן פאַר צען רובל פונעם בויגן, — האָט זיי איצט אַרויסגעגעבן פאַר איין מאָל אין דריי בענדער, דווקא אַלס „יובילעאום־אויסגאַבע", און לויט ווי ס'איז צו אונדז דערגאַנגען פון וואַרשע, איז די ערשטע אויפלאַגע גלייך פאַרצוקערט געוואָרן. און מ. קרינסקי, וואָס האָט שוין פיר יאָר היפּשלעך געזויגן פון שלום־עליכמס קליינע ביכלעך, האָט זיך איצט מיישב געווען און אַרויסגעלאָזט אויפן מאַרק נייע דריי נומערן פון שלום־עליכמס מעשיות. און אויב די פאַרלעגער מיט קאָנטראַקטן האָבן אויסגענוצט שלום־עליכמס יובילעי פאַר זייערע סוחרישע צוועקן אָפן, אויף אַ „כשרן" וועג, האָבן די פאַר־לעגער אָן קאָנטראַקטן (די לייט פון „תושיה" און „אונזער לעבען") דאָס אייגענע געטאָן באַהאַלטענערהייט, ווי מע טוט מיט אַ טייערן, נאָר טריפהן קאָנטראַבאַנדע־אַרטיקל.

צווישן די פיר וואַרשעווער קאָמיטעט־לייט איז געווען נאָר איין יעקב דינעזאָן, וואָס האָט גוט געקענט די יידישע פאַרלעגער מיט זייערע פרייע מעטאָדן, וועלכע זיי ווענדן־אָן צו יידישע מחברים. די איבעריקע דריי, ד״ר גרשון לעווין, אברהם פּאָדלישעווסקי און נח פּינקעלשטיין, מענטשן ווייטע פונעם דאָזיקן פאַך, האָבן זיך שוואַך אָריענטירט אין דעם פּלאָנטער פון שלום־עליכמס געשעפטן מיט זיינע פאַרלעגער — מיט די „כשרע״ אַזוי גוט ווי מיט די „טריפע״. דערהויפּט איז שווער געווען צו קומען צו אַ טאָלק מיט די „טריפע״ — מיט יענע, וואָס האָבן אויף אַן אומפאַרשעמטן אופן פאַרכאַפּט שלום־עליכמס האָרעוואַניע, ווי פון הפקר. וויבאַלד קיין קויף־קאָנטראַקטן זענען מיט די דאָזיקע פאַר־לעגער ניט געמאַכט געוואָרן, איז דאָך ניט שייך געווען צו פאָדערן פון זיי חשבונות. אַדרבה, לויט זייערע רייד איז גאָר אויסגעקומען, אַז זיי זענען די געקריוודעטע, די אומזיסט־באַליידיקטע, און אויב עס וועט האַלטן ביי עפּעס, וועט נאָך זיי אַרויסקומען אויסגאַב... אַן אָפּקלאַנג פון די פאַרהאַנדלונגען איז דערגאַנגען אויך צו שלום־עליכמען אין נערווי, און ער האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת־נפש. ער פלעגט נאָך יעדן בריוו פון וואַרשע פשוט קראַנק ווערן. ער איז געוואָרן פּעסימיסטיש געשטימט און האָט שוין גאָרניט געגלייבט, אַז ער וועט אַמאָל באַפרייט ווערן פון „געפאַנגענשאַפט״, אין וועלכער די וואַרשעווער פאַרלעגער האָבן אים געהאַלטן.

דער גאַנצער ענין האָט ביי אים איצט באַקומען די שאַרפקייט פון אַ לעבנספראַגע פאַר די נאָענטע טעג. ער האָט גוט געוווּסט, אַז אייביק וועט ער קיין „יובילאַר״ ניט קאָנען בלייבן, און גאָר גיך וועט זיך אויסשעפּן דער דאָזיקער „יום־טובדיקער״ קוואַל, וואָס האָט אים טיף אין האַרצן קיין גרויס פאַרגעניגן סיי ווי ניט פאַרשאַפט (ער האָט שוין איינמאָל געהאַט איבערגעלייענט אין אַ יידישער צייטונג וועגן נדבות, וואָס זענען אַריינגעקומען לכבוד דעם קראַנקן יובילאַר). דערווייל איז נאָך געווען מיט וואָס צו פאַרענדיקן דעם ווינטער־סעזאָן אין נערווי. עס זענען נאָך פאָרגעקומען פאַרשפּעטיקטע יובילעי־פייערונגען אין ווייטע ווינקלען פון אַמעריקע און דרום־אַפריקע. אויך דער קיעווער יובילעי־

קאַמיטעט, וואָס האָט אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו בויען פאַר אים אַ ווילע אין ארץ־ישראל (מחמת די האַלב־פּרימיטיווע באַדינגונגען, וואָס האָבן דעמאָלט דאָרט געהערשט), האָט באַשטימט דעם געזאַמלטן פאָנד אים אָוועקצוגעבן פאַר זיינע באַלדיקע באַדערפענישן. דאָס זענען אָבער אַלץ געווען צייטווייליקע מיטלען, וואָס האָבן אויף לאַנג ניט געקאָנט קלעקן. פאַרלאָזן זיך, ווידער, אויף זיין ליטעראַרישער אַרבעט אין די צייטונגען האָט ער ניט געטאָרט. אַחוץ, וואָס די אַרבעט איז גאַנץ אָפט געשטערט געוואָרן דורך זיין קראַנקן צושטאַנד, זענען די מאַטעריעלע רעזולטאַטן געווען זייער מאָגערע. די אַמעריקאַנער צייטונגען האָבן זיך נאָך אַלץ געהאַלטן ביי זייערע קאַרגע האָנאָראַרן, וואָס זיי האָבן אים געצאָלט פון דער שורה, און דער ווידער־אויפגעלעבטער פּעטערבורגער „פריינד" האָט אַליין געפירט אַ געמוטשעטע לעבן. אַ שטיקל אַרויסקוק איז געווען אויף ספּעקטאָרן: מ. ספּעקטאָר, וואָס איז יענע טעג מיאוס אַרויסגעשטופּט געוואָרן דורך זיינע שותפים פון דעם וואַרשעווער „אונזער לעבען", האָט געגעבן אָנצוהערעניש אין זיינע בריוו צו שלום־עליכמען, אַז עס „פּיקט זיך" ביי אים אין וואַרשע אַ נייע יידישע צייטונג, און אַזוי ווי ער קלייבט זיך פאָרן קיין בערלין, וועט ער פאַראיינוועגס זיך אַראָפּ־כאַפּן צו אים קיין איטאַליע ספּעציעל צוליב די נייע גרויסע פּלענער. דאָס זענען אָבער דערווייל געווען נאָר חלומות — דערצו אַזעלכע חלומות, אין וועלכע שלום־עליכם האָט ניט אַזוי שטאַרק געגלייבט, נאָכ־דעם ווי ער איז דורך דעם זעלבן ספּעקטאָרן אַריינגעצויגן געוואָרן אין „אונזער לעבען" און איז פון זיינע שותפים אין יענער צייטונג אַזוי ברוטאַל עקספּלואַטירט געוואָרן.

די איינציקע רעאַלע זאַך, וואָס האָט אים געקאָנט שאַפן אַ גע־זיכערטן אָנהאַלט פאַר די צוקונפטיקע טעג, איז פאָרט געווען די אויס־גאַבע פון זיינע ווערק, און דער פאַרדראָס איז איצט געוואָרן נאָך שאַרפער, וואָס ווילד־פרעמדע מענטשן באַנוצן זיך מיט זיין יובילעי, אום אויסצוזייגן פון זיין לעבנס־אַרבעט וואָס מער זאַפט, אין דער צייט, וואָס ער אַליין דאַרף קראַנקערהייט אָנקומען צו קצבה־געלט. וועגן דער דאָזיקער הימלשרייענדיקער עוולה זענען געלאָפן בריוו פון נערווי

קיין וואַרשע און פון וואַרשע קיין נערווי, ביז די וואַרשעווער קאָמיטעט־לייט האָבן באַשלאָסן, אַז פּרווי שלום־עליכם מוז אַליין קומען קיין וואַרשע און העלפן זיי מאַכן אַ סוף צו דעם מיאוסן ענין.

מיט פּרווי שלום־עליכמס קומען קיין וואַרשע איז דער ענין אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן געבראַכט געוואָרן צו אַ טאָלק. לויט ווי ד"ר גרשון לעווין דערציילט אין זיינע זכרונות, איז נאָר אַ דאַנק איר ענערגיע און אומדערמידלעכער אַרבעט שלום־עליכם ענדלעך באַפרייט געוואָרן פון זיינע פאַרלעגער. דער ערשטער, וואָס האָט אָן באַזונדערע טענות אָפּגעטראָטן זיין רעכט אויף שלום־עליכמס ווערק, איז געווען יעקב לידסקי, דער אייגנטימער פונעם פאַרלאַג „פּראָגרעס". ער האָט נאָר פאַרלאַנגט, מע זאָל אים פאַרן זכות געהעריק באַלוינען. ווי אַן ערלעכער פּראָסטאַק, האָט ער זיך אָפן מודה געווען, אַז ער האָט אָן שלום־עליכמען היפּש פאַרדינט, און אַז ער לאָזט אַרויס פון זיינע הענט אַ פאַרמעגן... דער קאָמיטעט האָט אים באַצאָלט, פאַר זיין רעכט און פאַר די פאַרטיקע סטערעאָטיפּן (פּלעיטס) און געדרוקטע ביכער, קאַרגע 3,000 רובל (אַקעגן די 500, וואָס ער האָט באַצאָלט שלום־עליכמען!). דערפאַר האָבן זיך שטאַרק געקנייטשט די אַנדערע פאַרלעגער — דווקא די, וואָס האָבן שלום־עליכמס ווערק געהאַלטן אומזיסט, ווי פשוטע גזילה. זיי האָבן אָבער געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן משפט. אין דער אָנ־וועזנהייט פון פּרווי שלום־עליכם, וואָס האָט אויפגעדעקט פאַרן קאָמיטעט דעם גאַנצן אמת, זענען זיי געבליבן אָן לשון. די קאָמיטעט־לייט האָבן געשטוינט פון די אומגעהערטע מעשים, וואָס די דאָזיקע פאַרלעגער האָבן אָפּגעטאָן מיט איינעם פון די גרעסטע יידישע שרייבער. דערהויפּט איז געווען אויפגעבראַכט פּאָדלישעווסקי, אַליין אַ סוחר פון גרויסן שניט. ער האָט ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי מענטשן, וואָס האַנדלען מיט אַזאַ געהויבענעם אַרטיקל, ווי ביכער, זאָלן באַטרייבן אַזעלכע נידעריקע געשעפט־מעטאָדן, וואָס שמעקן מיט עכטער רויבעריי. דער סוף איז געווען, אַז די אויסגעמוסרטע פאַרלעגער האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל און האָבן נאָכגעגעבן. דער קאָמיטעט האָט זיי גע־קנסעט, אַוועקגענומען ביי זיי אָן געצאָלט די סטערעאָטיפּן און זיי נאָר

באַצאָלט פאַר די פּאַרטיקע עקזעמפּלאַרן. און כדי עס זאָלן ניט אָנגיין קיין ווייטערע שווינדלערייען, האָט מען די אויסגעקויפטע עקזעמפּלאַרן באַזונדער געשטעמפּלט. די אַרבעט פון שטעמפּלען די טויזנטער ביכער איז, פאַרשטייט זיך, דורכגעפירט געוואָרן דורך דעם איבערגעגעבענעם יעקב דינעזאָן, וועלכער איז געווען העכסט גליקלעך דערמיט, וואָס ער האָט ענדלעך שלום־עליכמען באַפרייט פון געפּאַנגענשאַפט.

נאָר איין פאַרלעגער האָט זיך פאַרעקשנט און בשום אופן שלום־עליכמען ניט געוואָלט באַפרייען. דאָס איז געווען מ. קרינסקי, דער אַרויסגעבער פון די קליינע העפטלעך „ביכער פאַר אַלע". אַליין איז קרינסקי געווען ניט אַזאַ גרויסער בעל־דברן. אַחוץ דעם דייטשמערישן „זאָ", האָט מען פון אים זעלטן געהערט אַ לעבעדיק וואָרט. ער האָט אָבער געהאַט אַ ווייב, האָט ער דעם גאַנצן ענין איבערגעגעבן אין זיין ווייבס הענט. און יענע האָט געטענהט, אַז וויבאַלד איר מאַן האָט אָפּ־געקויפט שלום־עליכמס ווערק — איז פאַרפאַלן. ער האָט דערויף אַ גע־זונטן קאָנטראַקט. אַי, אין דעם קאָנטראַקט שטייט בפירוש געשריבן, אַז שלום־עליכם דאַרף באַקומען אויף זיין חלק אַ טייל פון דעם פּראָ־פיט — זאָל מען פריער דערווייזן, אַז די ביכלעך האָבן געבראַכט פּראָפיט. איר מאַן קאָן דערווייזן פאַרקערט, אַז שלום־עליכמס ביכלעך האָבן קיין פּראָפיט ניט געבראַכט — און זאָל מען אים רופן קנאַקניסל!... עס האָבן ניט געהאָלפן קיין רייד, ניט מיט גוטן, ניט מיט בייזן. די זאַך איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַפילו דער ווייכער און געדולדיקער יעקב דינעזאָן, וואָס איז נאָך דערצו געווען אַ זעלטענער דאַמען־קאַוואַליער מיט עכטע ריטערלעכע מאַניערן, איז אַרויס פון די כלים און האָט אין זיינע לאַנגע בריוו צו שלום־עליכמען אויסגעגאָסן אַ סך ביטערן סאַר־קאַזם אויפן חשבון פון קרינסקיס „אשת חיל".

פרוי שלום־עליכם האָט דורכגעפירט אין וואַרשע, מיט דער הילף פון דעם יובילעי־קאָמיטעט, נאָך אַ וויכטיקע זאַך: זי האָט איבערגעגעבן דעם הויפּט־פאַרקויף פון שלום־עליכמס אויסגעלייזטע ווערק צו יעקב לידסקי, וועלכער האָט גאַראַנטירט די נייע אונטערנעמונג אויפן ערשטן יאָר מיט צווייהונדערט רובל מאָנאַטלעך. און אַזוי ווי עס איז געווען

צו דערוואַרטן, אַז די יובילעי־אויסגאַבע וועט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער צעוואַקסן דורך ניי־אַרויסגעגעבענע בענדער, און אין די קומענדיקע יאָרן וועט די גאַראַנטירטע סומע שטייגן אַלץ העכער, — האָט דאָס געהייסן, אַז שלום־עליכמס עקזיסטענץ איז פון היינט־אָן און ווייטער געזיכערט כאָטש מיט אַ מינימום. די השגחה איבער דעם גאַנצן געשעפט האָט אויף זיך גענומען יעקב דינעזאָן, און אויך די מאַטריצן פון שלום־עליכמס ביכער זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דינעזאָנס איינצימער־דיקער וווינונג אויף דער דזיעלנע־גאַס און זענען פאַרפאַקט געוואָרן אין זיין פינצטערן אַלקאָוו, וואָס האָט געדינט ווי אַ שאַץ־קאַמער פאַר דעם פאַרמעגן פון אַ סך יידישע שרייבער.

אַז די דאָזיקע גוטע ידיעה איז אונדז אָנגעקומען קיין נערווי טעלע־גראַפיש, איז ביי שלום־עליכמען געוואָרן אמתער יום־טוב. איך האָב אים שוין לאַנג ניט געזען אין אַזאַ פריילעכער, ליכטיקער שטימונג. ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן זיין קראַנקייט (וואָס האָט זיך יענע טעג, מחמת גרויס אויפרעגונג, געהאַט פאַרערגערט, אַזוי אַז ער האָט ווידער אָנגעהויבן הוסטן מיט בלוט) און האָט זיך אַוועקגעזעצט שרייבן בריוו צו אַלע זיינע פריינד, יעדן באַזונדער אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז ער איז אַ פרייער מענטש — מע האָט אויסגעקויפט פון פרעמדע הענט זיין גוף און זיין נשמה אינאיינעם! ער האָט געהאַלטן פאַר אַ הייליקן חוב מפרסם צו זיין דעם גוטן אויפטו פון דעם וואַרשעווער יובילעי־קאָמיטעט, כדי די וועלט זאָל וויסן, אַז יידן האָבן שלום־עליכמען צו זיין יובילעי באַהאַנדלט גאָר פיין, טאַקע ווי עס פירט זיך ביי לייטישע פעל־קער. עס איז פאַר אים געווען אַ גרויסע פרייד — ער האָט ענדלעך באַקומען זיין לוין און ממשותדיקע אָנערקענונג דירעקט פון דעם פאָלקס הענט!...

און אַז פרוי שלום־עליכם איז צוריקגעקומען פון וואַרשע מיטן גע־חתמעטן קאָנטראַקט פון לידסקין און מיט מתנות פון דינעזאָנען, — שרייב־פאַפיר פאַר שלום־עליכמען און אַ פונט גוטן טיי וויסאָצקיס — האָט שלום־עליכם אָנגעשריבן דינעזאָנען אַ צערטלעכן בריוו, צוגעפאַסט צו דינעזאָנס סטיל און צו זיין ווייבלעכער סענטימענטאַלער נאַטור:

נערווי, 27טן מערץ, 1909.

טייערער, גוטער, ליבער יעקב דינעזאָן!

האָט איר דערקענט דאָס פּאַפּיר? ס'איז אייערס. פאַראַן, ברוך השם, אין איטאַליע אויך פּאַפּיר. דינעזאָנס פּאַפּיר איז אָבער ניט דאָס. פאַראַן אויך טיי אין איטאַליע. פאַר געלט קריגט מען אַלץ. דינעזאָנס טיי האָט אָבער גאָר אַן אַנדער טעם. מיר האָבן שוין נעכטן דינעזאָנס טיי, מיט אַלע קינדער אַרום טיש, געטרונקען. די קליינע תמרה איז אויך געווען. זי קען נאָך ניט דעם דיאַדיאַ [פעטער] דינעזאָן. זי וועט אָבער גיך וויסן, אַז ס'איז דאָ ערגעץ אין אַ שטאָט וואַרשע, אויף דער גאַס דזיעלנע, אַ קלייניגקער, אַ דאַרינקער, אַ ווייסלעכער, מיט קליינע, נאָר ריינע הענטלעך, מיט אַ קליין ווייסלעך בערדעלע, — געווען אַמאָל רויטלעך, — מיט גוטינקע, שטענדיק שמייכלענדיקע, אַפילו בעת ער וויינט, אויגעלעך, שטענדיק ריין, תמיד טשעפּקע אָנגעטאָן, די קלייניגקע שטיוועלעך גלאַנצן, פּאַפּיראָסיקלעך רויכערט ער אייגענע, מיט די קליינע פינגערלעך גע־דרייטע, טיי טרינקט ער אייגענע, אַליין פון זיין טשאַיניקל פּאַרקאַכטע, און אויף דעם שטענדיק אַלצאיינעם בענקל זיצט ער, ביים טיש, וווּ עס ליגן פאַרבאָרגן, מיט אַ זעלטענער אָרדענונג, תמיד פרעמדע סודות, פרעמדע צרות, פרעמדע ווייטאָגן, אין וועלכע ער האָט אַ שטיק פון זיין אומגעוויינלעכן גרויסן האַרץ אַוועקגעגעבן — און הייסן הייסט דער דאָזיקער גוטער דיאַדיאַ: דיאַדיאַ דינעזאָן... פון דעם דאַרפט איר פאַר־שטיין, אַז מיר האָבן איצט אַ גאַסט — איר ווייסט שוין, ווער דער גאַסט איז. איך זאָל אייך, למשל, וועלן אַרויסזאָגן אַ הונדערט חלק פון דעם, וואָס מיין האַרץ פילט צו אַייך, ווייס איך, אַז דאָס וואָלט זיין די גרעסטע פּראָפּאַגאַנציע. אויב עס וועט מיר זיין באַשערט מער מיט עטלעכע יאָר צו לעבן אַלס איך האָב גערעכנט, וועל איך אָן צווייפל מעגן זאָגן, אַז אין דעם זייט איר שולדיק, איר און אַלע איבעריקע פריינד, וואָס האָבן אַזוי פיל געטאָן, אום אייער אידייע וועגן דעם „פדיון־שבויים" דורכצופירן. מיין דאַנקזאָגונג וועל איך אָפּלייגן אויף דער צייט פון מיין זיין אין וואַרשע אין געזונטן צושטאַנד. דערווייל וויל איך אַייך נאָר איבערגעבן אַ גרוס מיט אַ ברודערלעכן קוש פון מיר און פון אַלע מיינע, די וואָס איר קענט און די וואָס איר קענט נאָך ניט.

אייער שלום־עליכם.

## כב

# ווידער אין וועג אַריין

קאַרגע אַכט חדשים האָט שלום־עליכם פאַרבראַכט אין נערווי אין דעם ערשטן יאָר פון זיין קראַנקייט, און אויב ער איז צום סוף סעזאָן געווען נאָך גאַנץ ווייט פון געזונט־ווערן, האָט ער זיך אָבער געפילט גייסטיק געשטאַרקט און געמוטיקט, פול מיט באַנייטן ווילן צו לעבן ווייטער און פול מיט אינערלעכן גלויבן, אַז ער האָט נאָך אַ סך צו טאָן אויף דער וועלט. געהאָלפן דערצו האָט די זעלטענע השגחה און איבערגעגעבנקייט, מיט וועלכע זיין פרוי האָט אים אַרומגערינגלט און אָפּגעהיט, ווי אַ געטרייע מוטער היט־אָפּ איר ציטעריק קינד. אויך דער גוטער איטאַליענישער קלימאַט האָט זיך געלאָזט מערקן: פאַרן ווינטער, דורך די טעגלעכע שפּאַציר־גענג אויף דער מאַרינע און דער רעגל־מעסיקער ליגע־קור אויפן אָפענעם באַלקאָן, אַקעגן דעם אָפענעם ים, איז ער אָפּגעברענט געוואָרן פון דער זון, באַקומען אַ פריש טונקל אויסזען, אַזוי אַז אויף זיין געקנייטשטן געזיכט זענען כמעט פאַרשווונדן געוואָרן די שפּורן פון דער פריערדיקער פאַרמעט־פאַרביקער קרענק־לעכקייט. אויך זיין שטאַרקע אָפּגעצערטקייט, וואָס האָט די לעצטע יאָרן געשראָקן זיינע נאָענטע מענטשן, האָט זיך איצט ביסלעכווייז ווי אויסגעפילט און אויסגעקייַלעכיקט, און אין מונטערע מאָמענטן, שפּאַ־צירנדיק אונטער דער מונטערער זון, האָט ער זיך אַפילו געפלייסט אויסצוגלייכן דעם געבויגענעם רוקן, מיט דער באַוועגונג פון איינעם, וואָס פרוווט אויף דער עלטער אַראָפּוואַרפן פון די פלייצעס די לאַסט פון די פאַרגאַנגענע שווערע יוגנט־יאָרן. איך האָב דערביי געהאַט דעם אַיינדרוק, אַז דאָס נעמט ער זיך פאַר אַ מוסטער דעם שלאַנקן הילוך פון דעם אַלטן ציידן מענדעלע, פון וועלכן אַלע „אייניקלעך״ האָבן אַזוי אַנגעקוואָלן.

נאָר זיין בעסטער דאָקטאָר איז געווען די טאָג־טעגלעכע ליטעראַרישע אַרבעט, אין וועלכער ער איז וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרשלונגען געוואָרן, אַזוי אַז ער האָט אָפט פאַרגעסן זיין קראַנקן צושטאַנד און האָט געשריבן מיט דער זעלבער באַרוישטקייט, ווי אין די גוטע צייטן. אויף יענעם פסח, למשל, האָט ער אָנגעשריבן גאַנצע דריי דערציילונגען: „חרוסת" פאַרן וואַרשעווער „היינט"; „אַ בלעטל שיר השירים" פאַרן „פריינד" און „אַ פאָר־פאָלק אויף פסח" פאַר דער „שלום־עליכם יום־טוב ביבליאָטעק", וואָס א. ל. לעווינסקי האָט אַרויסגעגעבן אין אָדעס. דאָס אייגענע האָט ער געטאָן צו ל"ג־בעומר און צו שבועות — ער האָט לכבוד יעדן יום־טוב געשריבן צו צוויי זאַכן מיט אַ מאָל. דער יידישער יום־טוב איז נאָך אַלץ געווען פאַר אים דער גוטער סטימול צו שעפערישער באַגייסטערונג, און דער יום־טובדיקער קוואַל האָט זיך ביי אים ניט אויסגעשעפּט אַפילו בעת ער איז געזעסן אין אַזאַ העק, ווי נערווי, צווישן איטאַליענישע פישער־לייט, ווו מצה אויף פסח האָט מען באַדאַרפט אויסשרייבן פון די ווייטע מדינות. אַדרבה, די בענקשאַפט נאָך די היימיש־יידישע ימים טובים האָט זיך ביי אים דאָ אין דער פרעמד נאָך הייסער צעגליט. איך געדענק, מיט וואָס פאַר אַ טיפער לירישער פאַרטראַכטקייט ער האָט צו מיר יענעם ערב פסח גערעדט, שפּאַצירנדיק אין אַ זוניקן פרימאָרגן איבער דער מאַרינע, וועגן דער היימישער ערב־פסחדיקער לופט און די פרישע, זיסע ערב־פּסחדיקע ווינטלעך, וועגן דער קליינשטעטלדיקער בלאָטע, וואָס כאַפּט אַ פרילינג־פרעסטל אין דער ליכטיקער לבנה־נאַכט נאָך „בדיקת חמץ", בשעת יידישע טאַטעס גייען מיט זייערע חדר־יינגלעך צום ווײַנשענקער נאָך ווײַן אויף ארבע כוסות. דאָס איז געווען די זעלבע ערב־פּסחדיקע בענקשאַפט, וואָס האָט זיך ביי אים אויסגעקריסטאַליזירט אין זיין ליריש־צאַרטער פּאָעמע „בלעטלעך שיר השירים".

וויבאַלד די אַרבעט האָט אויף אים געהאַט אַזאַ גוטע ווירקונג, דער־הויפּט אויף זיין זעלישן צושטאַנד, האָט אים שוין קיינער אין דעם ניט געשטערט. עס איז פאַר אונדז אַלעמען, זיינע נאָענטע מענטשן, ווי אויך פאַר זיין דאָקטאָר, קלאָר געוואָרן, אַז ער איז ניט קיין געוויינלעכער

פּאַציענט, צו ווען מע דאַרף אָנווענדן די געוויינלעכע פּאָרזיכט־מיטלען און הייל־רעגולאַציעס. זיין לעבנס־זאַפט איז געלעגן טיף באַהאַלטן אין זיין שאַפונגס־ענערגיע, וועלכע האָט גענערט און געמונטערט זיינע גייס־טיקע און פיזישע כוחות, און מיר האָבן באַקומען אַ מין גלויבן, אַז כּל־זמן ער האַלט שטייף די פּען אין דער האַנט, וועט דער טויט קיין העזה ניט האָבן צוקומען צו אים נאָענט. די זעלבע אמונה האָט אויך שלום־עליכם אַליין געהאַט. „ווען ניט דאָס שרייבן, — האָט ער זיך אויסגע־דריקט אין איינעם פון זיינע בריוו יענעם זומער, — וואָלט איך דאָך איצט שוין אָנגעשפּאַרט — אָהאָ־האָ!“... הגם ער אַליין האָט אין זיין דעמאָלטדיקן שרייבערישן פלייס אַריינגעלייגט אַן אַנדער כוונה: אַז ער דאַרף אַריינכאַפּן. אין אַ בריוו צו בעל־מחשבותן האָט ער וועגן דעם געשריבן אַזוי: „איך שרייב — אַ סימן, אַז איך לעב. איך לעב — אַ סימן, אַז איך בין געזונט (אַ קנאַפּער סימן אַפילו...) — — —. איך גיי מיט דעם גאַנג, ווי מיין פריינד טביה: „כל זמן שהנשמה בקרבי, דאַרף מען אַריינכאַפּן און שרייבן. עפּעס גלייבט זיך מיר ניט, אַז איך זאָל דערלעבן אַפילו נאָך אַ האַלבן יובילעי“...

אַחוץ וואָס שלום־עליכם איז געווען פאַרשלונגען פון זיין אייגענעם שרייבן, האָט ער זיך יענע חדשים אַ סך אָפּגעגעבן אויך מיט דער רו־סישער איבערזעצונג פון זיינע ווערק. אין מאָסקווע האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט אַ נייער ביכער־פאַרלאַג מיטן נאָמען „סאָווערעמעננײַאַ פּראָב־לעמי“, וואָס זיין צוועק איז געווען צו געבן דעם רוסישן פּובליקום די מאָדערנע אייראָפּעאישע בעלעטריסטן, ווי אויגוסט סטרינדבערג, בלאַסקאָ איבאַניעז און אַנדערע. אַזוי ווי איינצעלנע ווערק פון יידישע שרייבער זענען יענע יאָרן שוין אַריינגעדרונגען אין דער רוסישער ליטעראַטור און פאַראינטערעסירט דעם אינטעליגענטן רוסישן לייענער, האָבן די גרינדער פון דעם נייעם מאָסקווער פאַרלאַג, צוויי יידישע יונגעלייט, די ברידער סטאָליאַר, באַשטימט אַריינצונעמען צווישן די אייראָפּעאישע באַרימטקייטן אויך די פּאָפּולערע שעפער פון דער יידישער ליטעראַטור, און די ערשטע פּראָבע האָבן זיי געמאַכט מיט אַ שורה בענדער פון שלום־עליכמס ווערק (שפּעטער האָבן זיי געגעבן אויך עטלעכע בענדער

פון מענדעלע מוכר־ספרים און פּרץ). די פּראָבע מיט שלום־עליכמען איז אָבער געווען ניט קיין לייכטע, וואָרעם עס האָט זיך גלייך געשטעלט פּאָפּעריק די פראַגע, צי וועט שלום־עליכמס עכט־יידישער הומאָר זיך לאָזן אַריבערטראָגן אויף אַ פרעמדער שפּראַך. די איבערזעצונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן יאָרן־לאַנג פון שלום־עליכמס ווערק אין די יידיש־רוסישע זשורנאַלן, האָבן דאָ ניט געקאָנט גענומען ווערן אין באַ־טראַכט, ווייל זיי זענען לכתחילה געווען געמיינט פאַר אַ יידישן עולם, וואָס איז ניט קיין גרויסער איבערקלייבער אין דער רוסישער סטיליסטיק. וועגן יענע איבערזעצער פלעגט שלום־עליכם זאָגן, אַז ניט זיי זעצן אים איבער, נאָר זיי פירן אים איבער אויף רוסיש (דאָס רוסישע וואָרט „פערעוואָדיט״ — איבערזעצן — האָט אויך אַ צווייטע באַדייטונג: איבערפירן פון איין אָרט אויפן אַנדערן; נאָר דאָ האָט שלום־עליכם מיטן „איבערפירן״ פשוט געמיינט — קאַליע מאַכן)... איצט, אַז שלום־עליכם האָט זיך געגרייט אַרויסצוטרעטן מיט אַן אויסגאַבע פון זיינע ווערק פאַרן ברייטן רוסישן עולם, האָט ער שטאַרק מורא געהאַט, ער זאָל ניט געשטרויכלט ווערן דורך אַן אומגעלונגענער איבערזעצונג. מער פון אַלץ האָט אים געשראָקן דער אומגעלומפּערטער יידיש־רוסישער זשאַרגאָן, וואָס סעמיאָן יושקעוויטש האָט צוגעטראַכט פאַר זיינע אָדעסער „טיפּן״ און האָט דערמיט צוגעגעבן דעם יידישן מענטשן אין די אויגן פון די גויים אַ אידיאָטישע באַפאַרבונג. שלום־עליכם האָט יושקעוויטשעס שפּראַך פיזיש ניט געקאָנט פאַרטראָגן. ער האָט זי געהאַלטן ניט נאָר פאַר טאַלאַנטלאָז, נאָר פאַר אַ שלעכט־אויסגעטראַכטן, נאַרישן בלבול אויף יידן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט איבערזעצערס אויף רוסיש, וואָס האָבן צוגעשיקט שלום־עליכמען זייערע פּרווון און האָבן אים פאַרשאַפט אי אַ סך אַרבעט, אי אַ סך שפּאַס. איינער אַן איבערזעצער האָט גענומען זיין שווערע אויפגאַבע זייער לייכט, און אַז ס'איז אים געקומען, אַשטייגער, צו דער האַנט אַזאַ פראַזע, ווי: „ווער? וואָס? עס הויבט זיך ניט אָן! אַ נעכטיקער טאָג!״ — האָט ער זיך לאַנג ניט פאַר־טראַכט און איבערגעזעצט גאָר פראָסט: „קטאָ? טשטאָ? ניע נאַטשי־

נאַיעטסיאַ! ווטשעראַשני דיען!"... אַ צווייטער ווידער, שוין אַן איבער־געשפיצטער איבערזעצער, מיט אַ געשמדטן גמרא־קעפּל, האָט דאָס עכטע יידישע ווערטל, וועלכעס ווערט געזאָגט פון אַ פרומען כתרילעווו־קער יידן: „ער לעבט ווי גאָט אין אָדעס", — איבערגעזעצט אויף עכטן רוסיש אַזוי: „זשיוויאָטסיאַ יעמו, קאַק או כריסטאַ זאַ פּאַזוכאָי" (עס לעבט זיך אים, ווי ביי קריסטוסן אין בוזעם)... ביז די פּאַרלעגער האָבן אויסגעזוכט איינעם אַ יונגנמאַן מיטן נאָמען פינוס, אַ סטודענט פונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, מיט אַ פלינקער פען, וואָס האָט צוגעשטעלט אַזאַ איבערזעצונג, וואָס האָט זיך געלאָזט לייענען. אויב אין פינוסעס איבערזעצונג האָט שלום־עליכמס לויטערער הומאָר גאַנץ אָפט אָפּגעשלאָגן מיט מוטנעקייט און זיין מתיקות איז אַ היבש ביסל פאַרוואַסערט געוואָרן, איז אָבער דאָס רוסיש אַליין — ווי מאַקסים גאָרקי האָט שפּעטער געשריבן צו שלום־עליכמען — געווען אַ „גראַמאָטנע". אָבער אויך מיט פינוסן האָט שלום־עליכם געהאַט אַ סך צו טאָן. ער האָט פאַר אים רעדאַקטירט אַ ספּעציעלן יידישן טעקסט, וואָס זאָל זיין מער צוגעפּאַסט צו די באַגריפן פון דעם רוסישן לייענער, אַליין איבערגעזעצט די שווערע פלעצער, אָדער אָנגעוויזן דעם וועג, ווי אַזוי יענע פלעצער דאַרפן איבער־געגעבן ווערן אין רוסיש. עס זענען אַרויסגעשווומען שוועריקייטן, גאַנץ אָפט אַזעלכע, וואָס איז אוממעגלעך געווען ביי צוקומען. דערהויפּט איז שווער געווען איינצובייסן דעם באַנד פון די כתרילעווקער „קליינע מענטשעלעך". שוין דער נאָמען „כתרילעווקע" אַליין איז געלעגן, ווי אַ שטיין אין וועג. פאַרן רוסישן לייענער וואָלט „כתרילעווקע" געווען אַ טויטער נאָמען, וואָס זאָגט גאָרנישט; האָט שלום־עליכם אין דער רוסישער איבערזעצונג צוגעטראַכט פאַר זיין שטאָט אַ רוסישן נאָמען: „גאָלאָדאַיעווקאַ" — די הונגער־שטאָט, און די „כתריליקעס" האָבן שוין ממילא געהייסן „גאָלאָדאַיעווצי" — די הונגער־מענטשן. „גאָלאָדאַיעווקאַ" האָט אָבער פאַרלאָרן דעם גאַנצן חן און די הומאָריסטישע לופטיקייט, וואָס דער נאָמען „כתרילעווקע" האָט אין זיך געטראָגן, און די ליבע „כתריליקעס", די „אָרעמע און פריילעכע", ווי שלום־עליכם אַליין האָט זיי באַצייכנט, וויבאַלד זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „גאָלאָדאַ־

יעווצעס״, האָבן שוין ניט אַרויסגערופֿן דאָס מילדע געפֿיל פֿון סימפּאַטיע, נאָר דאָס ביטערע געפֿיל פֿון רחמנות, וואָס איז שטענדיק געמישט מיט פּסולת פֿון פֿאַראַכטונג. אַז איך האָב דאָס געפּרווּוט אַרויסזאָגן פֿאַר שלום־עליכמען, האָב איך געזען, אַז ער אַליין איז פֿון „גאַלאַדאַיעווקאַ״ אויך ניט שטאַרק צופֿרידן. „אַנו, אַדרבה, — האָט ער געזאָגט, — זייט אַ מזיק און טראַכט עפּעס צו אַ בעסערן נאָמען!״...

דערווייל איז אָנגעקומען דער הייסער איטאַליענישער זומער, און די נערוויער קור־געסט זענען זיך ביסלעכווייז צעפֿאָרן, ווער צו זיך אַהיים און ווער אין די קילערע זומער־פּלעצער אין צענטראַל־אייראָפּע. די מאַרינע איז וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ פּוסטער — ביז עס זענען אָנ־געשטאַנען טעג, וואָס זי האָט איינזאַם און וויסט געפּלאַקערט אונטערן העלישן פֿייער פֿון דער זומערדיקער זון. שלום־עליכמען האָבן די דאָק־טוירים געראָטן, ניט צו בייטן שאַרף דעם הייסן קלימאַט אויף אַ קילן, נאָר אָפּצורוען זיך אַ חודש אין דער שווייץ, אין די בערג וואָס איבער מאָנטרע, ווו די לופֿט איז מילד און וואַרעם. אַגב וועט ער דאָרט באַזוכן דעם בערנער פּראָפֿעסאָר סאַהלי, דעם באַרימטן ספּעציאַליסט פֿון האַרץ־און־לונגען־קראַנקייטן, און הערן, וואָס וועט ער זאָגן. עס איז ווידער פֿאָרגעשטאַנען אַ וואַנדער־צוג מיט דער פֿאַמיליע אין דער וועלט אַריין. איצט איז אָבער די לאַגע אַ סך פֿאַרלייכטערט געוואָרן דורכן באַוווּסטזיין, אַז מע פֿאָרט ניט אויף גאָטס באַראָט: ס׳איז געווען כאָטש אַ וועלכער־עס־איז מאַטעריעלער אָנהאַלט, אויף וואָס מע האָט זיך געקאָנט פֿאַרלאָזן. אַחוץ וואָס ס׳איז פֿאַרבליבן אַ רעשט פֿון די ווינטערדיקע יובילע־פֿייערונגען, זענען געגאַנגען גוטע בריוו פֿון וואַרשע, אַז דער ביכער־פֿאַרקויף אַנטוויקלט זיך אויסגעצייכנט. צוזאַמען מיט די יובילעי־בענדער האָט דער פֿאַרלאַג אָנגעהויבן אַרויסלאָזן די זעלבע ווערק אין אַ סעריע קליינע העפֿטן, אונטערן נאָמען „פֿאַמיליען־ביבליאָטעק״, וואָס האָבן גע־האַט ביים עולם אַ גרויסן אָפּגאַנג. — דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין שלום־עליכמס וואַנדערונגען, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין מיט אַ רואיקן קאָפּ, אָן שרעק פֿאַרן מאָרגנדיקן טאָג.

אין דער שווייץ איז שלום־עליכם פֿאָרלויפֿיק געפֿאָרן מיט דער

פרוי און מיטן מיזיניק נומאַ, און דאָס איבעריקע הויזגעזינד האָט באַ־דאַרפט קומען אַהין אַ ביסל שפּעטער. געבליבן אין נערווי מיט די יינגערע צוויי שוועסטער, עמאַ און מאַרוסי (די עלטערע ליאַלי האָט זיך געפונען אין רוסלאַנד, ערב איר חתונה מיט מיכאל קויפמאַן, און דער עלטערער מישאַ האָט פאָרגעזעצט זיין שטודיום אין קיעוו), און דערפילט זיך עטוואָס באַפרייט פון דער נערוועזער אַטמאָספער, וואָס רינגלט אַרום דאָס הויז פון אַ קראַנקן מענטשן, האָבן מיר צווישן זיך גענומען מאַכן אַ שטיקל חשבון־הנפש: וואָס וועט זיין דער תכלית? ווי לאַנג וועלן מיר אַזוי אומוואַנדערן אין דער פרעמד, צוגעבונדן ווי אַ לאַסט צו די קראַנקע פליצעס פונעם פאָטער? דאָס וואָס דער פאָטער טראָגט זיין לאַסט אַזוי צופרידן, און ער וואָלט זיך געפילט אין דער פרעמד איינזאַם און אומגליקלעך, ווען ער האָט ניט אַרום זיך די וואַרעמע סביבה פון זיין פאַמיליע — דאָס איז קיין תירוץ ניט פאַר יונגע מענטשן, וואָס דאַרפן אַליין אויסטרעטן זייער וועג אין לעבן. דערהויפּט איז דער חשבון־הנפש געווען ביטער פאַר מיר אַליין: אין פאַרלויף פון דעם ווינטער אין נערווי האָב איך מיך געפילט פערזענלעך ווי פאַראַליזירט. איך בין אַזוי אַריינגעצויגן גע־וואָרן אין שלום־עליכמס אינטערעסן, אין זיין פרייד און צער און אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, אַז מיין אייגן שריפטשטעלעריש לעבן איז פאַרשטופּט געוואָרן ערגעץ אין אַ ווינקל. אַוועקגעבנדיק דעם גרעסטן טייל פון מיין טאָג צו קליינע סעקרעטאַרישע אַרבעטן, צו וועלכע איך האָב מיך אָבער באַצויגן ניט ווי אַ געוויינלעכער סעקר־רעטאַר, נאָר ווי אַ גאַנץ נאָענטער שותף, האָב איך אין די פרייע שעהן שוין מער קיין ענערגיע ניט געהאַט אַריבערצוגיין אין מיין אייגענער וועלט. איך האָב מיך נאָר געטרייסט מיט מחשבות, דורכגע־טראַכט אויף מיינע איינזאַמע שפּאַצירן איבער דער מאַרינע גאַנצע ליטע־ראַרישע סוזשעטן, אָבער אַרויסברענגען זיי אויף דער וועלט דאָ, אין מיין געפּענטעטער לאַגע אַרום שלום־עליכמען, — אויף דעם האָט זיך ביי מיר די האַנט ניט געהויבן. פאַרן גאַנצן ווינטער האָב איך באַוויזן סך־הכל אָפּצודרוקן איין גרעסערע זאַך אין דעם העברעאישן „העולם“

און אַ פּאָר קליינע זאַכן אין די יידישע צייטונגען. איך האָב דאָ אויך געמאַכט אַ פּרווו איבערצוזעצן שלום־עליכמס ווערק אויף העבראיש, צווישן זיי — „שמואל שמעלקיס און זיין יובילעאום". דאָס איז אָבער געווען כמעט ווי גאָרנישט אַקעגן מיינע פריערדיקע טעטיקע אָנפאַנגער־יאָרן.

די זעלבע פראַגע האָט מיך אויפגערודערט נאָך פיינלעכער, ווען זי איז מיר שפּעטער מיט עטלעכע וואָכן אַוועקגעשטעלט געוואָרן פון אַ זייטיקן מענטשן — פון ש. אַנסקין. מיר זענען אַריבערגעפאָרן פון נערווי צו שלום־עליכמען אין דער שווייץ, געזעסן אין דעם באַרגיקן דאָרף שאַאי, וואָס איבער קלאַראַן, ביי מאָנטרע, און דער ערשטער גאַסט פון רוסלאַנד, וואָס איז געקומען באַזוכן שלום־עליכמען, איז געווען ש. אַנסקי. ביז דעמאָלט איז שלום־עליכם מיט אַנסקין פערזענלעך ניט געווען באַקאַנט. מיר האָבן זיך מיט אים נאָר דורכגעשריבן לעצטן ווינטער וועגן „טביה דעם מילכיקן" און וועגן מיינער אַ דערציילונג, וואָס ער האָט געדרוקט אין רוסישער איבערזעצונג אין זיין נייעם זשורנאַל „יעווריעיסקי מיר". זיין פלוצעמדיקע דערשיינונג אין שלום־עליכמס האָטעל־צימער איז אָבער געווען פון אַן אַלטן באַקאַנטן, און ניט נאָר פון אַן אַלטן באַקאַנטן, נאָר ווי פון אַ לייבלעכן געטרייען קרוב — אַזוי געשמאַק, משפחהדיק־האַרציק, האָט ער זיך מיט אונדז ביידן צעקושט. זיך צעקושט — און ווייך און וואַרעם אַריינגעקוקט אין די אויגן מיט זיין אָפענעם, גוטן, קרובישן פנים. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון רוסלאַנד עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט דערמאָנט אָן דאָס בעסטע און סימפּאַטישסטע אין דעם ווייטן גרויסן היימלאַנד — נאָך וואָס עס האָט אַזוי שטאַרק געבענקט דאָס האַרץ אין דער פרעמד, זינט מיר זענען אַריבער די גרענעץ. זיין שאַרף־געשניצט פּנים מיט די גרויסע ווייכע גלעטנדיקע אויגן און מיט די לאַנגע באַזילבערטע לאָקן, וואָס זענען ווייך געפאַלן אויף זיין קראַגן, האָט מיר אויסגעזען אי רבניש־פילאָזאָפיש, אי פּרום־רוסיש, עפּעס ווי „דיאַקאָניש".

שוין ביים אָנהייב געשפּרעך האָט אַנסקי געלאָזט וויסן שלום־עליכמען, אַז זיי זענען זיך, אייגנטלעך, ניט צום ערשטן מאָל — זיי האָבן זיך שוין איינמאָל געטראָפן מיט יאָרן צוריק.

— איר מסתמא געדענקט דאָס ניט, — האָט אַנסקי געזאָגט מיט אַ ברייטן ווייכן שמייכל, — נאָר מיר ליגט עס גוט אין די ביינער. ס'איז פאַר מיר געווען, ניט היינט געדאַכט, אַ טראַגישע באַגעגעניש...

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק, בשעת שלום־עליכם האָט אַרויסגעגעבן די „יודישע פאָלקסביבליאָטעק", האָט אים אַנסקי, דעמאָלט נאָך אַן אומבאַקאַנטער יונגערמאַן, געבראַכט אין קיעוו אַ ראָמאַן — זיין ערשט ווערק, וואָס ער האָט געשריבן אויף יידיש. שלום־עליכם האָט דעם ראָמאַן איבערגעלייענט און אים אָפּגעגעבן דעם יונגן מחבר צוריק, געזאָגט, אַז אַזוי דרוקן קאָן מען דאָס ניט — מע דאַרף פון דעם פריער אָפּצאַפּן וואַסער.

„וואָס הייסט, אָפּצאַפּן וואַסער?" — האָט דער יונגער מחבר זיך געוווּנדערט. — „ווי קומט אין אַ ראָמאַן וואַסער?"

„גיט נאָר אייער ראָמאַן אַ רעכטן קוועטש", — האָט שלום־עליכם געזאָגט, — „וועט איר שוין זען, ווי עס וועט פון אים אַ פּלייץ־טאָן מיט וואַסער, ווי פון אַ פאָנטאַן"...

— איך בין אַוועק פון אייער הויז — האָט איצט אַנסקי דערציילט — גאָר אַ צעטומלטער. דער געדאַנק, אַז מיין ראָמאַן, וואָס איך האָב, ווי דער שטייגער איז, געהאַלטן פאַר אַ שעדעווער, קאָן אָנהייבן שפּריצן מיט וואַסער, ווי אַ פאָנטאַן, — האָט מיך מאָדנע דערשלאָגן...

שלום־עליכם האָט זיך הילכיק צעלאַכט.

— יאָ, איך דערמאָן מיך שוין... ס'איז געווען, דאַכט מיר, קיין עין־הרע, אַ היפּש ווערק, שווער אויפן וואָג... ווו־זשע איז עס אַהינגעקומען?

— מיין ראָמאַן? — מאַכט אַנסקי מיט אַ ווייכן טרויעריקן שמייכל. — ער איז דערטרונקען געוואָרן אין זיין אייגענעם וואַסער...

אַז איך בין אַרויס מיט אַנסקין אַ ביסל שפּאַצירן, האָבן אויף אים ביים טויער פון האָטעל געוואַרט עטלעכע רוסישע לייט — ווייזט אויס, פון זיינע פּאַרטיי־חברים, רעוואָליוציאָנערע עמיגראַנטן, מיט וועלכע די שווייץ איז דעמאָלט פול געווען. איינער פון זיי האָט געהאַט אַן עכט פּויעריש אויסזען — אַ באָרדיקער, אַ באָרוועסער, מיט אַ לאַנגן פאַרגאַר־טעלטן העמד איבער די הויזן. אַנסקי איז אים געפאַלן אויפן האַלדז און זיך

מיט אים צעקושט פונקט אַזוי קרוביש געשמאַק, ווי ער האָט זיך דאָ ניט לאַנג געקושט מיט אונדז. גייענדיק אַ קליינע ווײַלע מיט זיינע רוסישע חברים און ריידנדיק מיט זיי אויף אַ גוטן רוסיש, עטוואָס דאָרפיש אַקצענטירט, האָט ער דאָ, אויף די דאָרפישע וועגן פון שאַאי, נאָך מער געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַ גוטן און פרומען רוסישן דיאַקאָן.

געבליבן דערנאָך מיט מיר אַליין, האָט מיר אַנסקי פּלוצעם אַ זאָג געטאָן אומגעפּער אַזוי:

— איר ווייסט? צו אייך האָב איך אַ באַזונדער גרוס פון אונדזער חברה שרייבער. דער עולם איז מיט אייך שטאַרק ניט צופרידן, וואָס איר זענט די לעצטע צייט אַנטשוויגן געוואָרן. מע האָט צו אייך טענות, אַז איר פאַרנעמט זיך צופיל מיט שלום־עליכמען און פאַרגעסט זיך אַליין. איך פאַרשטיי, אַז שלום־עליכם איז איצט אין אַזאַ לאַגע, אַז ער דאַרף אייך נייטיק האָבן. מיר דאַרפן אייך אָבער אויך האָבן! אויב שלום־עליכם נייטיקט זיך אין אַ סעקרעטאַר, קאָן ער פאַר געלט קריגן אַן אַנדער יונגערמאַן — איר זענט פאַר אים אַ צו טייערער סעקרעטאַר... איר ווילט — וועל איך מיט אים דערפון אַ שמועס טאָן...

— זאָל גאָט היטן! — האָב איך מיך דערשראָקן. — איך וועל מיך שוין אַליין ווי־עס־איז איינאָרדענען...

איך בין אַוועק פון אַנסקין שטאַרק באַטריבט, הגם ביי מיר מיט מיין פרוי איז שוין געווען פון פריער באַשטימט, אַז היינטיקן זומער פאָרן מיר צוריק קיין רוסלאַנד, ווו איך וועל אָנווענדן אַלע מיטלען צו באַפרייען זיך פון מיליטער־דינסט.

שלום־עליכם האָט פון אונדזערע פּלענער דערווייל ניט געוווּסט, און אַז ער איז אויפן ראַט פונעם פּראָפעסאָר סאַהלי אַריבערגעפאָרן פון דער שווייץ קיין דרום־שוואַרצוואַלד און זיך באַזעצט אויפן זומער אין דער באַוווּסטער סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע אין סט. בלאַזיען, — האָט ער אונדז גלייך געשריבן, מיר זאָלן קומען צו אים און, למען השם, ניט פאַרגעסן חלילה אויפן וועג אינעם צוג, ביי די דייטשן, זי. ווער איז געווען זי? ניט אונדזער קליינע תמרה, נאָר טאַקע זי אַליין — די גרויסע אַמעריקאַנער שרייבמאַשין...

## כג

# מרדכי ספּעקטאָר צוגאַסט ביי שלום־עליכמען

צווישן די גוטע זאַכן, וואָס שלום־עליכם האָט פאַר אונדז „צו־געגרייט“ ביי אונדזער קומען קיין שוואַרצוואַלד, ווי סאָסנאָווע וועלדער, גרין־באַוואַקסענע בערג און שטאַרק־לויפנדיקע טייכן, איז אויך געווען — אַ באַגעגעניש מיט מרדכי ספּעקטאָר, וואָס איז צו אים דעמאָלט געקומען ספּעציעל פון וואַרשע צו־גאַסט. און ניט סתם צו־גאַסט איז ספּעקטאָר געקומען, נאָר מיט אַ וויכטיקער שליחות וועגן אַ וויכטיקן ענין: איינ־צולאַדן שלום־עליכמען אַלס אַ מיטאַרבעטער אין אַ נייער צייטונג, וואָס ער האָט יענע טעג געגרינדעט, נאָכדעם ווי ער איז מיאוס אַרויסגעשטופּט געוואָרן דורך זיינע שותפים פון „אונזער לעבען“.

פון אַלע יידישע שרייבער איז ספּעקטאָר געווען פאַררעכנט ביי שלום־עליכמען אפשר ווי זיין נאָענטסטער חבר, — ניט געקוקט דערויף, וואָס סיי לויט זיין כאַראַקטער און טעמפּעראַמענט, און סיי לויט זיינע ליטעראַרישע השגות און קינסטלערישע דערגרייכונגען, איז ספּעקטאָר געווען אַזוי אַנדערש פון שלום־עליכמען. ספּעקטאָר האָט געשמט אין דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט, ווי אַ זעלטענער שריפטשטעלערישער טיפּ, וואָס קאָן געמאָלט זיין נאָר אין אַזאַ פאָלקסטימלעכער ליטעראַטור, ווי די יידישע, וואָס איז אויפגעגאַנגען פון די סאַמע טיפענישן פונעם פאָלק. אַ געזונטער, גאַנצער מענטש, אַ געוויקס פון דער פעטער אוקראַאינישער שוואַרצערד, אומגעבילדעט און אומגעשיקט אין גייסטיקע ספערן, נאָר מיט אַן אמתן אינערלעכן ברען, מיטן עכטן פייערל, וואָס צינדט אָן נשמות פון אַ העכערער מדרגה. נאַאיוו, גוטמוטיק און זעלבסזיכטיק, ווי אַ געזונט זאַט קינד, צווישן ערלעכע און גוטע מענטשן, פאַרזיכטיק און ביטרעוואַטע צווישן איבערגעשפּיצטע און שלעכטע, און פול מיט אָפּשיי און יראת־הכבוד צו קלוגע קעפּ און ליכטיקע מוחות, פון וועמען מע קאָן געניסן דאָס גוטע ביסל ליכט, וואָס אַ לעבעדיקער מענטש דאַרף

האָבן. דערביי — אַן אָפּן, נייגעריק אויג אַריינצוקוקן אין פאָלקס־לעבן אַריין, אַ קינסטלערישער אַפּעטיט צו זעטיקן דאָס אויג מיט די פאַר־שיידענע פאַרבן פונעם פאָלקס־לעבן, אַפילו אַ קינסטלער־חוש אויסצו־קלייבן דאָס עכטע, דאָס יאָדערדיקע פונעם פאָלקס־לעבן, אָבער מיט פריי־מיטיווע, אומבאַהאָלפענע מיטלען צו קאָמבינירן דאָס געזעענע, צו מישן די פאַרבן, איבערצוקאָכן קינסטלעריש דאָס רויע לעבן. דערצו — אַ גע־זונטע ליבע צו דער פאָלקס־ליטעראַטור, צו דער גייסטיקער אַנטוויקלונג פון די פאָלקסמאַסן, און צו אַלצדינג, וואָס מאַכט רייכער און ברייטער די באַלעבאַטישקייט פונעם פאָלק.

און מיט אָט דעם ליבן און טשיקאַוון פאָלקס־מענטש און פאָלקס־שרייבער, וואָס פאַר אַ סך פון זיינע צייט־חברים איז ער געווען מער טשיקאַווע ווי ליב, האָט זיך שלום־עליכם פאַרקניפּט און פאַרבונדן אויפן גאַנצן לעבן, זינט די ערשטע טעג פון זיין ליטעראַרישן אַרויסטריט אינעם פעטערבורגער „פאָלקסבלאַט" ביז די לעצטע יאָרן זיינע. דאָס איז געווען ניט בלויז אַ חברשע צוגעבונדנקייט, נאָר מער דערפון — אַ לייב־לעכע קרובהשאַפט, כמעט אַ בלוט־פאַרוואַנדשאַפט.ביידע זענען זיי אויסגעוואַקסן פון איין משפחה: דאָס יידישע פאָלקס־לעבן — זייער פאָטער, די יידישע פאָלקס־שפּראַך — זייער מוטער. און ביידע האָבן אויפגעבליט אויף איין ערד און אונטער איין הימל — אויפן זאַפטיקן באָדן פון אוקראַאינע. און כאָטש צעוואַקסן האָבן זיי זיך גאַנץ פאַר־שיידן, האָט זיי אָבערביידן פאַראייניקט דאָס טיף־איינגעוואָרצלטע משפחה־געפיל, די קרובהשע היים־ראָמאַנטיק. דאָס זענען געווען באַ־ציאונגען ניט אַזוי פון אַ שרייבער צו אַ שרייבער, ווי פון אַ נאָענטן קרוב צום צווייטן, און דעריבער איז עס געווען נאַטירלעך, וואָס ווי ווייט שלום־עליכם האָט ניט אַריבערגעיאָגט ספּעקטאָרן, האָט ער זיך צו אים האַרציק צוריקגעקערט סיי אין צייטן פון יום־טובדיקער געהויבנקייט, סיי אין מאָמענטן פון איינזאַמער בענקשאַפט. און ס'איז אויך געווען נאַטירלעך, וואָס ספּעקטאָר האָט פאַרגונען שלום־עליכמען זיין הויך־דערגרייכטע מדרגה — אַ זאַך, וואָס ס'איז שווער זיך פאַר־צושטעלן צווישן ריין־פּראָפעסיאָנעלע חברים.

דער קרובהשער כאַראַקטער פון די באַציאונגען צווישן שלום־עליכמען און ספּעקטאָרן האָט אָבער ניט פאַרווישט זייער שריפטשטע־לערישע פריינדשאַפט, נאָר, אַדרבה, זי בולטער געמאַכט. דאָס איז געווען אַ פריינדשאַפט ניט פון דעם מין, וואָס איז אויסגעוואַקסן צווישן פרצן מיט דינעזאָנען. דאָרטן האָט דער ערשטער איינגעשלונגען דעם צווייטן, און דער צווייטער איז אינגאַנצן אויפגעלייזט געוואָרן אין דעם ערשטן. דאָ האָט עס ניט געקאָנט פּאַסירן ניט פון שלום־עליכמס זייט, ניט פון ספּעקטאָרס זייט. שלום־עליכם האָט געוווסט ספּעקטאָרס פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט צו אים געהערט לויט זיינע ערלעכע פאַרדינסטן, און ער האָט עס באַוואַכט מיט אמתער ברודערלעכער אויפ־מערקזאַמקייט. פונקט אַזוי ווי ספּעקטאָר האָט אין די ערשטע יאָרן שלום־עליכמען „ניט אויפגעהערט צו וואַרעמען, ער זאָל שרייבן" (ווי שלום־עליכם אַליין דערציילט אין זיינע ביאָגראַפישע נאָטיצן צו י. ח. ראַוו־ניצקין), אַזוי האָט אויך שלום־עליכם שטענדיק געוואַרעמט ספּעקטאָרן, געלויבט אים פאַר זיינע געלונגענע זאַכן און האַרב געמוסרט אים פאַר זאַכן, וואָס זענען ניט געווען געלונגען. בשעת ספּעקטאָר האָט אָפּגע־דרוקט די עטלעכע קאַפּיטלען פון זיין אָנגעהויבענעם ראָמאַן „דער בעל שם טוב", האָט אים שלום־עליכם געשריבן אַזוי: „איך האָב מיך ממש מחיה געווען, באמת געפרייט זיך, משונה הנאה געהאַט פון מיין חבר, מיט וועלכן איך קאָן שטאָלצירן קעגן אַלע אונדזערע גרויסע"... און אין אַ בריוו צו י. ח. ראַווניצקין שרייבט ער איינמאָל: „נעמט דאָס דריטע בוך ,הויז־פריינד'. דאָרט וועט איר געפינען צוויי ערציילונגען פון ספּעקטאָרן, פון וועלכע איר וועט הנאה האָבן. איך בין פון זיי געווען נתפעל"... ניט נאָר האָט ער מיט זיין אייגענעם ערפאָלג ניט געוואָלט פאַרטונקלען זיין חבר, נאָר, אַדרבה, ווי אַ גינציקער שטאַרקערער קרוב האָט ער אים קיינמאָל ניט געלאָזט פאַרשטופּט ווערן אין אַ ווינקל, שטענדיק אים אַרויסגעשטעלט, ווי זיין נאָענטן באַגלייטער אין דער פאָלקסליטעראַטור. „אַלע מאָל, ווו עס ווערט געבראַכט מיין נאָמען, — שרייבט ער צו ספּעקטאָרן אין אַ וויציקן טאָן, — זע איך, אַז מיין ווייב ספּעקטאָר זאָל אויך זיין"... און ביי אַן אַנדער געלעגנהייט (בשעת שלום־

עליכם האָט אין יאָר 1902 געגרייט אַ רוסיש זאַמלבוך פון יידישע ווערק מיט די ביאָגראַפיעס פון יידישע שרייבער, — וואָס מאַקסים גאָרקי האָט געזאָלט אַרויסגעבן אין זיין פאַרלאַג „זנאַניע") האָט ער ספעקטאָרן געשריבן אין אַן ערנסטן טאָן: „אין אייער ביאָגראַפיע פאַרגעסט ניט [צו שרייבן], אַז מירביידע זענען געבונדן, אַז ס'איז באַשערט געווען אַלע מאָל, מיר זאָלן ביידע גיין אינאיינעם, ווי אונטער די הענט"... און ספעקטאָר ווידער איז ניט געווען פון דעם מין מענטשן, וואָס זאָל זיך לאָזן פון יענעם איינשלינגען. ער האָט געוואָלט זיין שטעטל אַליין באַשטיין. ער האָט ליב געהאַט שלום־עליכמען אהבת־נפש, געגרויסט זיך אין האַרצן, וואָס גאָט האָט אים באַשערט אַזאַ געהויבענעם חבר — נאָר פון דעסטוועגן, איינס מיטן אַנדערן געהערט זיך גאָרניט אָן: „שלום־עליכם איז זיך שלום־עליכם, און ספעקטאָר איז ספעקטאָר"...

די דאָזיקע פריינדשאַפט, וואָס האָט געדויערט אַ משך פון העכער דרייסיק יאָר, איז ניט שטענדיק געלאָפן גלייך. עס זענען געווען אין מיטן הפסקות, עס איז אויך צווישן ביידן אַרויסגעשפרונגען אַ שטאַרקער ברוגז אויף עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד. אָנגעהויבן האָט זיך זייער באַקאַנטשאַפט נאָך אין זייער ערשטער ליטעראַרישער יוגנט, בשעת ביידע האָבן זיך באַגעגנט אויף די זייטן פון דעם מאָגערן, טרוקענעם „פאָלקס־בלאַט" — און האָבן זיך דערפרייט איינער מיטן אַנדערן, ווי צוויי בלאָנדזענדיקע וואַנדערער אין אַ וויסטן ישוב. עס האָט זיך פאַרבונדן צווישן זיי אַ וואַרעמע קאָרעספּאָנדענץ, אין וועלכער ביידע האָבן געזוכט קלאָר צו מאַכן איינער פאַרן אַנדערן די אויפגאַבע פון דער יונגער יידישער פאָלקסליטעראַטור בכלל, און זייער אייגענע אויפגאַבע אַלס „זשאַרגאָניסטן" בפרט. שפּעטער איז ספעקטאָר געקומען צו שלום־עליכמען קיין ביעלאָצערקאָוו צו באַקענען זיך פערזענלעך — און ווי עס ווייזט אויס, האָט דווקא די פערזענלעכע באַקאַנטשאַפט, דורך וועלכער שלום־עליכם האָט דערזען פון דער נאָענט ספעקטאָרס באַגרענעצטקייט, געווירקט אָפּצוקילן די ערשטע הייסע פריינדשאַפט. די אָפּקילונג איז נאָכדעם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברוגז פון צוויי קאָנקורענטן: ביידע האָבן אין איין צייט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זייערע ליטעראַרישע יאָר־

ביכער: ספעקטאָר — דעם „הויזפריינד”, און שלום־עליכם — זיין „פאָלקסביבליאָטעק”. ספעקטאָר האָט אָבער ניט גערוט ביז זיי האָבן זיך סוף־כל־סוף איבערגעבעטן, און דעמאָלט איז זייער פריינדשאַפט פאַרזיגלט געוואָרן, ווי צווישן צוויי רייף־געוואָרענע חברים.

עס האָט עפּעס געשטעקט אין ספעקטאָרן, וואָס איז געווען שלום־עליכמען אי אייגן, אי פרעמד, וואָס האָט אים אי געצויגן צו אים, אי געטריבן פון אים. אַזוי האָט עס פּאַסירט וויפיל מאָל אין דעם ווייטערדיקן לויף פון די יאָרן, וואָס שלום־עליכם פלעגט זיך פון צייט צו צייט אַרויסמאַכן פון ספעקטאָרס נאָענטקייט; דאָס אייגענע, דאָס קרובהשע צווישן זיי, פלעגט אָבער שטענדיק גובר זיין. שלום־עליכם האָט כמעט אין דעם גרעסטן טייל פון זיינע ליטעראַרישע טראַנסאַקציעס און אַרבעטן זיך פאַרבונדן מיט ספעקטאָרן (ער איז געווען דער נאָענטסטער מיטאַרבעטער אין אַלע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס ספעקטאָר האָט רעדאַקטירט), הגם ניט אַלע מאָל האָט ער זיך געפילט דערפון באַקוועם. וואָרעם אין דער צייט, וואָס שלום־עליכמען האָט שטענדיק באַוועגט דער אומרו פון אַ דאָן־קיכאָטישן טעמפּעראַמענט, פלעגט ספעקטאָר אים באַגלייטן אויף זיין אייגענעם שטייגער — ווי דער פאַמעלעכער פּראַקטישער סאַנטשאָ פּאַנסאָ, וואָס גייט האַרט ביי דער ערד און האָט זיך זיינס אין זינען.

מיט דער צייט איז ספעקטאָר אַזוי איינגעוואַקסן אין שלום־עליכמס לעבן, אַז ער איז געוואָרן ווי איינער פון זיין משפחה. אַפילו ביי שלום־עליכמס קינדער איז ער געווען פאַררעכנט ווי אַן אייגענער — ווי אַ פעטער. דאָס איז שוין ממילא געקומען פון ספעקטאָרס געמיטלעכקייט, פון זיין צוגעלאָזטן, היימישן כאַראַקטער. און שלום־עליכם, וואָס האָט זעלטן אַריינגעמישט זיינע ליטעראַרישע פריינד אין זיינע היימישע אינטערעסן, און נאָך זעלטענער זיך געקלאָגט אויף די שוועריקייטן פונעם לעבן אַפילו פאַר אייגענע מענטשן, האָט מיט ספעקטאָרן געמאַכט אַן אויסנאַם: „האָט קיין פאַראיבל ניט, — שרייבט ער אים איינמאָל אין אַ בריוו, — וואָס איך הענג אויף אייך אַן פרעמדע צרות. נאָר איך האָב

ניט נאָך אַ מאָל אַזאַ ספעקטאָר, וואָס איך זאָל פאַר אים קאָנען אַזוי פריי אויסגיסן מיין האַרץ..."

די באַציאונגען צווישןביידע פריינד זענען באמת געווען פרייע, אָפענע, אָן קיין שום פאַרשטעלענישן — דערהויפּט פון שלום־עליכמס זייט. מיט קיינעם פון זיינע ליטעראַרישע חברים, מיט די סאַמע נאָענטע, וואָלט שלום־עליכם, אויס אַ געוויסן אינערלעכן טאַקט, ניט געקאָנט אַריבערגיין אויף „דו", — נאָר מיט איין ספעקטאָרן. מיט קיינעם פון זיי האָט ער ניט געפירט אַזאַ אינטימע, אַלץ־אַנטפּלעקנדיקע קאָרעספּאָנדענץ, ווי מיט ספעקטאָרן. און אין קיין שום אַנדערע בריוו האָט זיך שלום־עליכמס הומאָר ניט צעגאָסן אַזוי פריי און אומגעצאַמט, ווי אין זיינע בריוו צו ספעקטאָרן. און אין פערזענלעכן פאַרקער האָט קיינער ניט אַזוי סטימו־לירט שלום־עליכמען צו הומאָריסטישע געשפּרעכן און שאַרפזיניקע איינ־פאַלן, ווי ספעקטאָר. ספעקטאָר ווידער פלעגט פון זיינע באַגעגענישן מיט שלום־עליכמען שטאַרק הנאה האָבן. אַ רייזע צו שלום־עליכמען איז פאַר אים געווען — אַ רייזע צוריק צו זיין יוגנט, צו זיין היים. זיין הנאה פלעגט ניט געשטערט ווערן אַפילו דעמאָלט, ווען ער אַליין איז געווען דער אָביעקט פון זיין חברס הומאָר. שלום־עליכם פלעגט פאַר אים אין די אויגן אים מייסטעריש „קאָפּירן" — זיין שפּראַך, זיינע השגות, זיינע עולם־הזהדיקע ניגונגען, זיינע געשמאַקע אַפּעטיטנע גע־שפּרעכן וועגן עסן (שלום־עליכם פלעגט דערביי ריידן, אויף ספעקטאָרס שטייגער, מיט אַ שטומפּעוואַטער צונג, זאָגן „עססען" מיט אַ סך „סמכן", און געקלונגען האָט דאָס, ווי „עפּפפען"). און ספעקטאָר פלעגט דאָס אַלץ אויסהערן ביז צום סוף מיט אַ גוטמוטיקן פרעגנדיקן שמייכל אויף זיין ראָזעווען פּנים און מיט איין אויג אַ צוגעמאַכטן, און לסוף זיך צעלאַכן גלייך מיט אַלעמען און זאָגן: „גיי שוין, גיי! דו הייבסט שוין אָן מיט דיינע שטיקלעך!"...

פון די דאָזיקע באַציאונגען צווישן די צוויי חברים האָב איך שוין גוט געוווסט. אין שלום־עליכמס הויז האָב איך מיך גענוג אָנגעהערט וועגן ספעקטאָרן. ביז אַהער איז מיר אָבער קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו זען זיי ביידן אינאיינעם, און איך האָב מיט גרויס אינטערעס אַרויס־

געקוקט אויף דער פאָרשטייענדיקער באַגעגעניש מיט ספּעקטאָרן, ווען איך האָב פערזענלעך געקענט פון די פריערדיקע יאָרן אין וואַרשע און אין ווילנע.

מיר האָבן דורכגעשניטן מיט דער באַן אַ טייל פון דער שווייץ, אַריינגעפאָרן אין דייטשלאַנד און זיך אויפגעהויבן אין אַ געפּאַקטן אויטאָבוס מיט שוואַרצוואַלדער פויערים צו דער פריש־גרינער, וואַלדיקער, באַרגיקער געגנט, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס שטעטל סט. בלאַזיען מיט דער באַרימטער סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־קראַנקע. צוזאַמען מיט שלום־עליכמען און זיין פרוי האָט אונדז ביי דער סטאַנציע אָפּגעוואַרט אויך ספּעקטאָר, און ער האָט זיך דערפרייט מיט אונדז ניט ווייניקער פון זיי. אין פאַרגלייך מיט שלום־עליכמען האָט ספּעקטאָר מיט זיין שווערן, בערישן הילוך און מיט זיין נאַקעטן גלאַנציקן שאַרבן אויס־געזען אַ סך עלטער, נאָר געהאַלטן האָט ער זיך דאָ אַרום שלום־עליכמען, ווי אַ יינגערער, געהאָרכזאַמער חבר. ער האָט אים געקוקט גלייך אין די אויגן און איז אַרומגעגאַנגען אַרום אים מיט מאָדנער פאָרזיכטיקייט, ווי אַרום אַן איידעלער כרופּקער כלי, און מיט עפּעס אַ רירנדיקער שעמעוודיקייט, — ווי ער וואָלט זיך געשעמט פאַר זיין קראַנקן חבר, וואָס ער אַליין פאַרמאָגט נאָך, קיין עין הרע, אַזאַ געזונט, געפּאַקט, ראָזעווע פּנים...

באַלד נאָך דער ערשטער באַגעגעניש, אינמיטן מאַרק, האָט מיך ספּעקטאָר אַוועקגענומען אָן אַ זייט און אָנגעהויבן מיט מיר צו ריידן אין גרויס התפּעלות פון דער נייער צייטונג, וואָס צוליב איר איז ער אַהער געקומען, — אַז סע גרייט זיך דאָרטן אין וואַרשע עפּעס גאָר אַ גרויסע זאַך!...

— אָטאָ־טאָטאָ־טאָ! שוין מיט זיין צייטונג! — רופט זיך אָן שלום־עליכם זייער פריילעך און טרעט גלייך אַריין אין זיין ספּעקטאָרשער ראָל. — וואָס שפּאַרט דיך אַזוי צו דער מינוט? לאָז אים פריער אָפּכאַפּן דעם אָטעם פון דער נסיעה. ער קער דאָך אַוודאי זיין הונגעריק — לאָז ער פריער גיין עפּעך עפּפּן (עפּעס עסן)...

— עפּעס עסן? — זאָגט ספּעקטאָר בתמימות און גיט זיך אַפילו

קיין קרים ניט פון שלום־עליכמס אויסשפּראַך. — טאַקע געטראָפן, ווי איך בין אַ ייד! לאָזן די קינדער טאַקע גיין עפּעס עסן, זיי זענען נעבאַך געוויס הונגעריק... שאַ, דו ווייסט גאָר וואָס? — טוט ער זיך אַ קער־אויס צו שלום־עליכמען מיט אַן אויפגעלויכטענעם פּנים, ווי איינער, וואָס אים איז באַפאַלן אַ גליקלעכע אידייע. — איך האָב אַ גאָלדענעם פּלאַן! לאָמיר אַלע אינאיינעם גיין מיט די קינדער ערגעץ אין אַ רעסטאָראַן, וועט מען זיצן ביי אַ טיש, מע וועט עסן און מע וועט שמועסן!...

— וואָס הייסט, מע וועט עסן? — פרעגט אים שלום־עליכם גאַנץ ערנסט. — דו אויך?... שעם זיך ניט, ספּעקטאָר! אפשר חלשט דיר דאָס האַרץ נאָך היינטיקן מיטאָג?...

ספּעקטאָר גיט אַ קוק אויף שלום־עליכמען פון דער זייט מיט אַ פרעגנדיקן שמייכל און צעלאַכט זיך:

— גיי שוין, גיי! ער איז דאָ מיט זיינע שפּיצלעך!... — און ער נעמט אונדז דערציילן מיט עכטער קינדערשער באַגייסטערונג, אַז שלום־עליכם האָט אים היינט, טאַקע ערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק, מכבד געווען ביי זיך אין סאַנאַטאָריע מיט אַ מיטאָג — האָט אים געמעגט עסן דער לאָדזער מיליאָנער פּאָזנאַנסקי! איר קאָנט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ מין מיטאָג דאָס איז געווען, אַז מע האָט דערלאַנגט צום טיש זיבן געריכטן מיט דריי קאָמפּאָטן, אַחוץ צימעס מיט שאָר ירקות!... איז דאָך דאָס אָבער שלום־עליכם מיט זיינע אַלטע שטיק — האָט ער אים, ווי איר קוקט אים אָטאָ אָן, אָפּגעטאָן אויף טערקיש. דהיינו? ביי יעדן געריכט, וואָס דער לאָקעי האָט דערלאַנגט, האָט אים שלום־עליכם אַלץ געשראָקן, ער זאָל נעמען אויפן טעלער וואָס מער, וואָרעם נאָך דעם וועט מען שוין גאָרנישט געבן... בקיצור, ער איז דאָך אין דער פרעמד, צווישן דייטשן, וואָס ווייסט ער? האָט ער שלום־עליכמען געפאָלגט און געלייגט אויפן טעלער וואָס מער, און האָט זיך אַזוי אָנגעגעסן, הערט איר, אַז ער וועט שוין היינט, האָט ער מורא, גאָרניט וועלן עסן קיין וועטשערע...

— האָב קיין יסורים ניט, — זאָגט שלום־עליכם, — ביז וועטשערע וועסטו ווייכער ווערן...

ספעקטאָר גיט אַ קוק אויף שלום־עליכמען מיט איין שמייכלענדיקן אויג, פון וועלכן עס רעדט־אַרויס אָפענע פאַרליבטקייט.

אונדזער אָנקומען, צוזאַמען מיט ספעקטאָרס צו־גאַסט זיין, ברענגט אַריין שלום־עליכמען גאָר אין אַ געהויבענער שטימונג. נאָר לאַנג פאַר־ברענגען מיט אונדז קאָן ער ניט. ער מוז גלייך גיין צוריק אין דער סאַנאַטאָריע, וואָס קוקט אַראָפּ אין שטעטל פון צופוסנס אַ באַרג, מיט אַ סאָסנאָוון וואַלד אין הינטערגרונט. ס'איז איצט פונקט די צייט פון נאָכמיטאָגדיקער „ליגעקור" פאַר די קראַנקע, און די סאַנאַטאָריע איז אַ דייטשע, מיט אַ שטרענגן דייטשן רעזשים, ווי אין אַ קאַזאַרמע. גייט ער אַוועק, און מיר לאָזן זיך מיט די פעקלעך אין מעבלירטע צימערן, וואָס מע האָט פאַר אונדז צוגעגרייט — אין דעם זעלבן פלאַץ, ווו ספעקטאָר שטייט איין. אויפן וועג קערט זיך ספעקטאָר ווידער אום צו דער נייער צייטונג, וואָס ער גרינדעט אין וואַרשע, — אַז דאָס וועט זיין פונקט אַזאַ מין צייטונג, פון וועלכער זיי ביידע, ער און שלום־עליכם, חלומען זייער גאַנץ לעבן!... אין דער צייטונג באַטייליקן זיך דריי שותפים: צוויי ליטעראַטן — ער און דער העברעאישער שרייבער י. ח. זאַגאָראָדסקי, און איין קאַפּיטאַליסט — אַ וואַרשעווער סוחר מיטן נאָמען מילשטיין, אַ מענטש אַ דימענט, וואָס לייגט־אַריין אינעם געשעפט שווערע צענדליקער טויזנט רובל. ס'איז אַלצדינג אין דער בעסטער אָרדענונג. נאָר וואָס־זשע דען? זיי מוזן האָבן צום רומל שלום־עליכמען. אָן שלום־עליכמען קאָנען זיי גאָר צום טיש ניט גיין. מע וועט דאַרפן אויסשטיין אַ שווערן קאַמף, אויסהאַלטן אַ ביטערע קאָנקורענץ פון די צוויי אַנדערע וואַרשעווער צייטונגען, — מוז מען זיך גוט אונטער־גאַרטלען... ווי מיין איך — שלום־עליכם וועט זיך לאָזן דינגען?...

איך ווייס נאָך ניט, ביי וואָס עס האַלט דערווייל, צי איך אָפּ דאָס געשפּרעך אָן אַ זייט און פרעג אים, ווי אַזוי האָט ער געפונען שלום־עליכמען איצט, אין זיין קראַנקן צושטאַנד?

— דאַנקען גאָט, דאַנקען גאָט! — זאָגט ספעקטאָר האַרציק־ערנסט. — דער זעלבער שלום־עליכם ווי געווען, ניט געמינערט אַ האָר!... הערט איר, אַז איך בין געפאָרן אַהער, האָט אויף מיר געציטערט די הויט

פאַר שרעק. גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ שלום־עליכם איך וועל דאָ חלילה טרעפן נאָך די אַלע זאַכן! עפּעס אַ ווערטעלע אויסצורעדן — אַ מענטש שפּייט מיט בלוט, ניט פאַר אונדז ביידן געדאַכט... און איר דאַרפט וויסן, אַז שלום־עליכם פאַר ספּעקטאָרן איז ניט דאָס, וואָס פאַר אַלעמען. פאַר אַלעמען איז ער טאַקע שלום־עליכם, אָבער פאַר ספּעקטאָרן איז ער שלום־עליכם מיט נאָך עפּעס, מיט אַ צולאָג... ווי צוויי פינגער פון איין האַנט... איר זענט דאָך אַ יונגערמאַן אַ בעלעטריסט, דערצו קענט איר גוט לשון־קודש, דאַרף מען דאָס אַייך ניט צעקייען... בקיצור, איך קום צו פאָרן, איך גיב אַ קוק אויף מיין שלום־עליכמען — איז מיר, הערט איר, אַ שטיין אַראָפּ פונעם האַרצן. דאַנקען גאָט, דער זעלבער שלום־עליכם ווי געווען!... דער זעלבער ליכטיקער קוק, דער זעלבער ברען... איר האָט באַדאַרפט זען, ווי אַזוי ער האָט מיך אַרומגעפירט ביי זיך אין סאַנאַטאָריע, ווי אַזוי ער ניאַנטשעט זיך דאָ מיט מיר — ס׳איז שלום־עליכם! מע דאַרף שלום־עליכמען קענען!... הערט איר? נעכטן איז ער געגאַנגען מיט מיר שפּאַצירן אין וואַלד, געפירט דווקא עפּעס אויף אַ וועג, וואָס די דייטשן האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „פילאָזאָפן־וועג“, — טוט שלום־עליכם צו מיר אַזוי אַ זאָג: „אַלע פילאָזאָפן פון דער גאַנצער וועלט האָבן שוין דאָ געשפּאַצירט, עס האָבן נאָר געפעלט, זאָגט ער, צוויי באַרימטע פילאָזאָפן — שלום־עליכם און ספּעקטאָר. וואָס־זשע טוט גאָט? נעמט דער פילאָזאָף שלום־עליכם און ווערט קראַנק, און דער פילאָזאָף ספּעקטאָר קומט אין סאָבלאַזן אים מבקר חולה זיין — שפּאַצירן איצט ביידע פילאָזאָפן, גאָט צו דאַנקען, אויפן „פילאָזאָפן־וועג“... ס׳איז אַ זאָג, פאַרשטייט איר מיך, פון שלום־עליכמען — ס׳איז גאָלד מיט זילבער!... אָדער, אַשטייגער, היינט פאַרמיטאָג אין דער סאַנאַטאָריע פירט ער מיך אַריין וואַשן די הענט אין אַ מירמלשטיינערנעם וואַש־צימער, וויזט מיר אויף די ריינע טרוקענע האַנטיכער, וואָס בלאַנקען ווי געפּאַלענער שניי, און מאַכט צו מיר אַזוי: „אַנו, זאָגט ער, ספּעקטאָר, ווי אַזוי געפעלן דיר די דאָזיקע האַנטיכער? איאָ, זאָגט ער, פּונקט ווי דאָס פּיטש־נאַסע חודש־האַנטוך אינעם קאָדניער בית־מדרש, ביים האַנט־פאַס, ווו אַ גאַנץ שטעטל מיט יידן זאָגן „אשר יצר“?... איר ווייסט די

טייטש פון „חודש־האַנטוך"? דאָס איז אַ האַנטוך, וואָס מע הענגט־אויף אין שול פון איין ראש־חודש ביזן אַנדערן... אַ גאָלדן וואָרט!... אַז שלום־עליכם זאָגט אַ וואָרט, איז דאָס נאָר צו דרוקן... היינט דאָס בילד פונעם קאָדניער בית־מדרש מיט די אשר־יצר־יידן!... אַי, קען ער דאָס יידישע לעבן! אַי, דאַרף ער זיין געזונט! אין ער וועט, מירצעשעם, הערט איר, געוויס זיין געזונט. פון דעם עסן אַליין, וואָס מע גיט דאָ עסן, קאָן מען שוין ווערן געזונט...

## כד
# „די נייע וועלט“

ספעקטאָרס באַזוך אין סט. בלאַזיען האָט שלום־עליכמען אי אויפ־געמונטערט, אי אויפגערודערט. פון איין זייט האָט ער זיך באמת מחיה געווען מיט אַזאַ נאָענטן חבר, וואָס איז געקומען פון דעם סאַמע ליטע־ראַרישן קאָך אין ווארשע און מיטגעבראַכט מיט זיך פון דאָרט ריחות און קלאַנגען פון דער ספּעציפיש־שרייבערשער סביבה, וואָס רייצן אַזוי דעם אויסגעהונגערטן פּראָפעסיאָנעלן חוש פון אַ זייטיקן איינזאַמען שריפטשטעלער. אין דעם אָפּגעזונדערטן מאָנאָטאָנעם לעבן, וואָס שלום־עליכמען איז איצט אויסגעקומען צו פירן אין זיין קראַנקן צושטאַנד, איז אַזאַ גאַסט פאַר אים געווען אַ גרויסע אָפּפרישונג. עס איז אים נאָר ניט איינגעגאַנגען, וואָס דאָ אין סט. בלאַזיען קאָן ער ניט אַרויסווייזן ספּעק־טאָרן אַזאַ ברייטע גאַסטפריינדלעכקייט, ווי ער האָט ליב און ווי ספּעק־טאָר איז מסוגל אויפצונעמען און אָפּצושאַצן. דורך דעם, וואָס ער איז געזעסן אין דער סאַנאַטאָריע און די פאַמיליע האָט זיך אויפגעהאַלטן אין מעבלירטע צימערן, אָן אייגענער באַלעבאַטישקייט, איז צעשטערט געוואָרן דער גוטער געמיטלעכער גייסט פון זיין הויז. ער האָט גע־מוזט יוצא זיין קעגן זיין גאַסט נאָר דערמיט, וואָס ער האָט אים מכבד געווען מיט רייכע מאָלצייטן אין דער רייך־אַוועקגעשטעלטער סאַנאַ־טאָריע, און אויך דערמיט, וואָס ער האָט אים אין די פרייע שעהן פון זיין פאַציענטן־רעזשים אַרומגעפירט וועיזן די חידושים פון שוואַרצוואַלד — ווי אַזוי די דייטשן לעבן אויף דער וועלט. און ספּעקטאָר איז אויף אַזעלכע חידושים געווען דער דאַנקבאַרסטער קונד. ער האָט זיי אויפ־גענומען מיט דער זעלבער קינדערשער התפּעלות, מיט וועלכער שלום־עליכם האָט זיי אַרויסגעשטעלט. אין דעם איז ספּעקטאָר געווען שטאַרק ענלעך אויף זיין חבר: ער האָט אויך פאַרמאָגט אַן אָפן אויג און

אַ דאָרשטיק האַרץ פאַר גאָטס געוויינלעכע, טאָג־טעגלעכע ווונדער. דער אונטערשייד צווישן ביידן איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס שלום־עליכם האָט אַלץ, וואָס ער האָט געזען אין דער פרעמד, גיך תופס געווען און לייכט איבערגעקאָכט, ווי אייגנס, און ספעקטאָר האָט זיך געהאַלטן פון דעם אַ ביסל אָפּגערוקט אָן דער זייט, מיט יראת־הכבוד, ווי אַ פרעמדער באַוווּנדרער, נייגעריק געקוקט מיט צעפלאַמטע באַקן און מיט צעברענטע לעבעדיקע אויגן און געגאַפּט. דאָס איז געווען זיין ערשטע נסיעה אין אויסלאַנד, און כאָטש ער האָט זינט די יונגע יאָרן געלעבט אין די רוסלענדישע הויפּט־שטעט, אין פעטערבורג און אין וואַרשע, האָבן אים די דייטשן צעטומלט. פון בערלין איז ער אַראָפּ־געקומען אַ געפּלעפּטער: אַזאַ גלאַנץ, אַזאַ געזונטע ציכטיקייט, אַזאַ פולע, הונדערט־פּראָצענטיקע גאַנצקייט! היינט דאָס עסן, וואָס מען עסט דאָרטן, און די ימען ביר, וואָס מע טרינקט דאָרטן אויס פאַר אַ טאָג! אין דעם באַרימטן קעמפּינסקי־רעסטאָראַן קלייבן זיך צוזאַמען אַלע דייטשן, די גאַנצע דייטשע נאַציע, מיט ווייבער און קינדער, אונטער איין דאַך, מע זיצט ביי ווייס־געדעקטע טישן, אין דער וואַרעמער, גע־שמאַקער לופט פון אַלערליי געבראָטנס, און מען עסט!...

פון דער צווייטער זייט איז אָבער ספעקטאָר אַהער געקומען ניט סתם ווי אַ גאַסט, נאָר אין שליחות פון אַ „געשעפט" — און דאָס האָט שלום־עליכמען אַ היבש ביסל צערודערט. פון זיינע פריערדיקע פאַר־בינדונגען מיט ספעקטאָרס ליטעראַרישע אונטערנעמונגען איז ביי אים פאַרפעסטיקט געוואָרן דער איינדרוק, אַז ספעקטאָר באַגייט זיך מיט אים ניט אַלע מאָל מעשה חבר: צום אָנהייב, ביים ערשטן אַרויספאָר, ציט ער אים אַריין אין זיין אונטערנעמונג צוליב אייגענער באַקוועמ־לעכקייט, ער זאָל האָבן אויף וועמען אַרויסצופאָרן, און שפּעטער לאָזט ער אים איבער אויף די פרעמדע הענט פון די אַרויסגעבער, זיי זאָלן אים עקספּלואַטירן אויף זייער שטייגער. דערהויפּט איז ביי אים פאַרבליבן אַ פאַרדראָס קעגן ספעקטאָרן נאָך דער לעצטער געשיכטע מיט די אַרויס־געבער פון „אונזער לעבען": שלום־עליכם איז אַריינגעטראָטן אין יענער צייטונג נאָר צוליב זיין חברשאַפט מיט ספעקטאָרן, וואָס איז דאָרט

געווען אַ שותף און רעדאַקטאָר, און לסוף, אַז די אַרויסגעבער האָבן אים שענדלעך באַהאַנדלט און שטילערהייט געבאַלעבאַטעוועט מיט זיין „מבול", האָט זיך ספעקטאָר געמאַכט דערפון ניט־וויסנדיק. שפעטער האָט ספעקטאָר זיך פאַרענטפערט, אַז ער אַליין איז געווען אַ געקריוו־דעטער פון די אַרויסגעבער און האָט זיך קעגן זיי געפילט הילפלאָז. נאָר שלום־עליכם האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ שוואַכן תירוץ: ווי אַזוי לאָזט מען באַראַבעווען אַ חבר אַזוי מיאוס — און מע שווייגט, מע שרייבט אים דערפון אַפילו קיין בריוו ניט?...

און אָט איז ספעקטאָר ווידער געקומען מיט אַ צייטונג, ווידער מסתמא אַריינשלעפן אים אין אַ נייער צרה... שלום־עליכם, אין זיין קראַנק־האַפטן, נערווועזן צושטאַנד, האָט זיך דערפון געפילט מאָדנע געערגערט: אָט דער ספעקטאָר, אָט דער „יידישער מוזשיק" (אַזוי האָט מען ספעק־טאָרן גערופן אין די ליטעראַרישע קרייזן, אויפן נאָמען פון זיין פאָפולערן ראָמאַן „דער יידישער מוזשיק"), איז קאַפּאַבל אויסצונוצן אים אַפילו קראַנקערהייט! פריער, אַז מע האָט גענאַרפט פון אים עפּעס אַ הילף, איז שווער געווען אַרויסצוציען פון אים אַ בריוו, ווי פון פעך, און איצט, אַז ער דאַרף האָבן יענעם — פאָרט ער אַזש קיין אויסלאַנד, שטעלט־אַיין דאָס לעבן און לאָזט זיך אויף קידוש־השם צווישן דייטשן!... צו דעם דאָזיקן פאַרדראָס האָט דאָ נאָך געוויס צוגעשפּילט דאָס פאַרבאָרגענע ביטערע געפיל פון אַ קראַנקן מענטשן: אין דער צייט, וואָס ער אַליין ליגט אין אַ סאַנאַטאָריע, שמאַיעט אַרום זיין חבר, אַ געזונטער, אַ בליענ־דיקער, אַ טעטיקער, גרינדעט צייטונגען, פאָרט איבער דער וועלט אַנ־שטעלן מיטאַרבעטער... עס האָט שיער ניט געהאַלטן דערביי, נאָך בשעת מיר זענען געווען אין דער שווייץ, איך זאָל שרייבן ספעקטאָרן קיין בערלין, ער זאָל שאַנעווען שלום־עליכמס געזונט און זאָל בעסער ניט קומען דולן אים אַ קאָפּ מיט דער נייער צייטונג. דער בריוו איז אָבער ניט געשריבן געוואָרן — פשוט דערפאַר, ווייל שלום־עליכם האָט דאָך געוואָלט האָבן ביי זיך ספעקטאָרן פאַר אַ גאַסט...

ספעקטאָר אַליין האָט זיך אויך געפילט ווי שולדיק קעגן שלום־עליכמען זינט דער מעשה מיטן „מבול", און האָט זיך געשראָקן, אַז

ער וועט דאָ האָבן אַ שווערע פעסטונג איינצונעמען. די ערשטע טעג אין סט. בלאַזיען איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום שלום־עליכמען אַ פּאַרטאַיעטער, אַ טיף־פאַרזאָרגטער, אַלץ געקוקט אים אין די אויגן אַריין, געוואָלט טרעפן, ווו האַלט ער מיט אים אין דער וועלט. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אין זיך אַ כוח, וואָס האָט שלום־עליכמען גיך גובר געווען. דער דאָזיקער כוח איז געווען — זיין אויפריכטיקע פאַרערונג פאַר שלום־עליכמס הויך־טאַלענטירטער פערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך ביי אים אויסגעדריקט ניט אַזוי אין ווערטער, ווי אין דעם וואַרעמען אַנציקטן גלאַנץ פון זיינע אויגן, מיט וועלכן ער האָט נאָכגעפאָלגט שלום־עליכמס יעדן וואָרט און יעדע באַוועגונג. פון דער דאָזיקער וואַרעמקייט האָט דאָס אייז גיך אָנגעהויבן צו שמעלצן און אַלע קריוודעס זענען פאַרטונקלט געוואָרן. שלום־עליכם האָט געוווסט פון זיין לאַנגער פּראַקטיק, אַז אין קיין שום אַנדער צייטונג וועט ער ניט זיין אַזאַ ליבער, אָנגעלייגטער מיטאַרבעטער און וועט זיך ניט פילן אַזוי פריי און אַזוי היימיש, ווי אין ספּעקטאָרס צייטונג — און דאָס האָט אַריבערגעוואויגן די שאָל. אויסער דעם, האָט ספּעקטאָר הייס פאַרזיכערט און זיך פּראָסט געשוואָרן, אַז ער ווייסט די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס ער נעמט אויף זיך קעגן שלום־עליכמען אין זיין קראַנקער לאַגע, און ער וועט אים מיט גאָטס הילף אָפּהיטן, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג. און ניט נאָר ער אַליין — זיינע צוויי שותפים אין דער נייער צייטונג ווייסן אויך ווי הויך צו שעצן שלום־עליכמס ווערט פאַרן יידישן לעזער. דאָס זענען ניט די עמי־הארצים פון „אונזער לעבען״! פון זאַגאָראָדסקין איז דאָך אָפּגערעדט — אַליין אַ שרייבער, און אַ גרויסער קענער, און אַ שאַרפער בעל לשון־קודש. נאָר אַפילו דער צווייטער שותף, דער קאַפּיטאַליסט מילשטיין, איז אויך אַן איידעלער ייד, ערלעך ביזן ביין, און אַ מענטש אַ דימענט. ער האָט אים בפירוש געזאָגט פאַרן אַוועקפאָר, אַז געלט וועט דאָ ניט שפילן קיין ראָל — שלום־עליכם דאַרף באַקומען דאָס, וואָס אים קומט!...

מיר האָבן געהאַט צווישן זיך אַ באַראַטונג. די וויכטיקסטע פראַגע איז דאָ געווען: צי קאָן שלום־עליכם קראַנקערהייט זיך אונטערנעמען צו שרייבן פאַר אַ צייטונג יעדע וואָך? מע האָט געמוזט די זאַך אַוועק־

שטעלן אויף אַ מינימאַלער צאָל שורות פאַרן ערשטן יאָר: אַ מינימום פון צוועלף טויזנט שורות קעגן אַ מינימום פון דריי טויזנט רובל יערלעך. דאָס האָט אויסגעמאַכט פינף־און־צוואַנציק קאָפּיקעס פאַר דער שורה — גאָר אַ הויכער האָנאָראַר פאַר אַ יידישן שרייבער יענע טעג (אין אָנשטענדיקע יידישע צייטונגען האָט מען דעמאָלט געצאָלט פון פינף ביז צען קאָפּיקעס אַ שורה). שלום־עליכם האָט דערביי אַרויסגעזאָגט אַ השערה, אַז וויבאַלד ספּעקטאָר וועט דערהערן אַזאַ פּרייז, וועט ער שטיל אַיינפּאַקן זיין טשעמאָדאַן און וועט אַוועקפאָרן אָן אַן ענטפער...

ער האָט אָבער געהאַט אַ טעות. ספּעקטאָר האָט זיך טאַקע לכתחילה ווי דערשראָקן פאַר דער סומע פון דריי טויזנט רובל אַ יאָר, געקוקט מיט צעטומלטע אויגן, נאָר ער האָט אויסגעהאַלטן כאַראַקטער און באַלד געזאָגט, אַז ס'איז, דאַכט זיך, ביים וועג, און אַז ער האָפט מיט גאָטס הילף דורכצופירן ביי זיין קאַפּיטאַליסט אין וואַרשע די דאָזיקע סומע, בפרט אַז יענער האָט אים אויסדריקלעך געזאָגט פאַרן אַוועקפאָר, אַז געלט איז בלאָטע...

איך האָב באַדאַרפט אויסאַרבעטן דעם קאָנטראַקט, וואָס ספּעקטאָר האָט געזאָלט אַוועקפירן צו זיינע וואַרשעווער שותפים אויף אונטערצו־שרייבן. אַז מיר זענען געקומען פון דער סאַנאַטאָריע אין אונדזערע מעב־לירטע צימערן, האָט זיך ספּעקטאָר אַוועקגעזעצט ביים טיש אַ פאַר־זאָרגטער, אַ פאַרטיפטער אין געדאַנקען, און עפּעס גענומען לאַנג רע־כענען אויף שטיקלעך פּאַפּיר.

— פאַני בערקאָוויטש, קומט אַקאָרשט אַהער, — מאַכט ער צו מיר מיט געבעט, — איר זענט דאָך עפּעס אַ יונגערמאַן מיט אַ גמרא־קעפּל: אַשטייגער, צוועלף טויזנט געטיילט אויף דריי טויזנט — קומט ניט אויס פיר?

— געוויס פיר! — זאָג איך און גיי־צו צום טיש. — אַקעגן וואָס פרעגט איר דאָס?

— גאָרנישט, גאָרנישט! — זאָגט ער עפּעס זייער האַפּעדיק. — איך האָב דאָ געוואָלט אויסחשבונען מיינעם אַ חשבון...

איך האָב געכאַפּט אַ קוק אויפן טיש. אויף אַלע פּאַפּירלעך איז

געמאַכט געוואָרן מיט גרויסע דיקע ציפער דערזועלבער חשבון: צוועלף טויזנט געטיילט אויף דריי טויזנט, און אומעטום איז אויסגעקומען פיר. עס איז געווען קלאָר, אַז ספּעקטאָר האָט דאָ געזוכט צו דערגיין, וויפיל וועט אויסמאַכן שלום־עליכמס האָנאָראַר פון דער שורה, — האָט ער געטיילט, ווי געוויינלעך, די גרעסערע צאָל אויף דער קלענערער.

אַז מיר האָבן דאָס דערציילט שלום־עליכמען, איז אים באַפאַלן אַ מאָדנע פריילעכקייט:

— אוי, ספּעקטאָר, ספּעקטאָר! ער איז דאָך ווערט אַ מעדאַל!... נאָר, למען השם, זאָגט אים דערווייל ניט אויס! זאָל ער זיך טרייסטן, אַז ער האָט געהאַנדלט ביי שלום־עליכמען אַ מציאה. זאָל ער האָבן כאָטש אַ חיי־שעה...

דאָס „חיי־שעה" האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. איך האָב פאַר ספּעקטאָרן פאַרטיק געמאַכט דעם קאָנטראַקט, אין וועלכן עס איז דייטלעך געשטאַנען: „צוועלף טויזנט שורות פאַר דריי טויזנט רובל, וואָס דאָס מיינט פינף־און־צוואַנציק קאָפּיקעס פון דער שורה".

נאָר אויך דאָס מאָל האָט ספּעקטאָר אויסגעהאַלטן כאַראַקטער. ער איז אַפילו געוואָרן שטאַרק מטושטש און איז קודם־כל אָנגעפאַלן אויף מיר:

— וואָס זשע האָט איר געזאָגט — פיר?... פינף־און־צוואַנציק — דאָס פאַרשטיי איך!...

ער האָט זיך אָבער באַלד באַרואיקט און, אַדרבה, זיך צעוואַרעמט:

— הערט איר? אויף מיין וואָרט, איך פאַרגין דאָס שלום־עליכמען מיטן גאַנצן האַרצן! ער האָט דאָס ביי אונדז יידן כשר פאַרדינט! ער איז ביי אונדז אַ בן יחיד!... אוי, הערט איר? וואַרשע וועט דאָך גיין כאָדאָראָם פון אַזאַ האָנאָראַר — עס וועט זיך טאָן חושך!... און איך וועל דאָס מיט גאָטס הילף דורכברעכן ביי מיינע שותפים, אַבי שלום־עליכם זאָל נאָר זיין געזונט און קאָנען שרייבן...

איצט האָט נאָר געפעלט איין זאַך: מע האָט באַדאַרפט געפינען פאַר דער צייטונג אַ נאָמען. וואָרעם די נייע צייטונג האָט נאָך קיין נאָמען ניט געהאַט, און ספּעקטאָר האָט זיך געקלאָגט, אַז ער שלאָפט קיין נעכט ניט, דער מוח שפּאַלט זיך אים: ער האָט שוין איבערגעטאַפּט אין

געדאַנק אַלע נעמען, וואָס מע קאָן געבן אַ יידישער צייטונג, און ניט געפונען איינעם קיין רעכטן. עס בלייבט אים ניט אַנדערש, נאָר אַרויס־לאָזן די צייטונג מיט אַ גלאַטן קאָפּ, גאָר אָן אַ נאָמען!... דעם לעצטן טאָג פאַר זיין אַוועקפאָר האָט ער מיט אונדז אָפּגעמאַכט, אַז אינאָוונט, נאָכדעם ווי מע וועט אָפּעסן וועטשערע, וועלן מיר זיך אַלע צונויפקלייבן אין דער סאַנאַטאָריע, ביי שלום־עליכמען אויפן באַלקאָן, מע וועט טרינקען טיי און עפּעס צובייסן, און מיט פאַראייניקטע כוחות וועלן מיר זיך אַ נעם טאָן זוכן אַ נאָמען פאַר דער צייטונג — אפשר וועט גאָט רחמנות האָבן...

אויף אונדזער זיצונג אין שלום־עליכמס סאַנאַטאָריע האָט זיך אָבער אַרויסבאַוויזן, אַז ס'איז גאָרניט אַזוי לייכט צו געפינען אַ פּאַסיקן נאָמען פאַר אַ יידישער צייטונג. ווי יונג די יידישע פּרעסע איז דעמאָלט ניט געווען, האָט מען שוין אַלע בעסטע נעמען געהאַט פאַרברויכט. עס איז ניט געווען קיין אַנדער עצה, סיידן איבערניצעווען די אַלטע נעמען פון די פאַרשטאָרבענע צייטונגען. האָט אָבער ספּעקטאָר דערקלערט, אַז פון אַ בית־עולם נעמט ער ניט. זענען מיר אַלע געזעסן, זיך געבראָכן די קעפּ, געפינטלט מיט די אויגן צום אָפענעם הימל, נאָר ס'איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען. דערזען, אַז די זאַך ווערט נודנע, האָט שלום־עליכם אָנגע־הויבן אַרויסלייגן הומאָריסטישע נעמען: „די קאַטשעלקע", „דאָס ריב־אייזן", „דער צוויאָק", „די זעג", „דער קוימענקערער", „די קעסלפּויק", „דער זאַאיקע"... און מיט אַ מאָל האָט ער זיך אָנגערופן גאַנץ ערנסט:

— דו הערסט, ספּעקטאָר, וואָס איך וועל דיר זאָגן? צו וואָס זאָלן מיר דאָ מאַכן אָנשטעלן, זוכן אַלץ הויכע, הימלדיקע נעמען, ווי „די זון"... „דער מאָרגנשטערן", „דאָס ליכט", „דער געדאַנק"?... אַמער לאָמיר דאָס אָנרופן מיטן אמתן, ערלעכן נאָמען, אָן מאַסקעס און אָן שום פאַרשטעלענישן. די צייטונג זאָל הייסן — „די פּאַרדופּע".

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין שלאַק? — פרעגט ספּעקטאָר אין פריילעכן טאָן.

— פּשוט — זאָגט שלום־עליכם — „די פרנסה". דיין פרנסה, מיין פרנסה — דער אמתער אמת... נאָר אַזוי ווי נאָכן עסן איז ביי דיר, ניט

אין מיין מאָס, אַ ביסל פאַרלייגט די נאָז, און די צייטונג איז דיין צייטונג, וועט דאָס אויף דיין שפּראַך קלינגען גאָר שיין: „די פּאַרדופּע”... *

ספּעקטאָר מאַכט צו אַן אויג און קוקט אויף שלום־עליכמען מיט אַ פרעגנדיקן שמייכל, ניט ווייסנדיק, ווי אַזוי ער זאָל די זאַך אויפ־נעמען — ווי אַ שטאָך, צי ווי אַ גוטמוטיקן וויץ?

— אָדער שאַ! — זאָגט שלום־עליכם. — לאָמיר די צייטונג גאָר רופן „דאָס אויג”. שטעל דיר פאָר, אַ ייִד קומט־צו צום צייטונגס־פאַר־קויפער, מאַכט־צו איין אויגל, אָט פונקט ווי דו אַצינד, און טוט אַ זאָג: „אַנו, נעמט מיר אַקאָרשט אַרויס „דאָס אויג!”...

— גיי שוין, גיי! — צעלאַכט זיך ספּעקטאָר שוין גאָר פריילעך. — ער האָט שוין אָנגעהויבן! שלום־עליכמקע מיט זיינע שפּיצלעך!... מיר שפּאַלט זיך דער מוח, און אים קריכן אין קאָפּ נאַרישקייטן!...

דער רעזולטאַט פון אונדזער זיצונג איז געווען, אַז שלום־עליכם האָט פאַר ספּעקטאָרס נייער צייטונג אָנגעשריבן אַ לאַנגן פעליעטאָן, אין עטלעכע פאָרזעצונגען, מיטן נאָמען: „פאַרוואָס איך גיב ניט אַרויס קיין צייטונג” (שפּעטער געדרוקט אין אַ באַזונדערן העפט אונטערן טיטל „איבער אַ נאָמען”). אין דעם פעליעטאָן האָט ער דערציילט אין הומאָריסטישן נוסח, ווי אַזוי די גרינדונג פון אַ נייער צייטונג איז בטל געוואָרן נאָך דערפאַר, ווייל עס האָט פאַר איר ניט געסטייעט קיין נאָמען. פאַראיינוועגס האָט ער שוין געגעבן די פּאָרטרעטן פון יידישע צייטונגס־אַרויסגעבער אין יענע טעג, און כאָטש ער האָט ספּעקטאָרס שותפים ניט געקענט פערזענלעך, האָט ער דאָך צוגעטראָפן איינציקע שטריכן פון זייער כאַראַקטעריסטיק.

ספּעקטאָר איז אָוועקגעפאָרן פון סט. בלאַזיען אַ צופרידענער אי מיט זיין באַזוך, אי מיטן קאָנטראַקט, וואָס ער האָט אָוועקגעפירט פון

---

* דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז דאָס איראָנישע וואָרט „פּינוסע”, וואָס איז שטאַרק פּאָפּולער אין די ניו־יאָרקער קיבעצאַרניעס, שטאַמט טאַקע פון שלום־עליכמס „פּאַרדופּע”, מיט וועלכער דער ליטעראַרישער עולם אין רוסלאַנד איז געווען באַקאַנט נאָך פאַר דער וועלט־מלחמה. אין אַמעריקע האָט דאָס זעלבע וואָרט באַקומען אַ גאַליציאַנער ניואַנס.

שלום־עליכמען. די אײַנדרוקן פון זיין באַזוך האָט ער באַשריבן אין אַן אַרטיקל אינעם ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט", אונטערן נאָמען: „ביי שלום־עליכמען אין שוואַרצוואַלד". און דעם קאָנטראַקט האָט ער גיך צוריקגעשיקט מיט די אונטערשריפטן פון אַלע שותפים: דער האָנאָראַר פון פינף־און־צוואַנציק קאָפּיקעס אַ שורה איז אַקצעפּטירט געוואָרן. ער האָט אויך געגעבן צו וויסן, אַז די צייטונג האָט שוין מיט גאָטס הילף אַ נאָמען: זי וועט הייסן „די נייע וועלט". פאַרוואָס די נייע וועלט? ווייל סתם „די וועלט" האָט שוין געהייסן אַמאָל אַ ציוניסטישע וואָכנשריפט, וואָס האָט זיך אָפּגעמוטשעט אַ יאָר און איז געשטאָרבן — און פון אַ בית־עולם נעמט ער ניט...

שלום־עליכם האָט זיך געפילט זייער געהויבן מיט דעם גרעסטן האָנאָראַר פון אַ יידישער צייטונג, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זיין חלק, און ער האָט דאָס מפרסם געווען צווישן זיינע נאָענטע פריינד אין בריוו. און צו זיינע נייע אַרויסגעבער האָט ער צוגעשיקט אַזאַ באַגריסונג:

סאַנאַטאָריום סט. בלאַזיען (שוואַרצוואַלד),
28סטן יוני, 1909.

זייער געערטע הערן אַרויסגעבער פון „די נייע וועלט", ל. מילשטיין, מ. ספעקטאָר און י. ח. זאַגאָראָדסקי!

באַקומען אַ ידיעה פון מיין פריינד ספעקטאָר, אַז אייער געפּלאַנטע נייע יידישע צייטונג אין וואַרשע איז שוין אַריבער אין דער ווירקלעכקייט און האָט שוין אפילו אַ נאָמען — „די נייע וועלט" — אַייל איך מיך צו זיין פון די עשרה ראשונים צו אָפּגעבן אַייך אַ מזל־טוב און שיקן אַייך פונדערווייטן מיינע בעסטע ווונטשן און ברכות פון אַן אמתן גוטן פריינד. יהי רצון — עס זאָל זיין דער ווילן, אַז אייער „נייע וועלט" זאָל זיין אַ פרייע, אַ ליכטיקע, אַ ריינע וועלט פאַרן יידישן פובליקום, אַ וועלט, וואָס גאָט און לייט זאָלן איר מקנא זיין, בכדי עס זאָל מקוים ווערן דער פסוק „קנאת סופרים תרבה חכמה"... דאָס, אייגנטלעך, ווינטש איך דעם צוקונפטיקן לעזער פון אייער צייטונג: אַייך, אַרויסגעבער, ווינטש איך, אַז דאָס נייגעבוירענע קינד אַייערס זאָל זיין אַ געראָטן קינד,

מיט מזל און מיט לאַנגע יאָר, איר זאָלט אין דעם זען פיל נחת און אַלדאָס גוטס, בכדי עס זאָל מקוים ווערן דער צווייטער פסוק: „והחזיקו שבע נשים בגאַזעט אחד"...

און ווייל איך געפין מיך דאָ אין סאַנאַטאָריום און בין פאַרנומען מיט שרייבן נייע מעשיות — מאַך איך מיין איצטיקן שרייבן צו אייך בקיצור, מיט דער האָפענונג, אַז איר וועט אַליין פאַרשטיין, אַז וואָס ווינציקער געזאָגט — איז אַלץ מער געמיינט, וועט דערמיט מקוים ווערן אַ דריטער פסוק: „מאַלאָ ריידעלע — מנאָגאָ מיינעלע"...

און נאָך אַ מאָל מזל־טוב אייך!

שלום־עליכם.

## כה
# צווישן „האַלבע מתים״

ערשט נאָכדעם ווי ספּעקטאַר איז אַוועקגעפאָרן און די אויפרודערונג מיט זיין נייער צייטונג איז אַיינגעשטילט געוואָרן, האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייט זיך רעכט אַרומצוקוקן, וואָס פאַר אַן אָרט סט. בלאַזיען איז. מיר האָבן זיך דאָ פּלוצעם דערפילט ווי פאַרוואָרפענע אויף אַן איינזאַמען אינזל. דאָס איז געווען אַ קליין דייטשיש שטעטל, טיף פאַרוקט צווישן די באַרגיקע וועלדער פון דרום־שוואַרצוואַלד, וואָס האָט געהאַט אַלע סימנים פון אַ פּראָווינציעלן קריסטלעכן „העק״: ווייט פון די גרויסע דייטשע צענטערס און באַן־ליניעס, באַוווינט פון אַן ערלעכער און פרומער וואַלדיקער באַפעלקערונג, וואָס קוקט אָרענטלעך־תמעוואַטע אין גאַסט וועלט אַריין און רעדט אַ מין אַלטן זינגעוודיקן דייטש מיט הוילע „קמצן״, באַבויט מיט אַלטע רויט־דאַכיקע הייזער און מיט אַן אַלטן קאַטוילישן קלויסטער, און באַוואַסערט מיט אַ שטאַרק־שטראָמיקן טייכל, וואָס לויפט מיט ווייסע שוימיקע ריטשקעלעך איבער אַלטע שוואַרץ־מאָכיקע שטיינער. שפּאַצירנדיק איבער די הויכע גרין־באַוועלדערטע וועגן, וואָס הייבן זיך אַלץ העכער און העכער איבערן שטעטל, האָט מען געקאָנט טרעפן אַ מאָל אַ רואיק־בלאָנזענדיק ענגליש פאָרפאָלק,ביידע אין טוריסטן־קאָסטיומען פון דעמזעלבן קעסטלדיקן שטאָף, אַ מאָל אַ רויט־באָרדיקן אָרטיקן יעגער אין אַ גרינעם קאַפּעלישל און מיט אַ צוגעגאַרטלטער ביקס פון הינטן, און אַ מאָל — אַ יונגן הערנערדיקן הירש, וואָס לויפט אָן פּלוצעם ערגעץ פון אַ באַהעלטעניש, ווי אַ צעהיצטער וואַלדיקער שטיפער, קוקט אַ ווײַלע ווי פאַרחידושט מיט ווילדווייכע אויגן, פאַרקערעוועט באַלד צוריק און ווערט בליץ־שנעל פאַרשווונדן אין די טיפענישן פון די וועלדער. קיין אָרטיקע יידן האָט מען אין שטעטל ניט געזען, אַפילו ניט קיין יידישן נאָמען אויף די שילדן

פון די קלייטן — און דאָס האָט נאָך טיפער געמאַכט ביי אונדז דאָס געפיל פון פרעמדקייט און אָפּגעריסנקייט פון דער וועלט.

דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט אינעם שטעטל איז געווען דאָס באַרימטע „סאַנאַטאָריום סט. בלאַזיען", איינע פון די בעסטע סאַנאַטאָריעס פאַר טובערקולאָז־קראַנקע אין אייראָפּע, וווהין עס זענען געקומען זיך היילן רייכע און פאַרמעגלעכע שווינדזיכטיקע פון פאַרשיידענע לענדער. די סאַנאַטאָריע האָט אַראָפּגעקוקט מיט אירע ווייסע ציכטיקע געביידעס פון אַ הויכן ליכטיקן פלאַץ, וואָס איז געלעגן צופוסנס ביי אַ באַרג, אין קילקייט פון גרינע נאָדל־ביימער, און האָט אי געפרייט דאָס אויג מיט איר רחבותדיקן פריצישן הויף, אי געשראָקן דאָס האַרץ מיט אירע אומציילִיקע שטומע פענצטער, הינטער וועלכע עס האָבן זיך געדאַכט פאַרטאַיעטע שאָטנס פון טויט... די ערשטע עטלעכע וואָכן איז שלום־עליכם, אויף זיין שטייגער, געווען פול מיט התפעלות פון דער דאָזיקער רייכער סאַנאַטאָריע, וואָס איז געווען באַזאָרגט מיט אַן ערשטקלאַסיקן מעדיצינישן פערסאָנאַל און מיט די בעסטע הייל־איינריכטונגען און קאָמפאָרטן. דערצו איז ער דאָ אַריינגעפאַלן אין אַ נייער טשיקאַווער סביבה פון קראַנקע „אַריסטאָקראַטן" — דייטשן, ענגלענדער און אויך רוסן, צווישן וועלכע עס האָט זיך אַפילו אויך געפונען איינע אַ הויכגעשטעלטע דאַמע פון אַ דייטשער הערצאָגישער פאַמיליע, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין דער סאַנאַטאָריע מיט איר אייגענער הויפישער דינערשאַפט. שלום־עליכם איז מיט אַלעמען גיך באַקאַנט געוואָרן, זיך דורכגעשמועסט מיט זיי געשיקט אויף דייטש, מיטן עכטן דייטשן טראָפּ, אויפגעכאַפּט יעדן איינעמס קראַנקן קאָמיזם, און האָט אַלע טאָג אונדז געהאַט צו דערציילן חידושים. ער האָט צווישן די פּאַציענטן אויך אַנטפּלעקט עטלעכע יידן, וועלכע האָבן זיך מיט אים דערפרייט, ווי מיט אַן אייַנגענעמער איבעראַשונג. און איינמאָל אַ שבת האָט ער אונדז געבראַכט אַ נייס, אַז איינע אַ קראַנקע ענגלישע ליידי האָט אים היינט באַגעגנט מיט אַ זיסן שמייכל און מיט אַ מאָדנער באַגריסונג: „גוט סאַבעס" — וואָס דאָס איז דער בעסטער סימן, אַז די רייכע ענגלענדערין ציט איר יחוס ערגעץ פון אַ שטעטל אַרום קאָוונע. דורך די עטלעכע

יידישע פּאַציענטן איז באַקאַנט געוואָרן אין דער סאַנאַטאָריע, אַז דער אויסטערלישער „רוס״ מיט דעם געלאָקטן קינסטלער־קאָפּ און מיט די אַנגעשטעקטע גילדענע און זילבערנע פּענעס און שטיפטלעך אין די אויבערשטע וועסטל־קעשענעס, דער וואָס שפּאַצירט איבערן הויף אַרומ־גערינגלט פון אַ היבשער פאַמיליע און מיט אַן אייניקל ביי דער האַנט, איז אין זיין לאַנד אַ באַרימטער שריפטשטעלער, דערצו אַ שריפטשטעלער־הומאָריסט — און דער רעספּעקט צו אים איז געוואַקסן. אין דעם זכות האָבן מיר שוין אויך געהאַט אַ פרייען צוטריט צו די אינווייניקסטע זאַלן פון דער סאַנאַטאָריע, און מער פון אַלעמען האָט אין דער דאָזיקער קראַנקער אַטמאָספער נושא חן געווען מיין טעכטערל, וואָס האָט יעדן פרימאָרגן, מיט איר פרישן פּנימל און מיט די אויסגעוואַשענע שוואַרצע אייגלעך, געבראַכט צו די קראַנקע מעלאַנכאָליש־געדריקטע הערצער אַ גרוס פון אַ יונגער, ניי־שפּראָצנדיקער וועלט — אַ גרוס פון זייער אייגענער ווייט־פאַרלאָרענער געזונטער קינדהייט...

נאָר לאַנג האָט די גוטע שטימונג ביי שלום־עליכמען ניט געדויערט. דאָס אָפּגעשלאָסענע לעבן אין סאַנאַטאָריע, אין דער געזעלשאַפט פון שווינדזיכטיקע, וואָס שפּאַצירן־אום איינזאַם יעדער מיט זיין פאַרדעכטיקטן פּייערל אין די אָפּגעצערטע באַקן, יעדער מיט זיין בלויען פלעשעלע, אין וועלכן ער שפּייט־אויס אין אַ ווינקל, סודותדיק באַטריבט, די רעשטן פון זיין אָטעם, — האָט גיך אַוועקגענומען. ביי אים די פרייי־לעכקייט. ווען ניט זיין גלויבן אין די טיכטיקע הייל־מעטאָדן פון די דייטשן און זיין פעסטן ווילן צוריק געזונט צו ווערן אום יעדן פּרייז, — וואָלט ער דאָ ניט געקאָנט אויסזיצן דעם גאַנצן זומער. עס האָבן אויך געטראָפן אומאַיינגענעמע פּאַסירונגען, וואָס זענען אומפאַרמיידלעך אין דער סביבה פון אַ קראַנקנהויז. אַזאַ פּאַסירונג איז געווען דער פּלוצעמ־דיקער טויט פון איינעם אַ יונגן פּאַציענט — גראָד אַ יידישער יונגערמאַן פון רוסלאַנד, מיט וועמען שלום־עליכם האָט זיך אינטערעסירט מער ווי מיט אַלע איבעריקע קראַנקע. ווען איינער שטאַרבט־אַוועק אָנהייב סעזאָן אין אַזאַ ספּעציעלער סאַנאַטאָריע, ווו אַלע קראַנקע טראָגן אין זיך דיזעלבע טויטלעכע גיפט, ווירקט דאָס אויף די איבעריקע, ווי דאָס

פאַלן פון אַ סאָלדאַט אויפן שלאַכטפעלד פון דעם שונאס ערשטער בלינדער קויל. די פאַרוואַלטונג פון דער סאַנאַטאָריע האָט אָנגענומען אַלע מיטלען צו האַלטן דעם טויטפאַל בסוד פון די קראַנקע און האָט אַרויסגעפירט דעם בר־מינן צו קבורה אינמיטן נאַכט. דער סוד איז אָבער אויף מאָרגן אַנטפּלעקט געוואָרן, דער קראַנקער עולם האָט זיך שוין ניט צו־געריירט צום עסן, און שלום־עליכם, דורכמאַכנדיק זיין פרימאָרגנדיקן הידראָפּאַטישן הייל־קורס, איז געפאַלן חלשות אונטער די הענט פון דעם „באַדעמייסטער" און האָט נאָכדעם אָפּגעקרענקט עטלעכע וואָכן.

דערצו איז יענער זומער (1909) אין סט. בלאַזיען געווען אַ רעגנ־דיקער. גאַנצע טעג — און אָפט גאַנצע וואָכן נאָכאַנאַנד — האָט עס געגאָסן פונעם הימל אָן אַן אויפהער, און אין דער צווישנצייט פון איין גוס־רעגן און דעם צווייטן האָט זיך סתם געזיפּט אויף דער ערד, שוין אויס געווײנשאַפט, אַ דין קאַלט רעגנדל. אין דרויסן האָט דורכגענומען די ביינער אַן אָסיענדיקע נעץ, די גרינע וועלדער האָבן זיך געדרויכערט פון דער ווייטן אין אַ גרויען פייכטן נעבל, און אין די הייזער האָט מען געהייצט די אויוונס, ווי אינמיטן ווינטער. נאָך די ליכטיקע זוניקע חדשים אין נערווי, אין דער פריילעכער, געמיטלעכער „ווילאַ בריאַנד", האָט דאָס אַלץ צוזאַמען זיך צונויפגעגאָסן פאַר שלום־עליכמען אין אַ גרויסן אומעט. דער דאָזיקער אומעט פון דער סט. בלאַזיענער סאַנאַטאָריע לאָזט זיך פילן אין איינעם פון זיינע בריוו, וואָס ער האָט דעמאָלט געשריבן צו י. ח. ראַווניצקין, נאָכדעם ווי יענער איז אינאיינעם מיט ביאַליקן צוריקגעקומען פון זייער ערשטער רייזע קיין ארץ־ישראל. ראַווניצקי האָט געהאַט אָנגעפרעגט ביי שלום־עליכמען, צי ער דערלויבט אים איבערצוזעצן אויף העברעאיש זיין „מעסערל" פאַר אַ קינדער־זאַמלבוך צום אָנדענק פון דעם פאַרשטאָרבענעם יהודה שטיינבערג, — האָט אים שלום־עליכם געענטפערט מיט אָט דעם בריוו:

טייערער חבר רבניצקי!

נאָר־וואָס דערהאַלטן אייער ליבן בריוו מיטן גרוס פון אונדזער ביאַליקן פון אייער צוריקקומען פון ארץ־ישראל קיין חוץ־לארץ. ברוך בואכם! פאַר ביאַליקן שיק איך דאָ אַן אויסשניטל פון אַמעריקאַנער

ציטונגען. אייער כבוד און ביאַליקס טריאומף אין ארץ־ישראל האָט מיר פאַרזיסט מיין קראַנקייט. ליידער, בין איך נאָך איצט אויף צרות, און דאָך שרייב איך אַ סך, אַ סך! מיט אַ שטיפטל שרייבט שלום־עליכם, ליגנדיק אין אַ סאַנאַטאָריום צווישן האַלבע מתים, הוסטנדיק און הערנדיק הוסטן יענעם, וואָס איז נאָך ערגער, וואָרעם אויף מיין הוסטן בין איך מיר באַלעבאָס, אָבער אַז יענער קאָכיקעט מיר בעת איך שרייב — איז פע! אַוודאי זאָלט איר געבן „דאָס מעסערל״ אין שטיינבערגס זאַמלבוך — וואָס פאַר אַ שאלה! איבערקוקן נאָך אַייך [די העברעאישע איבערזעצונג. — י. ד. ב.] איז ניט נייטיק. גיט דאָס איבער ביאַליקן — לאָז ער נאָר דורכגיין מיט זיין יַדל, לעבן זאָל ער מיר! איך קוק אַרויס אויף זיין מכתבל. אין ספעקטאָרס ציטונג בין איך כל ולך — פאַר אַזאַ מין האָנאָראַר, וואָס קיין יידיש בלאַט האָט נאָך ניט געזען אין חלום, און אַפילו שלום־עליכם בשעתו [געמיינט — אין דער צייט פון זיין „פאָלקסביבליאָטעק״, ווען ער האָט געצאָלט גרויסע האָנאָראַרן. — י. ד. ב.] האָט נאָך אַזוי ניט געצאָלט! אַז יאָ עסן חזיר, זאָל רינען איבערן באָרד... איך קוש אַייךביידן ברודערלעך.

שלום־עליכם.

יענע טעג איז אָנגעקומען פון ניו־יאָרק די ידיעה, אַז יעקב גאָרדין איז געשטאָרבן. האָט שלום־עליכם, ווי אָפּצושאָקלען זיך פונעם טויט, וואָס האָט צו אים אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקל אין דער סאַנאַטאָריע, צוגעגעבן צום בריוו אַזאַ צושריפט:

„אינמיטן דערינען נעמט גאָרדין און שטאַרבט אַוועק. פאַראַן שוטים אויף דער וועלט!״

אין דעם שווערן אומעט פון די קאַלטע רעגנדיקע סט. בלאַזיענער טעג איז זיין איינציקע פרייד נאָך אַלץ געווען, וואָס ער שרייבט „אַ סך, אַ סך״. איך פלעג יענע פרימאָרגנס אַריינקומען אין דער גרויסער „ליגעהאַלע״ פון דער סאַנאַטאָריע און פלעג מיך ניט קאָנען אָפּ־װוּנדערן, ווי אַזוי ער ליגט אויף זיין שטול צווישן אַ גאַנצער געמיינדע פאַראומערטע, שטיל־פאַרטראַכטע „האַלבע מתים״, גוט אַיינגעוויקלט אין

אַ וואַרעמען סוועטער, אין אַ וואָלענעם פלעד און אין הענטשיקעס, האַלט פאַר זיך אין דער לופטן דאָס שטיפּטל און דאָס קליינע בלאָקנאָטל, דאָס גרויע פּנים איז אים באַלויכטן מיט אַ קוים־מערקבאַרן וואַרעמען שמייכל, די ליפּן באַוועגן זיך קלאַנגלאָז — און ער שרייבט און שרייבט! יעדן פרימאָרגן פלעגט ער מיר דערלאַנגען זיין אַרבעט פון נעכטן — אַ היפּש בינטל בלעטלעך פון דינעם יאַפּאַנישן פּאַפּיר, שיטער פאַרשריבן מיט אַ בלויען בליישטיפט און מיט גרויסע לייכט־לויפנדיקע אותיות, און עטלעכע מאָל דורכרעדאַקטירט מיט צוגעשריבענע שורות, אין קלע־נערע אותיות, מיט שוואַרצער און רויטער טינט. דאָס האָט ער געשריבן אַזוי פלייסיק־פאַרטיפט פאַר ספּעקטאָרס „נייע וועלט" זיין סעריע „אַייזנ־באַן־געשיכטעס", וואָס ער האָט פאַרטראַכט נאָך פאַריקן ווינטער אין נערווי. און דער גרעסטער חידוש איז דאָ געווען, וואָס שרייבנדיק אין דער דאָזיקער טרויעריקער „ליגעהאַלע", אין דער געדריקטער אַטמאָספער פון די אַרומליגנדיקע אָנגעפּעלצטע פרעמדע חולים, האָט ער אַרויס־געבראַכט פון אונטער דער האַנט אַזעלכע פיין־דורכגעטראַכטע הומאָ־ריסטישע זאַכן, ווי „דער גליקלעכסטער אין קאָדני", „סטאַנציע באַראַ־נאָוויטש" און אַ „מענטש פון בוענאָס־איירעס". פון וואָס פאַר אַ באַ־האַלטענעם קוואַל האָט ער דאָ געשעפּט אַזאַ גייסטיקע גבורה? מיט וואָס פאַר אַ פאַרבאָרגענעם כּוח האָט ער זיך אַזוי לייכט איבערגעטראָגן פון דער דאָזיקער פרעמדער האַלב־טויטער סביבה אין אַן אייגענער ווייטער לעבעדיקער וועלט?...

אָפטמאָל האָט זיך געדאַכט, אַז ער אַליין איז אומרואיק, טאָמער וועט זיך ביי אים זיין קוואַל, אין דער דאָזיקער לאַגע, סוף־כּל־סוף אויס־שעפּן. עס איז געווען שוין באַלד פיר יאָר, זינט ער האָט פאַרלאָזן זיין היים אין רוסלאַנד, אָפּגעריסן פון דעם פליסיקן יידישן לעבן, — און ווי לאַנג קאָנען קלעקן זכרון און פאַנטאַזיע פאַר אַ רעאַליסטישן דיכטער, ווען ער שעפּט ניט זיין באַגייסטערונג דירעקט פון דער ווירקלעכקייט? דער דאָזיקער איינדרוק האָט זיך ביי מיר גענומען פון עטלעכע פאַקטן, פון וועלכע איך ברענג דאָ דעם סאַמע כאַראַקטעריסטישן.

איינמאָל, אַז מיר זענען געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד וואָס איבער

דער סאַנאַטאָריע, האָט אונדז אָנגעיאָגט אַן אומבאַקאַנטער פּאַרשוין — אַ יידישער יונגערמאַן פון היימיש־גבירישן אויסזען, אַ שבתדיק־אויס־געפּוצטער, אַ באַבערדלטער און שוין מיט אַן אָנזאָג אויף אַ גבירישן בייכל. דער יונגערמאַן האָט זיך גלייך פאָרגעשטעלט פאַר שלום־עליכמען, אַז ער איז זיינער אַ „פאַרברענטער חסיד“. אַליין קומט ער פון אַ שטעטל אין פּאָדאָליע, האָט דאָרטן אַ פיין געשעפט און איז פאַררעכנט, גאָט צו דאַנקען, פאַר אַ שטיקל נגיד. און אַזוי ווי דאָקטוירים האָבן אים געראָטן, ער זאָל זיך דורכפאָרן קיין אויסלאַנד אַ ביסל אָפּרוען פון די געשעפטן, און אין די צייטונגען האָט ער געלייענט, אַז שלום־עליכם פאַרברענגט דעם זומער אין סט. בלאַזיען, האָט ער זיך מיישב געווען: וואָס איז אים דער חילוק, צי דאָ, צי דאָרטן? אומעטום רעגנט איצט אין דייטשלאַנד — איז ער געקומען קיין סט. בלאַזיען און וויל האָבן דעם כבוד צו פאַרברענגען מיט שלום־עליכמען.

דערזען פאַר זיך אין סט. בלאַזיען אַזאַ היימישן יידן, און ניט קיין קראַנקן יידן, נאָר אַ געזונטן, איז שלום־עליכם געוואָרן אויפגעלעבט.

— נו, אַדרבה, — האָט ער געזאָגט, — ס׳איז זייער פיין פון אייך, וואָס איר זענט געקומען אַזש פון פּאָדאָליע מיט מיר פאַרברענגען. דער־ציילט־זשע עפּעס נייס, וואָס הערט זיך אין פּאָדאָליע?

— איך זאָל דערציילן? — שמייכלט דער יונגערמאַן. — איך בין דאָך עקסטרע געקומען הערן, וואָס פאַני שלום־עליכם האָט צו דערציילן!...

— ניין, — זאָגט שלום־עליכם שטרענג — דאָס טויג ניט! מיך האָט איר שוין גענוג געהערט — דאָ וויל איך אַייך הערן. איר זאָגט, איר ווילט מיט מיר פאַרברענגען — איז גוט, וועלן מיר שמועסן. נאָר מיט איין תנאי: איר וועט רעדן און איך וועל האָרכן. וואָרעם מיר האָבן די דאָקטוירים פאַרבאָטן צו רעדן...

— פון וואָס־זשע זאָל איך רעדן? — פרעגט שוין דער יונגערמאַן אַ ביסל מטושטש.

— פון וואָס איר ווילט. כאָטש פון אייער שטעטל. איר קענט דאָך מסתמא אייער שטעטל.

— צי איך קען מיין שטעטל? איך קען עס אויסווייניק. ווי זאָגט

אייער טביה דער מילכיקער? מיט אַלע פּישטשעווקעס... אָבער וואָס איז דאָ פֿאַראַן צו דערציילן? אַ העק!...

— דווקא ווייל אַ העק! — זאָגט שלום־עליכם. — איר קענט, זאָגט איר, אייער שטעטל אויסווייניק? אויסגעצייכנט! נעמט די הייזער מיט די באַלעבאַטים כסדר, פֿון איין עק שטעטל ביזן אַנדערן. הייבט־אָן פֿון דער ערשטער שטוב. אַנו!...

דער יונגערמאַן האָט געקוקט אויף שלום־עליכמען מיט אַ ברייטן שמייכל. ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן שטויסן, אַז ער קאָן דאָ ווערן אַ ליפֿעראַנט פֿון „שטאָף" פֿאַר שלום־עליכמס מעשיות — איז אים די זאַך זייער געפֿעלן געוואָרן. ער האָט זיך נאָר אָפּגעבעטן אויף איין טאָג. ער וויל גיין צו זיך אין האָטעל אַריין זיך צוגרייטן. וואָרעם אויב שוין יאָ עפּעס דערציילן שלום־עליכמען, מוז מען זיך פֿריער גוט אונטער־גאַרטל'ען...

אויף מאָרגן איז דער יונגערמאַן געקומען מיט אַ בינטל פֿאַרשריבענע בויגעלעך פּאַפּיר — אַ גאַנץ פּעקל כתבים. ער איז ניט קיין גרויסער שרייבער — האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט, — נאָר פֿון דעסטוועגן האָט ער עפּעס אָנגעשריבן...

— ניין, — האָט שלום־עליכם געזאָגט — דאָס טויג ווידער ניט! שרייבן — דאָס איז שוין מיין אַרבעט. איר דאַרפֿט רעדן. און ניט קיין פֿאַנטאַזיעס — איר דערציילט נאָר פֿאַקטן!

עטלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד, יעדן טאָג אין אַ באַשטימטער צייט, אַבי עס האָט נאָר ניט גערעגנט, האָבן מיר זאַלבעדריט אַזוי געשפּאַצירט אין וואַלד. דער פּאָדאָליער יונגערמאַן האָט זיך אַרויסבאַוויזן ווי אַ שטאַרק באַ־רעדעוודיקער פּאַרשוין — ער איז גאָרניט מיד געוואָרן צו דערציילן פֿון זיין שטעטל, און שלום־עליכם איז ניט מיד געוואָרן צו הערן. גאַנץ אָפֿט פֿלעגט שלום־עליכם זיך אָפּשטעלן, אַרויסנעמען זיין נאָטיץ־ביכל און פֿאַרצייכענען עפּעס אַ וואָרט, וואָס אים איז געפֿעלן געוואָרן. אָדער ער פֿלעגט אָנהייבן דעם דערציילער אויספֿאָרשן, איבערפֿרעגן, דערגרונ־טעוועט זיך צום תוך, אָפּפֿרעגן איין פֿאַקט דורך אַן אַנדערן. ער איז שוין אין דעם יונגנמאַנס שטעטל געווען אַ היימישער מענטש. און צוריק אין

סאַנאַטאָריע, צו די „האַלבע מתים״, פלעגט ער זיך אומקערן אַן אָפּגע־פרישטער, אַן אָנגעלאָדענער מיט כל טוב פון אַן אַנדער וועלט — אַ וועלט אַ לעבעדיקע, אַ רירעוודיקע, אַ נאָענטע צום האַרצן.

דעם אמת געזאָגט, איז מיר אַליין דאָס דאָזיקע „שותפות״ צווישן שלום־עליכמען און דעם פּאָדאָליער יונגנמאַן ניט אַזוי שטאַרק געפעלן געווען. וואָרעם דער יונגערמאַן האָט דערציילט אַ סך נאַרישקייטן. ער האָט געמיינט, אַז ער פּאַסט זיך צו צו שלום־עליכמס שרייבערשן שניט, האָט ער געדרעדט ניט פון לעבעדיקע מענטשן, נאָר פון „טיפּן״, דערביי איז יעדער „טיפּ״, לויט זיינע ווערטער, געווען אַזוי „קאָמיטשנע״ (קאָ־מיש), און יעדע מעשה אַזאַ „טשיסטע קאָמעדיע״, — „אַז מע קאָן דערפון שטאַרבן״. און כדי צו איבערצייגן אין דעם זיין צוהערער, האָט ער טאַקע גלייך אויפן אָרט זיך פאַרגאַנגען אין אַ לאַנגן געלעכטער. איך האָב געטראַכט מיט שרעק: שוין־זשע וועט דאָס זיין שטאָף פאַר שלום־עליכמס פעדער?...

איך האָב זיך אָבער אומזיסט געשראָקן. אַז דער פּאָדאָליער יונגער־מאַן איז אַוועקגעפאָרן פון סט. בלאַזיען און שלום־עליכם האָט מיט וואָכן שפּעטער גענומען באַאַרבעטן זיין „שטאָף״, האָט ער דאָס אַזוי איבער־געאַנדערשט און איבערגעפורעמט, אַז ס'איז פון דעם כמעט גאָרנישט געבליבן. עס זענען אַרויסגעקומען פיר אַייזנבאַן־געשיכטעס („דער לייִדיק־גייער״, „דער נס פון הושענא רבה״, „אַ חתונה אָן קלעזמער״ און „דער טלית־קטן״), וואָס ווערן איבערגעגעבן אין שלום־עליכמס נוסח לויט אַ דערציילונג פון „אַ הייסינער סוחר״, — מיט וועלכע דער אמתער „הייסינער סוחר״ האָט אָבער געהאַט אַ גאַנץ קנאַפּן שייכות. מיר איז דערפון קלאָר געוואָרן, אַז וויכטיק איז דאָ געווען פאַר שלום־עליכמען ניט אַזוי דער עצם שטאָף אַליין, ווי די לופט, וואָס רינגלט אַרום דעם שטאָף. ער האָט אַלץ מורא געהאַט, ער זאָל אין זיין דערוווייטערטער איינזאַמקייט צווישן די „האַלבע מתים״ ניט אָפּגעפרעמדט ווערן פון דער יידישער אַטמאָספער — און האָט די דאָזיקע אַטמאָספער געזוכט ביי יעדער באַגעגעניש מיט יעדן יידן, וואָס קומט פון דער ליבער לעבעדיקער היים.

## כו
# ראָמאַנען־עפּידעמיע

ספּעקטאָרס צייטונג „די נייע וועלט", וואָס האָט אָנגעהויבן דער־שיינען אין וואַרשע אינמיטן זומער 1909, האָט ביים בעסערן עולם אויסגע־נומען, הגם קיין „נייע וועלטן" האָט זי ניט אַנטפּלעקט. אַליין אַ מענטש מיט קנאַפּער אינטעליגענץ, האָט ספּעקטאָרן אָבער שטענדיק געצויגן צום גוטן און ריינעם ליטעראַרישן וואָרט, וואָס ער האָט ערלעך דורכגעפירט אין אַלע זיינע רעדאַקטאָרשע אונטערנעמונגען, לויט זיינע באַגרענעצטע כוחות און באַגריפן. עס האָט אין אים אויך געשלאָגן אַ לעבעדיקער אָדער פון אַן עכטן צייטונגס־מענטש, און מיט זיין בלינדן געזונטן חוש האָט ער תמיד געטראָפן דעם וועג צום יידישן פּאָלקסמענטש, אַמאָל אַפילו צום איידעלערן לייענער פונעם באַלעבאַטיש־משכילישן שניט, מיט וועמען ער איז געשטאַנען אויף איין מדרגה פון גייסטיקער אַנטוויקלונג. דערצו איז ער אויפן ליטעראַריש־זשורנאַליסטישן באָדן געווען אַ גרויסער פאַר־גינער צו אַנדערע, און דאָרט, ווו ער אַליין האָט זיך געפילט שוואַך, אָדער גאָר אומבאַהאָלפן, האָט ער מיטן גאַנצן האַרצן און מיט פולער דאַנקבאַרקייט זיך אָנפאַרטרויט צו אַזעלכע, וואָס זענען מער פון אים געווען געניט אין די „שוואַרצע פינטעלעך", — און זיין רעדאַקטאָרשער „חוש־הריח" האָט אים זעלטן אָפּגענאַרט אין דעם אויסוואַל פון זיינע מיטאַרבעטער. אויך דאָ, אין דער „נייער וועלט", האָט ער צוזאַמענ־געשטעלט אַ רעדאַקציע פון „געשטודירטע יונגעלייט", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט פאַר אונדז אין ס״ט. בלאַזיען, כמעט אַלע אָנפאַנגער (אַחוץ זיין שותּף און מיטרעדאַקטאָר י. ח. זאַגאָראָדסקי, וואָס איז פריער יאָרנ־לאַנג געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער העברעאישער „הצפירה"), אין וועמען ער האָט דערשפּירט דאָס עכטע קערנדל, וואָס וועט זיך מיט דער צייט צעשפּראָצן און צעוואַקסן. ער האָט אויך געעפנט אַ טיר פאַר

יונגע בעלעטריסטן פון דרויסן — און אַרום און אַרום האָט „די נייע וועלט“, אין פאַרגלייך מיטן דעמאָלט ערשט־אויפגעקומענעם שרייענ־דיקן „היינט“, וואָס האָט זיך געריסן אויף אַלע וועגן צום ברייטן המון־עם, און מיטן אומגעלומפּערטן „אונזער לעבען“, וואָס האָט געזויערט און געשימלט אונטער דער עם־האַרצישער „קולאַקישער“ קאַרגשאַפט פון זיינע אַרויסגעבער, — געמאַכט אַ גוטן איינדרוק.

פאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט־אַטראַקציע, מיט וועלכער „די נייע וועלט“ איז אַרויסגעפאָרן, איז געווען שלום־עליכמס באַשטענדיקע מיט־אַרבעטערשאַפט. דאָס אַליין האָט באַדאַרפט זיין די בעסטע גאַראַנטיע, אַז די צייטונג וועט זיך דורכשלאָגן אַ וועג צום לייענער. יענע צייטן אין רוסלאַנד איז שווער געווען זיך פאַרצושטעלן אַ פּלייסיקן יידישן לייענער, וואָס זאָל אויסלאָזן אַ צייטונג, אין וועלכער שלום־עליכם שרייבט וואָך־איין, וואָך־אויס. די אַרויסגעבער פון דער „נייער וועלט“ האָבן דאָס גוט געוווּסט און האָבן זיך באַמיט צופרידנצושטעלן שלום־עליכמען אויפן בעסטן אופן. דעם האָנאָראַר האָבן זיי אים צוגעשיקט פּונקט אין דער צייט, ווי אויפן זייגער, וואָס האָט ביי שלום־עליכמען אַרויסגערופן גרויס חידוש: ער איז צו אַזאַ פּינקטלעכקייט מצד יידישע אַרויסגעבער גאָרניט געוווינט געווען. דערפאַר האָט ער זיי געצאָלט, אויף זיין שטייגער, מיט טאָפּעלער פּינקטלעכקייט: ער האָט געשריבן אָן אויפהער און באַזאָרגט די צייטונג מיט מאַטעריאַל אויף וואָכן פאָראויס. ער האָט זיך פאַרטיפט אין זיינע „אייזנבאַן־געשיכטעס“ און איז געווען זיכער, אַז די דאָזיקע סעריע וועט אים געבן שטאָף אויפן גאַנצן יאָר.

נאָר אָט האָט אינמיטן עפּעס פּאַסירט. נאָך דעם ערשטן חודש פון פריילעכן טומל און באַרוישונג, בעת אין אַ נייער צייטונג וואַקסט די שמחה מיט יעדן צוגעקומענעם צענדליק אַבאָנענטן, איז אין דער „נייער וועלט“ פּלוצעם געוואָרן שטיל. ספּעקטאָר האָט אויפגעהערט צו שרייבן בריוו און מער ניט מיטגעטיילט שלום־עליכמען וועגן דעם גאַנג פון דער צייטונג, ווי ער האָט דאָס געטאָן אין די ערשטע וואָכן. שלום־עליכמען האָט דאָס אָנגעהויבן באַאומרואיקן: צי איז דאָס אַ גוטער סימן, אַז די געשעפטן זענען גרויס און דער רעדאַקטאָר איז שטאַרק

פאַרשמאַיעט, אָדער ס׳איז חלילה אַ שלעכטער סימן?... די קאָרעספאָנ־
דענץ מיט ספעקטאָרן האָב איך דעמאָלט געפירט, האָב איך אים עטלעכע
מאָל אָנגעפרעגט, פאַרוואָס ער איז פלוצעם אַנטשוויגן געוואָרן? איז ענד־
לעך אָנגעקומען פון ספעקטאָרן אַ בריוו — אַ גאַנצע מגילה. די מגילה
האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דערמיט, אַז ס׳איז ניט פריילעך. אויף דער
יידישער פרעסע אין וואַרשע האָט זיך אָנגערוקט אַ שוואַרצע כמאַרע,
וואָס שרעקט צו פאַרשלינגען די גאַנצע יידישע ליטעראַטור און אַלץ־
מיט־אַנאַנדער. וואָס אַזוינס האָט פלוצעם פּאַסירט? דער יונגער ארצי־
מחוצף־פנים, דער „היינט״, האָט זיך אַרומגעזען, אַז אין וואַרשע צע־
וואַקסט זיך אַ גרויסע יידישע פרעסע, דריי צייטונגען זענען שוין דאָ,
און דער פעטערבורגער „פריינד״, וואָס קלייבט זיך אינגיכן אַריבער
אַהער, וועט זיין אַ פערטער, — האָט ער זיך מיישב געווען און האָט
אַלעמען אָפּגעטאָן אויף טערקיש: ער האָט אָנגעהויבן דרוקן אַ טריפה־
נעם שונד־ראָמאַן, וואָס האָט אין אַ קורצער צייט געהויבן זיין טיראַזש
פון וואָסערע צען טויזנט צו די הויכע צענדליקער טויזנטער, אַזוי אַז מע
שמועסט, אַז ער האַלט שוין באַלד ביי די גאַנצע הונדערט טויזנט! דער
ראָמאַן הייסט „אין נעץ פון זינד״, אונטערגעשריבן איז ער מיט אַ נאָמען
פון דער הפטורה, און עס פלאָנטעט זיך אין אים אַ לאַנגער פלאָנטער
וועגן אַ יידישער טאָכטער מיטן נאָמען בערטע, וואָס איז אַריינגעפאַלן
אין די הענט פון ווייסע שקלאַפן־הענדלער און מאַכט־דורך אין דער
אונטערוועלט אַלערליי אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע און קיצלדיקע פּאַסירונגען.
זי האָט שוין דערגרייכט אַזש ביז דעם סולטאַנס האַרעם אין קאָנסטאַנטי־
נאָפּאָל, און גאָט ווייסט, וווהין דער באַהאַלטענער ראָמאַן־שרייבער
וועט זי נאָך פאַרפירן... דערווייל טוט זיך חושך. גאַנץ וואַרשע און
פוילן און ליטע און דרום־רוסלאַנד — דאָס גאַנצע רוסישע יידנטום איז
אַראָפּ פונעם זינען, האָט פאַרגעסן די יידישע צרות מיט די גזירות מיט די
ביטערע צאַרישע צירקולאַרן, און האַלט נאָר אין איין רעדן פון איר — פון
„בערטען״. אַלע, פון מאַן ביז ווייב, פון גרויס ביז קליין, פון פרום ביז אויס־
געלאַסן, ווער עס קאָן נאָר לייענען אַ יידיש וואָרט, לויפן יעדן פרימאָרגן
קויפן דעם „היינט״ און כאַפּן זיך גלייך צו איר — צו „בערטען״: לייענען

בערטעס אַוואַנטורעס, שלינגען בערטעס איבערראַשונגען, קוויקן זיך מיט בערטעס פּיקאַנטע איבערלעבונגען. מע לייענט „בערטען" אומעטום: אין די הייזער, אויף די בענקלעך ביי די קלייטן, אין די פֿאַבריקעס, אין די שטאָט־פּאַרקן, פֿאָרנדיק אין די צוגן צו די דאַטשעס, אַפילו אין די בתּי־מדרשים און אין די חסידישע שטיבלעך.

איך האָב ניט פֿאַר זיך יענעם בריוו ספּעקטאָרס. נאָר איך געדענק קלאָר זיין אינהאַלט און זיין טאָן. דער טאָן האָט געקלונגען זייער פּאַטעטיש. „ברודער שלום־עליכם, — האָט ספּעקטאָר אומגעפּער געשריבן, — ראַ־טעווע! דו האָסט אַמאָל, אין דיינע יונגע יאָרן, געשריבן אַ ‚שמרס משפּט', פֿאַרטריבן דעם שונד־ראָמאַן פֿון רוסלאַנד, האָבן מיר געמיינט, אַז ס'איז שוין אַ סוף, אויס שונד ביי אונדז. ערשט איצט, אַז מיר ביידע האַלטן ביי די עלטערע יאָרן און מיינע האָר ווערן גרוי, האָט זיך אויף אונדזערע קעפּ געבומען אַ נייער אומגליק, אָבער אַזאַ, וואָס אַקעגן אים זענען שמרס ראָמאַנען אומשולדיקע שעפּעלעך, ריינע ליטעראַטור פֿון עכטער פּראָבע... עס גייט דערצו, ברודער, אַז שלום־עליכם און ספּעקטאָר וועלן גיך זיין אויסגעשפּילט, אַנשטאָט זיי וועט זיך ביים יידישן לעזער אין האַרצן באַ־זעצן ‚בערטע'... און ניט איין ‚בערטע' — עס פֿאַרנעמט זיך אין דער יידישער פּרעסע אַ גאַנצע עפּידעמיע פֿון ראָמאַנען, אַלע ווערן פֿאַר־פּלאָנטעט ‚אין דער נעץ פֿון זינד'... דאָס ניעסטשאַסטנע „אונזער לעבען" גיט שוין אויך אַ שונד־ראָמאַן, עפּעס גאָר אַ פֿאַרזעעניש. און די אַגענטן פֿון אונדזער נייער צייטונג קומען צוריק פֿון דער פּראָווינץ ווי אָפּגע־שמיסענע: אָן אַ ראָמאַן וויל מען זיי גאָר אין אַ יידישער שטוב ניט אַריינ־לאָזן. אַלע שרייען אין איין קול: אַ ראָמאַן! אַ ראָמאַן!... און אַלע האַלטן אין איין רעדן, אַז נאָר שלום־עליכם קאָן דאָ ראַטעווען די לאַגע, אַז נאָר דו איינער קאָנסט זיך שטעלן קעגן דער טריפֿהנער קראַפֿט פֿון ‚בערטען'... און ניט מיט אַ נייעם ‚שמרס משפּט' — צו אַזעלכע זאַכן וועט מען זיך אַצינד ניט צוהערן; נאָר טאַקע מיט דיינעם אַן אייגענעם, אַ כשרן, אַ ליטע־ראַרישן ראָמאַן, וואָס זאָל פֿאַרכאַפּן דעם לייענער פּונקט אַזוי, ווי אים האָט מיט צוויי יאָר צוריק פֿאַרכאַפּט דיין ‚מבול'... אַלזאָ, ברודער שלום־עליכם, צו דיר קוקן מיר אַלע אַרויס: ראַטעווע!"

באַקומענדיק אין סט. בלאַזיען דעם „היינט", האָבן מיר שוין פֿון פריער באַמערקט, אַז דאָרט גייט אין פֿאָרזעצונגען אַן אַנאָנימער ראָמאַן אונטער אַ פֿאַרדעכטיקטן קעפּל. נאָר ניט מיר האָבן דעם ראָמאַן השק געהאַט צו לייענען, ניט מיר האָבן זיך אויף אים באַזונדערס אומגעקוקט. דער אויפּטו פֿונעם „היינט" האָט אויסגעזען ניט אַזוי גוואַלדיק אָריגינעל — עס האָט געמאַכט דעם אַיינדרוק פֿון אַ פּשוטער נאָכטאַנצונג נאָך די אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען, ווו ראָמאַנען פֿון דעם מין זענען שוין געווען אַ גאַנץ אַלטע דערשיינונג. דער חילוק איז נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין די גרויסע אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען האָט זיך דער ראָמאַן כמעט ניט אָנגעזען און איז „בטל בששים" געוואָרן אין דעם גרויסן אויסוואַל פֿונעם פֿאַרשיידנאַרטיקן לייען־שטאָף, בעת דאָ, אין דעם קליינעם פֿיר־זייטיקן „היינט", האָט דער ראָמאַן פֿאַרנומען כמעט אַ דריט־חלק פֿון דעם גאַנצן טעקסט, אַזוי אַז די צייטונג אַליין האָט געהאַט אַ פּנים, ווי זי וואָלט געלעבט נאָר אין זכות פֿון יענע, וואָס זענען פֿאַר־פֿלאָנטעט „אין דער נעץ פֿון זינד"... אָבער אַז אַ ביליקער ראָמאַן, וואָס מע קאָן אַזעלכע קריגן אין די צענדליקער אין יעדן ספֿרים־קלייטל, זאָל מאַכן אַזאַ איבערקער'עניש ביים יידישן לייענער און זאָל אָנוואַרפֿן אַזאַ פּחד אויף יידישע צייטונגען, — דאָס איז שוין געווען אַ מאָדנער חידוש!

ספּעקטאָרס בריוו האָט שלום־עליכמען שטאַרק צערודערט. עס האָט זיך אים זייער ניט געגלוסט איבעררייסן אינמיטן די „אַייזנבאַן־געשיכטעס" און זיך אַריינלאָזן אין אַ נייער פֿאַרוויקלטער אַרבעט, וואָס וועט פֿון אים פֿאָדערן אַ צו גרויסע אָנשטרענגונג ביי זיין לאַגע פֿון אַ קראַנקן. האָט ער דערהוייל ספּעקטאָרס פֿאָרשלאָג איבערגעלאָזט אָן אַן ענטפֿער. דערצו האָבן מיר דעמאָלט שוין געהאַלטן ביי אַרויספֿאָרן פֿון סט. בלאַזיען. דער זומער האָט זיך געענדיקט, פֿון די וועלדער האָט אָנגעהויבן בלאָזן מיט קאַלטן אָסיענדיקן טרויער, און שלום־עליכם האָט באַדאַרפֿט בייטן דעם קלימאַט אויף אַ וואַרעמערן. עס איז ווידער געשטאַנען די אַלטע פֿראַגע: ווּהין פֿאָרט מען ווייטער?

פֿון סט. בלאַזיען איז שלום־עליכם אַוועקגעפֿאָרן צוריק אין דער

שווייץ מיט אַ פאַרלייכטערטן געמיט: ניט געקוקט אויף דעם רעגנדיקן זומער און אויף די שווער פאַרבראַכטע טעג אין דער סאַנאַטאָריע „צווישן די האַלבע מתים“, האָט דער דאָקטאָר געפונען, אַז דער צושטאַנד פון די לונגען האָט זיך ביי אים באַדייטנד פאַרבעסערט, די אָנגעגריפענע פונקטן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרהיילן, און אויב דער הייל־פּראָצעס וועט אַזוי אָנגיין אויף ווייטער, איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז ער וועט מיט דער צייט אינגאַנצן געזונט ווערן. דאָס האָט שלום־עליכמען אַריינגעבראַכט אין אַזאַ מונטערקייט, אַז ער האָט פלוצעם אָנגעהויבן רעדן וועגן שרייבן אַ ראָמאַן פאַר ספּעקטאָרס צייטונג... צו די דאָזיקע געשפּרעכן האָט מיטגעווירקט נאָך עפּעס: ספּעקטאָר, ניט דערוואַרטנדיק זיך אויף אַן ענטפער פון שלום־עליכמען, האָט אַליין זיך אַוועקגעזעצט שרייבן אַ ראָמאַן פאַר דער „נייער וועלט“. זיין ראָמאַן האָט געהייסן „די משומדתטע“. לויטן טריפלעכן נאָמען, האָט באַדאַרפט קאָנקורירן מיט דער טריפהנער „בערטע“. אָבער לויטן כשרן, ליטעראַרישן אינהאַלט, איז דאָס דווקא געווען אַ שוואַכע באַשעפעניש, און שלום־עליכם האָט אויסגעדריקט זיין מורא, אַז מיט אַזעלכע ראָמאַנען וועט ספּעקטאָר באַגראָבן זיין צייטונג.

עטלעכע וואָכן האָבן מיר מיט שלום־עליכמען אומגעוואָגלט איבער דער שווייץ, געווען אין ציריך און אין לוצערן, ביז מיר האָבן זיך פאַר־קליבן אין דעם וואַרעמסטן ווינקל פון דער איטאַליענישער שווייץ — אין לוגאַנאָ. פון דאָרט האָט פרוי שלום־עליכם באַדאַרפט אָפּפאָרן אויף אַ צייט קיין רוסלאַנד, און אין אירע בריוו פון וואַרשע האָט זי געשריבן, אַז אין דער רעדאַקציע פון דער „נייער וועלט“ הערשט אַן אמתע פּאַניק: ספּעקטאָרס „משומדתטע“ האָט „בערטען“ ניט געשלאָגן, און די רעדאַקטאָרן מיטן קאַפּיטאַליסט מיט די אַגענטן פון דער צייטונג גייען אַלע אַרום אָן קעפּ. דאָס האָט שוין שלום־עליכמען באַוויגן צו נעמען זיך ערנסט פאַר דער אַרבעט. ער האָט פאַרטראַכט צו שרייבן אַ גרויסן ראָמאַן פון דעם לעבן פון יידישע אַקטיאָרן, וואָס וואַנדערן איבער שטעט און לענדער און שפּאַרן־אָן צום סוף קיין אַמעריקע, — אַזוי אַז אין דעם דאָזיקן ראָמאַן זאָלן זיך אָפּשפּיגלען זיינע אייגענע וואַנדערונגען און דערפאַרונגען פאַר די לעצטע יאָרן, פון לעמבערג ביז ניו־יאָרק. און כדי צו באַרואיקן די צײ־

רודערטע לייט פון דער „נייער וועלט", האָט ער זיי גלייך אַוועקגעשיקט אָט דעם בריוו:

לוגאַנאָ, רעגינאַ האָטעל, 10טן סעפּטעמבער, 1909.

זייער געערטע פריינד, ספּעקטאָר, זאַגאָראָדסקי, מילשטיין!

פון דעם באַריכט פון מיין פרוי איז צו זען, אַז איר פאַרלאַנגט פון מיר דורכאויס אַ ראָמאַן, און אַז מע דאַרף אים טאַקע זייער נייטיק צו די ביזנעס. על־כן, הנה זייט וויסן, אַז איך טו אייער רצון אין אינטערעס פון אייער בלאַט און [אין] אונדזערע אַלגעמיינע אינטערעסן פון דער געליבטער ליטעראַטור. און באמת, עס איז צייט זיך אַ נעם טאָן דעזינ־פעצירן יענעם מין ליטעראַטור, וואָס עס ברענט דאָס פנים פאַר שאַנד, וואָס מיר האָבן דערלעבט צו דעם געוויסן אַמעריקאַנישן געשמאַק און זיך אומגעקערט צום אַלטן שמ"ריזם, ועלכן מיר האָבן, נאָך אַזאַ שווערן קאַמף, געהאַט אַמאָל — מיט צוואַנציק יאָר פריער — אַרויסגערויכערט. און אויסער דעם, האָב איך אַליין אויך געפילט אַ נויטווענדיקייט צו פאַר־ענדיקן מיין טרילאָגיע מיטן דריטן ראָמאַן, נאָך „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", ווי איך האָב עס אַמאָל פאַרשפּראָכן (מיר שיינט, אין דער הקדמה צו „יאָסעלע סאָלאָוויי"). דאָרט האָב איך געהאַט געזאָגט, אַז מיין דריטער „העלד" וועט זיין שוין ניט קיין קלעזמער און ניט קיין חזן, נאָר אַ העכערער מין, אַן איידעלערע נשמה — אַן אַרטיסט אָדער אַ קינסטלער. נאַטירלעך, האָבן זיך די אומשטענדן אין די צוויי־און־צוואַנציק יאָר שטאַרק געענדערט. עס זענען אויסגעוואַקסן אויך נייע אידייען. צוגעקומען נייע געטער. געבוירן געוואָרן נייע טיפּן. קורץ — איך האָב קיין חרטה ניט, וואָס איך האָב מיט מיין דריטן ראָמאַן אַ ביסל פאַרשפּעטיקט. הלוואי וואָלט איך איצט געהאַלטן ביי שרייבן יענע ערשטע צוויי ראָמאַנען, וואָלטן זיי אַנדערש אויסגעזען. אָפּגעזען דערפון, איז מיין איצטיקער, דריטער הייסט דאָס, ראָמאַן גאַנץ אַנדערש קאָנסטרואירט אַלס יענע צוויי. איך וויל ניט זאָגן דערמיט, אַז איך גיב זיך אונטער צום געשמאַק פון דער גאַס, אום צו מאַכן אים אינטערעסאַנט און שפּאַנענד. ער איז אָבער לויט זיין אינהאַלט, על־פּי כרחו, אַ שפּאַנענדע געשיכטע, אַ ראָמאַן, פול פּאָעזיע,

אָבער אויך לעבן, האַנדלונג און, זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַ גאַלערייע פון טיפּן און בילדער — גאַנץ הומאָריסטיש, און אַנדערש קאָן איך שוין גאָרניט שרייבן, אַפילו ווען איך זאָל וועלן ווערן אַ קלאָגמוטער. אויסער דעם, שפּיגלט זיך אָפּ אינעם דאָזיקן ווערק דאָס לעבן פון אַ געוויסן קרייז אין רוסלאַנד, ווי [אויך] אין אַמעריקע. דער לייטער, וועלן מיר זאָגן, פונעם בנין שטייט מיט די פיס אין „אונדזער" לאַנד און מיטן שפּיץ שפּאַרט ער אָן אין אַמעריקע — און דאָרט קומט פאָר זיין ענטבינדונג. — — —. און דער גאָט, וואָס האָט מיר געגעבן געזונט און כוח ביז אַהער צו שרייבן ליגנדיק, אָדער האַלב־זיצנדיק אָנגעשפּאַרט און געמוטשעט, וועט מיך מסתמא ניט פאַרלאָזן אויף ווייטער אויך, און שרייבן — דאָס איז דאָך מיין איינציקע רפואה, ווען ניט דאָס שרייבן, וואָלט איך דאָך איצט שוין אָנגעשפּאַרט — אָהאָ־האָ!... און זייט וויסן, ליבע פריינד מיינע, אַז איך פאַרהאָף און וויל זייער, אַז אָט דער ראָמאַן זאָל זיין אַן עפּאָכעמאַכנ־דער אין אונדזער ליטעראַטור, פון איין זייט, און זאָל ברעכן דעם רעקאָרד און צוציען דאָס גרויסע פּובליקום, פון דער אַנדערער זייט, און לאָז מקוים ווערן דורך אונדז „ובערת הרע מקרבך" אָן זידלערייען, פּאָלעמיקערייען, נאָר אויף דעם שענסטן לייטישן פרידלעכסטן וועג, דער עולם זאָל אי לאַכן, אי קוויקן זיך, אי וועלן וויסן וואָס ווייטער שטייט — אמן ואמן.

אני עבדכם שלום־עליכם.

שלום־עליכם האָט לאַנג געזוכט אַ נאָמען פאַר זיין נייעם ראָמאַן און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף „בלאָנזענדע שטערן". ער האָט שוין געברענט פון אומגעדולד צוצוטרעטן צו זיין ניי־פאַרטראַכטן ווערק. נאָר אַזוי ווי אין לוגאַנאָ איז ער געווען פאַרנומען מיט אַן אַנדער דרינגלעכער אַרבעט, האָט ער דערווייל געמאַכט נאָר די ערשטע פּראָבע — ער האָט אָנגעשריבן דעם ערשטן קאַפּיטל. דער קאַפּיטל איז געווען באַטיטלט: „אַרויס־געפלויגן דאָס פייגעלע", און דערציילט האָט זיך דאָרט, ווי אַזוי אַ שטעטל מיט יידן איז אין אַ שיינעם פרימאָרגן אויפגערודערט געוואָרן פון אַ געהיימניספולער פאַסירונג: ביי זייער חזן איז ביינאַכט דורכן פענצטער פאַרשוואונדן געוואָרן די איינציקע טאָכטער, די יפת־תואר.

דער געהיימניספולער אָנהייב וועגן אַ פֿאַרשוווּנדענער יידישער טאָכ־טער איז געווען געצילט צו פאַראינטריגירן און פּאַקן דעם לייענער גלייך ביים ערשטן אַרויספּאָר — אַ מין צינג־אָפּצאָל צו דעם „בערטע־היפּנאָז״, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס יידישע פּובליקום. שפּעטער אָבער מיט עט־לעכע וואָכן, אַז שלום־עליכם האָט זיך גענומען פאָרזעצן דעם אָנהייב, איז ער גלייך אַריין אין זיין אייגענער ספערע, ברייט צעוויקלט אַ ריין־קינסטלערישן לייוונט, אויף וועלכן ער האָט פאַרביק געמאָלט די קלאַסישע גאַלערייע פון יידישע אַקטיאָרן: לעאָ ראַפאַלעסקאָ, האָצמאַך, אַלבערט שטשופּאַק, שלום מאיר מוראַווטשיק, רייזל ספּיוואַק, בריינדעלע קאָזאַק און צענדליקע אַנדערע פון זיינע „בלאָנזענדע שטערן״.

כז
# דער געלייטערטער „מנחם־מענדל"

דורך די זומערדיקע חדשים, וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט מיט שלום־עליכמען אין סט. בלאַזיען, האָט מיין באַשלוס צוריקצופֿאָרן קיין רוסלאַנד און אָנהייבן פֿירן אַ זעלבסטשטענדיק לעבן באַקומען אַ קאָנקרעטן אויסגאַנג. מיין הויפּט־שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך בין אַוועק פֿון רוסלאַנד פֿאַרן „פּריזיוו" און בין דאָרט געווען פֿאַררעכנט פֿאַר אַ „נעלם", דאָס הייסט, פֿאַר אַזאַ, וואָס האָט זיך ניט געמאָלדן צו זיינע מיליטער־פֿליכטן. אַזעלכע „נעלמים" האָבן זיך אין דעם יידישן „תחום" געפֿונען אַ סך. דערהויפּט איז ביי יידישע יונגעלייט אָפּגעפֿאַלן דער חשק צו „דינען דעם קיסר" זינט די פּאָגראָמען. פֿאַר געלט פֿלעגט מען זיך אָבער ווי עס איז אַן עצה געבן צו פֿאַרבלייבן אין לאַנד ניט־געמאָלדענערהייט.

האָט גאָט געהאָלפֿן, איך בין יענעם זומער פּלוצעם רייך געוואָרן. איך האָב פֿאַרקויפֿט צוויי בענדער פֿון מיינע דערציילונגען, אין העברעאיש און אין יידיש, פֿאַר מזומן געלט. דעם העברעאישן באַנד האָט אַרויסגעגעבן דער באַוווסטער אָדעסער פֿאַרלאַג „מוריה", וואָס איז גע־גרינדעט און געפֿירט געוואָרן דורך ביאַליק און ראַווניצקי, און דעם יידישן האָט פֿאַר מיר פֿאַרזאָרגט יעקב דינעזאָן אין איינעם פֿון די וואַרשעווער פֿאַרלאַגן, וואָס האָבן יענע טעג גענומען שפּראָצן איינער נאָכן אַנדערן, צוזאַמען מיט דער יונג־צעבליטער יידישער בעלעטריס־טיק. און אַזוי ווי דאָס געלט איז ביי מיר געווען פֿאַררעכנט ווי „הייליק געלט", — די ערשטע איינקונפֿט פֿון מיינע ערשטע ביכער, — איז ביי מיר מיט מיין פֿרוי געבליבן דער הסכם, אַז דאָס דאַרף גיין אויף „אַ הייליקן צוועק": שאַפֿן פֿאַר מיר די מעגלעכקייט צוריקצוקומען אַהיים, וווהין איך האָב זיך געצויגן אין גרויס זענזוכט. אַליין פֿאָרן

קיין רוסלאַנד, אָן אַ פּאַס און אָן באַשטימטע אויסזיכטן אויף מיין „באַפרייאונג‟, האָב איך ניט געקאָנט, — איז דערווייל אַהין געפאָרן מיין פרוי, אויסצוקוקן פאַר מיר דעם ריכטיקן וועג.

שלום־עליכמען איז די גאַנצע זאַך געווען ניט צום האַרצן. ערשטנס, האָט דאָס געמיינט, אַז די פאַמיליע אַרום אים צעפאַלט זיך, וואָרעם צוזאַמען מיט אונדז האָבן זיך געריסן קיין רוסלאַנד אויף די איבעריקע קינדער, וואָס זענען מיד געווען פון די וואַנדערונגען איבער די אויס־לענדישע קורערטער און האָבן אין דער שטיל געבענקט נאָך געזעל־שאַפט פון געזונטע מענטשן אין אַ געזונטער אַטמאָספער. צווייטנס, האָט ער פאַרן לעצטן יאָר זיך אַזוי צוגעוווינט צו מיין „סעקרעטאַרישער‟ הילף ביי זיין אַרבעט, אַז אים האָט זיך געדאַכט, אַז אָן מיר וועט אים איצט אויספאַלן באַזונדער שווער. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז אייביק זיין צוגעבונדן צו אים איז פאַר מיר קיין תכלית ניט, — און ער האָט וועגן אונדזערע פּלענער ניט גערעדט גאָרנישט, ניט גוט, ניט שלעכט.

מיין פרוי איז געפאָרן פון סט. בלאַזיען גלייך קיין באַראַנאָוויטש, וואָס איז זינט שלום־עליכמס קראַנקייט געוואָרן פאַר זיין פאַמיליע אַ מין היימישע סטאַנציע. דערצו איז באַראַנאָוויטש געווען נאָענט צו מיין געבורטשטאָט, און פון דאָרטן האָט באַדאַרפט זיין לייכטער אַיינ־צואָרדענען מיין ענין. עס האָט זיך אָבער אַרויסבאַוויזן, אַז דער דאָזיקער „ענין‟ איז אַ גאַנץ האַרבער און וועט אַרויסקומען ניט אַזוי גלאַט, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, און פאַר מיר פּערזענלעך גאָרניט אַזוי אַיינגענעם. קיין אַנדער וועג איז פאָרט ניט געווען — האָב איך באַשלאָסן צו קומען קיין רוסלאַנד, ניט קוקנדיק אויף אַלע מעגלעכע שטרויכלונגען. שלום־עליכם האָט מיך נאָר פאַרהאַלטן אויף איבעריקע עטלעכע וואָכן, ביז סוף האַרבסט, ווייל אינמיטן האָט אויך פרוי שלום־עליכם באַדאַרפט פאָרן אויף אַ קורצער צייט קיין רוסלאַנד, און עס האָט זיך אים ניט געוואָלט בלייבן אַליין אין דער פרעמד אָן אַ דער־וואַקסענעם „שומר‟. פרוי שלום־עליכם האָט מיטגענומען מיט זיך קיין באַראַנאָוויטש מיין קליין טעכטערל, ווי אויך איר יינגסטע טאָכטער מאַרוסי. מיט אונדז זענען נאָך פאַרבליבן די מיטעלע עמאַ און דער

קליינער נומאַ, און זאַלבעפערט האָבן מיר זיך באַזעצט אויף אַ חודש צייט אין דעם איטאַליעניש־שווייצאַרישן קוראָרט לוגאַנאָ.

ווי צערודערט איך בין ניט געווען ערב מיין צוריקקער קיין רוס־לאַנד פון שווערע און טונקעלע דערוואַרטונגען, איז יענער חודש אין לוגאַנאָ פאַרבליבן אין מיין זכרון ווי איינער פון די בעסטע פעריאָדן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען מיט שלום־עליכמען. די קליינע שטאָט לוגאַנאָ איז אַ פּרעכטיקער ווינקל אין דער איטאַליענישער שווייץ, און באַזונדער שיין האָט זי זיך אונדז געוויזן דורך דעם מילדן דרומדיקן האַרבסט. טעג זענען געשטאַנען שטילע, ווייך און ליכטיק פאַרחלומטע, זיס־געווירצטע מיטן צייטיקן ריח פון די אַרומיקע וויינ־גערטנער. די ביימער אויף דער פּראָמענאַדע האָבן זיך געפאַרבט אין גאָלדיק־רויט, די שפּיגלדיקע אָזיערע האָט אַלע פרימאָרגן געשטראַלט אין טיפער שטילקייט, ווי דורך אַ לאַנגן יום־טוב, און די נאָכמיטאָג־דיקע זון האָט געוואַרעמט און געגלעט אַזוי צערטלעך־זיס, אַז עס האָט זיך נאָר געגלוסט צו זיצן אין דרויסן שטונדן־לאַנג און זינקען אין דעם טיפן נעבל פון אומקלאָרע יוגנט־חלומות און יוגנט־האָפענונגען.

פאַר שלום־עליכמען זענען דאָס געווען גליקלעכע טעג פון פיזישער און זעלישער באַנייאונג. ער האָט אין לוגאַנאָ פּלוצעם דערפילט, אַז ער הייבט־אָן באמת ווערן צוריק געזונט. ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט צו הוסטן, די טעמפּעראַטור האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַלע, און אַליין פלעגט ער אין די פרימאָרגנס אַרויס פון זיין צימער אַ פרישער, אַ מונטערער, אַן עלעגאַנט־געקליידטער, גאָר ווי אין די גוטע מאָמענטן פון די פריערדיקע יאָרן. עס איז געווען אַ פרייד צו קוקן, ווי אַזוי ער האָט מיטאַמאָל זיך אָפּגעטרייסלט פון די קראַנקע, מעלאַנכאָלישע שטי־מונגען און גייט אַריין צוריק אין זיין לעבנסלוסטיקן עלעמענט. מיר האָבן געוווינט אין אַ פיינעם שטילן האָטעל סאַמע ביים ברעג אָזיערע, און אַזוי ווי פון דער גאַנצער פאַמיליע איז מיט אים דאָ פאַרבליבן נאָר אַ דריטל, האָט ער צום דאָזיקן דריטל פאַרדרייפאַכט זיין פאָטער־לעכע גוטסקייט, געווען באַזונדער אויפמערקזאַם צו יעדן איינעם, געזוכט אונדז פריילעך צו מאַכן אויף אונדזערע שפּאַצירגענג און ביים טיש,

דורך פאַרשיידענע אַיינפאַלן, דערציילט הומאָריסטישע געשיכטעס און סצענעס פון זיינע באַאָבאַכטונגען אין דער פאַרגאַנגענהייט, דערביי אַליין געלאַכט הילכיקער פון אַלעמען. די עטלעכע ענגלישע פאַמיליעס, וואָס זענען אַיינגעשטאַנען אין דעם זעלבן האָטעל און געזעסן אין עסצימער שטייף און שטיל, ווי די טאָקן, פלעגן זיך אומקוקן אויפן טיש פון דעם פריילעכן „רוסישן" געזינדל אין גרויס דערשטוינונג, ווי אויף עכטע פראַים. דאָס האָט אָבער שלום־עליכמען ניט געשטערט; אַדרבה, עס האָט אים נאָך מער גערייצט צו פריילעכקייט.

נאָר מער פון אַלץ איז מיר פאַרבליבן אין זכרון די אַרבעט, וואָס שלום־עליכם האָט אָפּגעטאָן פאַר יענעם חודש אין לוגאַנאָ. די דאָזיקע אַרבעט איז געווען אַ דרינגלעכע און איז באַשטאַנען אין איבערלייטערן אַלע בריוו פון מנחם־מענדלען און פון שיינה־שיינדלען זיין ווייב און צוזאַמענשטעלן זיי אין איין בוך, וואָס האָט גלייך באַדאַרפט אַרויסגיין אַלס דער פערטער באַנד פון דער וואַרשעווער יובילעאום־אויסגאַבע. פריער, נאָך אין סט. בלאַזיען, האָט שלום־עליכם די ערשטע רעדאַקציע פון מנחם־מענדלען געהאַט אָנגעטרויט מיר. איך האָב באַדאַרפט צוזאַמענשטעלן אין כראָנאָלאָגישער אָרדענונג אַלע מנחם־מענדלס בריוו, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין משך פון אַכצן יאָר אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן, אַיינפירן אין זיי איין אָרטאָגראַפיע, ווי אויך אויסרינגלען די פלעצער, וואָס האָבן געשיינט צו זיין פראַגלעך, אָדער אינגאַנצן איבעריק, און איבערלאָזן זיי אויף שלום־עליכמס באַשטימונג — ער זאָל זיי אָדער אויסבעסערן, אָדער אינגאַנצן אויסמעקן. איך האָב מיין אַרבעט געטאָן ווי עס געהער צו זיין, נאָר אויף אויסצורינגלען די צווייפלהאַפטע שטעלן בין איך געווען זייער קאַרג. ס'איז מיר פשוט אַ שאָד געווען יעדע שורה, אַפילו די, וואָס האָט אויסגעזען איבעריק, — שוין צוליב דעם נאַטירלעכן שפּראַכלעכן חן, וואָס איז אויסגעגאָסן אויף שלום־עליכמס יעדן זאַץ. איצט, אין לוגאַנאָ, אַז שלום־עליכם האָט דורכגעקוקט מיין אַרבעט, האָט ער געפונען, אַז איך בין געווען אַ צו גרויסער „בעל־רחמים", און האָט זיך גענומען איבערלייטערן דאָס גאַנצע מאַטעריאַל פונעם אָנהייב ביזן סוף. ער האָט די אַרבעט געטאָן צוזאַמען

מיט מיר ביי אַ טישל אינעם שטילן אָפּגעצאַמטן הויף פונעם האָטעל, אויפן ברעג פון דער ליכטיק־דרעמלענדיקער לוגאַנער אָזיערע. איך האָב אים פאָרגעלייענט פון דעם צוזאַמענגעשטעלטן מאַנוסקריפּט, און ער האָט דיקטירט זיינע אויסבעסערונגען.

מיר האָבן געאַרבעט יעדן טאָג אין די פרימאָרגנס און אין די נאָכמיטאָגן צו עטלעכע שעה, און פאַר מיר זענען דאָס געווען מאָמענטן פון גרויסן געניוס, פון טיפער אַריינדרינגונג אין שלום־עליכמס שריפט־שטעלערישן וועזן. איך האָב אים דערזען צום ערשטן מאָל אין זיין פולער קינסטלערישער זעלבסט־קריטיק, אין זיין דורכגעטראַכטן, גע־לייטערטן קוק אויף זיך אַליין, אין דער ריינער אָפּשפּיגלונג פון זיין כוח־השופט. עס איז אויך געווען אַ זעלטענער געניוס נאָכצופאָלגן ביי אַזאַ אַרבעט זיין קינסטלערישע רייפקייט און זיין פלינקן שאַרפן חוש פאַר עכטע יידישע שפּראַך־פאָרמען און שפּראַך־ניואַנסן. ער האָט מנחם־מענדלען דורכגעזיפּט און איבערגעלייטערט אין זיבן וואַסערן. ער האָט פון אים אָן רחמנות געמעקט גאַנצע שורות, אַרויסגעוואָרפן גאַנצע שטיקער, אָפּט פאַרביטן זיי מיט איין קורצן טרעפנדיקן זאַץ. ער האָט זיך פאַרהאַלטן צו זיין אייגענעם ווערק, ווי אַ זייטיקער שאַרפער ריכטער. ביי אַן אומגעלונגענער שטעל האָט ער פשוט געזאָגט: „פּע, דאָס טויג ניט — וואַרפט דאָס אַרויס!“ און גאַנץ אָפט, נאָכדעם ווי ער האָט אויס־געבעסערט אַ בריוו, אָדער אַ היבשן טייל פון אים, פלעגט ער זיך מיישב זיין און עס גאָר אינגאַנצן אויסמעקן. „אַזוי וועט זיין געזינטער, — פלעגט ער דערביי זאָגן. — וואָס ווייניקער שמאַטעס, אַלץ מער וועט זיך זען דער מענטש!“... ער האָט זיך אויך אַרויסבאַוויזן לייכט אויף אָנצונעמען יענעמס אַ סברה, אַבי זי איז נאָר געווען קערנדיק, און האָט דערפון הנאה געהאַט, ווי פון אייגנס. ער האָט מנחם־מענדלען דורכ־געלעבט נאָך אַ מאָל פונדאָסניי, און יעדער ניי־צוגעקומענער געלונגענער שטריך האָט ביי אים אַרויסגערופן טיפע פרייד.

דערהויפּט האָט ער גרינטלעך באַאַרבעט די בריוו פון שיינה־שיינדלען. אין דעם ערשטן צייטונגס־וואַריאַנט האָט זיך שיינה־שיינדל אויסגעצייכנט ווי אַ יידענע אַ שילטערקע, אַ שטיק „ארורה“, ביי וועמען

די פּראַקטישע קלוגשאַפט ווערט פּאַרטרונקען אין אַ ים פון קללות. איצט האָט ער שיינה־שיינדלען אויסגעלייטערט פון דעם דאָזיקן שאַבלאָ־נעם פּסולת און האָט מער באַטאָנט איר ווייבערשע ניכטערקייט, איר טרויעריקע מערכה פאַרן מאַן דעם פליער, איר פאַרבאָרגענע טריישאַפט צו אים און איר פאַרצאָגט ביטער האַרץ, וואָס „ווען אַ הונט זאָל עס אויפעסן, וואָלט ער משוגע געוואָרן". זי האָט שוין מער מנחם־מענדלען ניט געשאָלטן, נאָר שאַרף געטאַדלט, ביטער אויסגעלאַכט, און אין דער שטיל געטריקנט, אויסגעגאַנגען נאָך אים אין ווייבערשער בענקשאַפט... ס'איז מערקווירדיק: וויפיל טינט ביי אונדז איז שוין אויסגעגאָסן גע־וואָרן איבער מנחם־מענדלען — האָט זיך נאָך דערווייל זעלטן ווער אָפּגעשטעלט באַטראַכטן די אויסדרוקספולע יידישע פרויען־פיגור פון שיינה־שיינדלען, ווי זי איז אַרויסגעקומען ביי שלום־עליכמען אין איר צווייטן, געלייטערטן נוסח!

אַרום און אַרום איז „מנחם־מענדל" אין דער נייער באַאַרבעטונג רעדוצירט געוואָרן ביז אַ העלפט, און אין דער הקדמה, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן צו דער נייער אויסגאַבע מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, האָט ער די דאָזיקע רעדוצירונג דערקלערט אַזוי:

„ביים צונויפשטעלן די בריוו צו דער צווייטער אויפלאַגע האָב איך אַ סך בריוולעך שטאַרק פאַרקירצט און אַ סך בריוולעך גאָר אַרויס־געוואָרפן. אָנגעוואָרן דערביי האָבן נאָר די זעצערס, ווייטער קיינער ניט. דער מחבר פון דעם בוך גייט מיט דעם גאַנג, אַז אַ ווערק, וואָס ס'איז קירצער, איז דאָס אַלץ בעסער. די וואָס וועלן געפינען, אַז ס'איז נאָך אַ ביסל צו לאַנג, קאָנען זיכער זיין, אַז, אם ירצה השם, ביי די ווייטערדיקע אויפלאַגן זאָל דאָס ווערן אַלע מאָל קירצער און קירצער. ביז עס וועט קומען צום רעכטן אידעאַל: צו ניט זאָגן קומט דאָס ניט..."

אין דער זעלבער הקדמה באַצייכנט שלום־עליכם דאָס בוך „מנחם־מענדל", אַז ס'איז „כמעט אַ בריפנשטעלער", פון וועלכן אַלערליי יידן מיט פאַרשיידענע ווינט־פּרנסות קאָנען זיך לערנען שרייבן בריוו. פאַר־וואָס עפּעס דווקא אַ בריפנשטעלער? דאַרף דאָ דערציילט ווערן, אַז

דער פֿאַרגלייך מיט אַ בריפֿנשטעלער איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך אַ מעשׂה, וואָס האָט מיט שלום־עליכמען פּאַסירט יענע טעג:

אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער באַאַרבעטונג פֿון מנחם־מענדלס בריוו, איז אים, ווי אומיסטן, אָנגעקומען אַן אָנבאָט פֿון עפּעס אַ ביאַליסטאָקער מוכר־ספֿרים, ער זאָל פֿאַר אים אָנשרייבן אַ בריפֿנשטעלער, וועט ער אים דערפֿאַר גוט באַצאָלן. שלום־עליכמען איז געפֿעלן געוואָרן די נאַאיווע חוצפּה פֿון אַ פּראָווינציעלן בוכהענדלער, וואָס וויל פֿון אים שטילערהייט רייך ווערן, און אַזוי ווי ער איז געווען פֿריילעך געשטימט, האָט ער מיט אים פֿאַרפֿירט אַ שפּאַס. דער מוכר־ספֿרים האָט געשריבן ניט בפֿירוש „בריפֿנשטעלער", נאָר מיט ראשי־תּיבֿות: בר"ש, — האָט אים שלום־עליכם קודם כּל געקרוינט מיטן נאָמען „דער בראַש", און האָט אים גלייך געענטפֿערט, אַז דער פּלאַן פֿון דעם בר"ש איז אַ געניאַלער פּלאַן, נאָר ער וויל וויסן, מה יקר — וויפֿיל קאָן ער האָבן פֿון אַזאַ מין בר"ש? האָט אים יענער געשריבן, אַז ער מיינט, אַז אַ הונדערטער וועט זיין אַ גוטער פּרייז. האָט אים שלום־עליכם געענטפֿערט: ניין, ס'איז ווינציקלעך. ס'איז דאָך ניט שרייבן סתם מעשׂיות, ס'איז דאָך אַ בר"ש — צו אַ בר"ש דאַרף מען גוט צוהאָרעווען! האָט דער מוכר־ספֿרים אָנגעהויבן אין יעדן בריוו צולייגן אַ פֿינפֿאונ־צוואַנציקער, און נאָכדעם אַ פֿופֿציקער, נאָר שלום־עליכם האָט זיך אַלץ געברעקלט, אַז ס'איז ווינציקלעך, און האָט אין זיינע בריוו צענדליקער מאָל איבערגעחזרט דאָס וואָרט בר"ש. די געשיכטע מיטן בר"ש האָט זיך אָוועקגעצויגן אויף היבשע עטלעכע וואָכן, דער מוכר־ספֿרים האָט שוין געהאַלטן נאָענט ביי אַ טויזנטער, — ביז שלום־עליכם האָט זיך געכאַפּט, אַז „דער בראַש" האָט שוין פֿון אים אַזויפֿיל בריוו, אַז עס קאָן אים איינפֿאַלן אַ צווייטער געניאַלער פּלאַן: פֿון זיי אַליין צו מאַכן אַ בר"ש... האָט ער מיר געשריבן אין אַ בריוו (איך בין שוין דעמאָלט געווען אין רוסלאַנד): „האָט רחמנות! לייזט מיך אויס פֿון ט... [דעם בראַש'ס] הענט. וואָס האָט זיך אויף מיר געגומען אָט דער ייד?!..."

פֿון שלום־עליכמס אויפֿגעלעבטער שטימונג אין לוגאַנאָ שטייט מיר פֿאַר די אויגן אויך אָט די סצענע:

איינמאָל אין אַ ליכטיקן פרימאָרגן שפּאַצירן מיר ביידע אויף דער פּראָמענאַדע פון דער אָזיערע, וואַרפן שטיקלעך ברויט צו די געדיכטע מחנות פיש, וואָס שעמערירן הין און הער ביים סאָמע ברעג, אינעם לויטערן דורכזיכטיקן וואַסער. אַקעגן דער פּראָמענאַדע, איבער דער גאַס, ציט זיך אַ שורה יום־טובדיק־אויסגעפּוצטע קלייטן. צווישן זיי — אַ געשעפט פון אָריענטאַלישער גאַלאַנטעריי, מיט אַן אויסשטעלונג ביים אַריינגאַנג. דאָרטן, זעען מיר, שטייט אַן אַלטע ענגלישע ליידי און מעסט־אָן אויף זיך אַן עגיפּטישע שאַל, געשטריקט מיט זילבער.

— אַי, וואָס פאַר אַ שאַל! — באַקומט שלום־עליכם פּלוצעם התפּעלות. — אָט די שאַל דאַרפט איר אַוועקפירן טיסין אַ מתנה!

מיר גייען אַריבער די גאַס, וואַרטן־אָפּ ביז די ענגלענדערין וועט פאַרטיק ווערן, און שלום־עליכם מעסט־אָן אויף מיר די שאַל. דערביי שטייט דער באַלעבאָס פון קלייט, אַ נידעריק־געוואַקסן מענטשל מיט אַ שוואַרצן געשוירענעם בערדל, מיט שוואַרצע אויגן און מיט געדיכטע שוואַרצע ברעמען. ער רעדט מיט אונדז אויף אַ מאָדנער שפּראַך, וואָס איז ניט דייטש און ניט פראַנצויזיש. אפשר איז דאָס אַן איטאַליענער? נאָר דאָס לשון קלינגט אויך ניט איטאַליעניש.

— עס כאַפּט דעם אָנבליק פון אַ טלית, — זאָגט צו מיר שלום־עליכם, באַטראַכטנדיק אויף מיר די שאַל.

— וואוי, וואוי, טלית (יאָ, יאָ, אַ טלית)... — טוט אַ זאָג דאָס מענטשל ניט־ווילנדיק און צעשמייכלט זיך מיט דערשראָקענע אויגן.

— יהודי? — גיט אויף אים שלום־עליכם אַ בליץ מיט איין אויג דורך דער בריל.

— נאָ, נאָ! — דערשרעקט זיך שוין דאָס מענטשל ניט אויף קאַטאָוועס און וואַרפט זיך אָפּ מיט ביידע הענט.

— איז עס, הייסט עס, ניט נאָר אַ ייד, — מאַכט צו מיר שלום־עליכם, — נאָר דערצו נאָך אַ ייד אַ פּאַרך!...

און ער ווענדט זיך צום דערשראָקענעם קרעמער שוין אויף יידיש:

— וויבאַלד איר ווייסט וואָס אַ טלית איז און וואָס „יהודי" מיינט, וואָס זשע זאָגט איר מיר „נאָ־נאָ"?

— ניקס פאַרשטיין, ניקס, ניקס... — טענהט נעבאַך דאָס מענטשל און קוקט אויף אונדז מיט געבעט, כאַפּט אויך אַ קוק הינטערווײַלעכס אויף זיינע פאַרקויפּעריגס, וואָס שטייען אין טיר פון דער קלייט און באַטראַכטן אונדז נייגעריק.

— אַזוי? — זאָגט צו מיר שלום־עליכם. — ער רעדט שוין, דאַנקען גאָט, העכער האַלב יידיש!... אַנו, — מאַכט ער צום קרעמער, — ווי אַזוי האַלט מען ביי אַייך שבת פון געפילטע פיש?

— ניקס, ניקס... — שאָקלט דער קרעמער מיטן קאָפּ און זעט־אויס ווי אַ טויטער.

— סטייטש? — וווּנדערט זיך שלום־עליכם. — געפילטע פיש הייסט ביי אַייך ניקס? נו, און טונקען פרישע חלה אין דער הייסער פיש־יויך איז ביי אַייך אויך „ניקס״?

— ניקס פאַרשטיין, מאָסיו, ניקס פאַרשטיין... — האַלט זיך יענער אַלץ ביי זיינעם.

— זאָל זיין „ניקס פאַרשטיין״... אָבער וואָס פסח איז — דאָס פאַר־שטייט איר דאָך? פסח! מצה! הגדה!

— ניקס, ניקס...

— עי, ער איז דאָך גאָר אַ ווילדער עקשן! — זאָגט שלום־עליכם. — הערט זשע, איר ניקס וואָס איר זענט! מילא, די הגדה בין איך אַייך מוחל: אָבער קניידלעך, לאַטקעס, פאַלירטשיקעס!... שאַ, לאָמיר אים נעמען פון אַן אַנדער זייט. וואָס איז ביי אַייך מכוח פורים? פו—רים! פורים־גרעט, שלח־מנות, המן־טאַשן, מלכות־ברויטלעך, האָניק־פאַרפל, מאַנ־דעלעך, קאָרענער לעקאַך — דאָס איז ביי אַייך אויך פאַררעכנט פאַר „ניקס״?...

דאָס איבערגעשראָקענע מענטשל האָט גאָר צעפּירט מיט די הענט.

— נו, און די מגילה? מע—גי—לאַ? — פרעגט ווייטער שלום־עליכם און צעזינגט זיך דעם קרעמער אין פנים אַריין מיטן ניגון פון דער פורימדיקער מגילה: — ויהי בימי אחשורוש...

— הוא אחשורוש!... — כאַפּט זיך פלוצעם אַרויס דאָס מענטשל

מיטן זעלבן ניגון, און די שוואַרצע דערשראָקענע אויגן לייכטן־אויף אין אַ כיטרען שמייכל.

שלום־עליכם האָט זיך הויך צעלאַכט.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ טערקישער ייד, וואָס קומט פון קאַאיר. דאָס הייסט, ס׳איז גאָר אַ סברה, אַז ער שטאַמט פון פוילן, נאָר אויפגעהאָדעוועט האָט ער זיך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, געהאַנדלט אין קאַאיר, און איצט האָט ער אַריבערגעצויגן דאָס געשעפט אין לוגאַנאָ. דאָ גילט ער פאַר אַן עגיפּטישן טערק, ווייל אַזוי איז אים באַקוועמער פאַר זיינע פאַרקויפערינס און ס׳איז סתם געזינטער פאַרן געשעפט.

— וויבאַלד אַזוי, איז עס שוין ניט קיין ייד און ניט קיין טערק, נאָר גלאַט אַ פאַרך! — האָט שלום־עליכם געפּסקנט, אַרויסגייענדיק פון קלייט מיט דער געקויפטער שאַל אונטערן אָרעם.

## כח
# צוריק איבער דער גרענעץ

מיט די האַרבסט־רעגנס אין לוגאַנאָ איז ביי שלום־עליכמען די גוטע שטימונג געפאַלן. ער האָט זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן אין די פרימאָרגנס, אַז ער שלאָפט שלעכט און פילט זיך ערגער ווי פריער. ס׳איז אפשר געווען ניט אַזוי מחמת זיין פאַרערגערטן געזונט־צושטאַנד, ווי פון דעם באַוווּסטזיין, אַז אים שטייט־פאָר צו פאַרברענגען אַ ווינטער ווידער צווישן קראַנקע, און איצטיקס מאָל — נאָך אַ מער אומעטיקן און איינזאַמען ווינטער ווי פאַראַיאָרן, ווייל פון אַלע קינדער זענען מיט אים פאַרבליבן נאָר צוויי, און די וואַרעמע משפּחה־אַטמאָספער, וואָס האָט אים געהאַלטן מונטער אין דער פרעמד, איז געווען צעשטערט. פרוי שלום־עליכם איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, געפאָרן מיט אים צום פּראָפעסאָר סאַהלי קיין בערן, און אויפן ראַט פון דעם באַרימטן מומחה האָט מען זיך ווידער באַזעצט אויפן גאַנצן ווינטער־סעזאָן אין נערווי.

צו יענער צייט האָב איך שוין געהאַט באַקומען פון רוסלאַנד אַ כשר־געקויפטן פּאַס פאַרן כשרן האָנאָראַר פון מיינע ערשטע צוויי בענדער און האָב שוין געקאָנט פאָרן פון לוגאַנאָ גלייך קיין באַראַנאָוויטש. שלום־עליכם האָט אָבער פאַרלאַנגט פון מיר, איך זאָל נאָך קומען צו אים קיין נערווי אויף אַ וואָך אָדער צוויי. ער האָט דאָס מאָטיווירט דערמיט, אַז ער וויל פאַר מיין אָפּפאָר פאַרטיק מאַכן די ערשטע קאַפּיטלען פון זיין ראָמאַן „בלאָנזענדע שטערן“, וואָס ער האָט אָנגעהויבן שרייבן פאַר ספּעקטאָרס „די נייע וועלט“. דער ראָמאַן האָט גלייכצייטיק געזאָלט גיין אויך אינעם ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל“ און אינעם לעמבערגער „טאַגעבלאַט“, האָב איך באַדאַרפט צוגרייטן די קאָפּיעס. עס איז מיר געווען אַ חידוש, אַז צוליב דעם אַליין זאָל איך מוזן פאָרן קיין איטאַליע און אָנלייגן איבעריקע הוצאות, און איך האָב משער

געוועזן, אַז מסתמא האָט דאָ שלום־עליכם אַן אַנדער מיין. און ווירקלעך, אַז איך בין געקומען קיין נערווי, האָט ער מיך געגומען צורעדן, איך זאָל מיט אים פאַרבלייבן נאָך איין ווינטער און זאָל בעסער אַרויסרופן אַהער מיין פרוי און קינד. וואָס איז די אַיילעניש? — האָט ער געפרעגט. — וואָס וועל איך אין רוסלאַנד פאַרשפעטיקן?... עס וועט אַ סך גלייכער זיין, און טאַקע געזינטער אויך, אַז טיסי זאָל פאַרברענגען נאָך איין ווינטער אין דעם גוטן איטאַליענישן קלימאַט, און ערשט קומענדיקן זומער, אם ירצה השם, וועלן מיר שוין אַלע אינאיינעם אַריינפאָרן אין רוסלאַנד מיטן אמתן קנאַק. איך האָב זיך געפילט אין אַ גרויסער פאַר־לעגנהייט. איך האָב געזען, אַז ער ערגערט זיך דערפון, און ס'איז מיר שווער געוועזן פאַרשאַפן אים יסורים; עס איז מיר אָבער געווען נאָך שווערער אָפּצוזאָגן זיך פון מיין אויסגעווייטאַגטן חלום וועגן „זעלבסט־שטענדיקייט" און „פרייהייט", וואָס האָט געהאַלטן אָט־אָט ביי מקוים ווערן.

אין נערווי האָבן מיר נאָך געטראָפן הייסע זומערדיקע טעג. די קור־געסט זענען זיך נאָך ניט צוזאַמענגעפאָרן, און די „מאַרינע" האָט געפלאַקערט אונטער דער זון אין פוסטער שטילקייט. האָבן מיר מער געשפאַצירט אינעם שטעטל גופא, אין קילן שאָטן, ווו אַלט־באַקאַנטע באָרוועסע באַלעבאַטים האָבן באַגעגנט שלום־עליכמען מיט אַזאַ שמחה, פונקט ווי זיי וואָלטן דעם גאַנצן זומער נאָר אויף אים אַרויסגעקוקט. דערהויפט האָבן אים אויפגענומען גאַסטפריינדלעך די דיקע גוידערדיקע איטאַליענישע קרעמערינס — יענע האָבן פאַר גרויס באַגייסטערונג געפאַטשט מיט די הענט איבער די פעטע פאַרטיכער און פאַרהילכט די גאַס מיט זייערע באַגריסונגען אויף זייער שאַרפער קנאַקנדיקער שפּראַך.

אויף די ערשטע טעג אין נערווי האָט שלום־עליכם זיך געפילט שוואַך, געקלאָגט זיך אויף מידקייט, און דעם ראָמאַן נאָך אַלץ ניט געשריבן. אַנשטאָט דעם האָט ער מיט מיר אויפן שפּאַציר געשמועסט וועגן דעם פּלאַן פון די „בלאָנזענדע שטערן", וואָס איז שוין ביי אים אין אַלגעמיין געוועזן אויסגעאַרבעט. לויט דעם פּלאַן האָט דאָס באַדאַרפט זיין דער דריטער ראָמאַן פון זיין טרילאָגיע „יידישע ראָמאַנען", וואָס ער האָט פאַרטראַכט נאָך אין די יונגע יאָרן — דער דריטער צו „סטעמפעניו"

און „יאָסעלע סאָלאָווײ״. און לויט דעם ראָמאַנטישן אינהאַלט האָט דער פּלאַן פון די „בלאָנזשענדע שטערן״ טאַקע אַ ביסל דערמאָנט אָן דעם אינהאַלט פון „יאָסעלע סאָלאָווײ״: אויך דאָ האָט זיך געזאָלט אַנט־וויקלען אַ ליבע־געשיכטע פון אַ באַגאַבטן יידישן קינסטלער, ווי אַזוי זי הייבט זיך אָן אין זיינע חדר־יאָרן, שטייט־אויס אַלע שטרויכלונגען אויפן פאַרפּלאָנטעטן לעבנסוועג און ווערט ניט פאַרלאָשן ביזן סוף. נאָר דאָ איז דער לייוונט געווען אַ ברייטערער, די סביבה אַן אַנדערע און די האַנדלונג אַ ווייט־גייענדיקע. אַנשטאָט אַ באַרימטן חזן מיט משוררים האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אַ באַרימטן יידישן שוישפּילער אין דער קאָמפּאַניע פון וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן, און אַנשטאָט דער סביבה פון מאַזעפּעווקע, טעטרעוועץ און סטרישטש, האָבן דאָ באַדאַרפט אַרויסטרעטן לעמבערג, לאָנדאָן און ניו־יאָרק. שלום־עליכם האָט וועגן דעטאַלן ניט גערעדט — דאָס האָט ער געהאַלטן פאַר זיין קינסטלערישן סוד, און דאָס איז אים שטענדיק געקומען אין דעם סאַמע פּראָצעס פון שרייבן. ער האָט נאָר הויך פאַנטאַזירט וועגן דער ראַם פון זיין פאַר־טראַכטן ווערק, אַז זי וועט אומפאַסן אַ ניי שטיק יידיש לעבן, צו וועלכן קיינער האָט זיך ניט צוגערירט. ער האָט אויך געזוכט אַ פּאַסיקן נאָמען פאַר זיין הויפּט־העלד. דער העלד האָט געזאָלט אָנהייבן זיין אַרטיסטישע קאַריערע אין רומעניע און דאָרט האָט ער באַדאַרפט בייטן זיין יידישן נאָמען אויף אַזאַ, וואָס זאָל קלינגען רומעניש — וואָס זאָל זיך ענדיקן אויף „עסקאָ״. האָט שלום־עליכם געזוכט יידישע נעמען, וואָס קאָנען לייכט רומעניזירט ווערן, און אויף טשיקאַוועס אָנגעהויבן פון די סאַמע נאָענטע: ראַבינאָוויטש — ראַבינעסקאָ — טויג ניט. בער־קאָוויטש — בערקעסקאָ — טויג גאָר אויף כפּרות. אַבראַמעסקאָ, לע־ווינעסקאָ, שאַפּירעסקאָ, ספּעקטאָרעסקאָ, — האָבן אַ טעם פון חוזק... לסוף, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעוואוּיגן אַ סך יידישע נעמען, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף ראַפּאַלאָוויטש — ראַפּאַלעסקאָ. ראַפּאַלעסקאָ האָט גע־קלונגען גרויס־אַרטיסטיש, און ווי לעגענדאַריש — דערמאָנט אָן דעם גרויסן איטאַליענישן מאָלער ראַפּאַעל.

פאַרוואָס שלום־עליכם האָט געוואָלט געבן זיין הויפּט־העלד דווקא

אַ רומעניזירטן נאָמען — וועגן דעם האָט ער ניט גערעדט. נאָר איך האָב מיך אויף דעם אַליין אָנגעשטויסן. אַרום יענער צייט איז אין אַמעריקע געשטאָרבן דער באַרימטער קאָמיקער פון דער יידישער בינע זיגמונד מאָגולעסקאָ, און אין איינער פון די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען האָבן מיר געלייענט די ווונדערלעכע געשיכטע פון זיינע ערשטע אַרטיס־טישע טריט אין רוסלאַנד און רומעניע. דאָס האָט שלום־עליכמען, ווייזט אויס, אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק צו געבן זיין באַגאַבטן „בלאָנזענדן שטערן", וואָס אויך זיין געשיכטע האָט געזאָלט קלינגען ווונדערלעך, אַן ענלעכן נאָמען, הגם ראַפאַלעסקאָ האָט געדאַרפט זיין ניט קיין קאָמיקער, נאָר אַ טראַגיקער, — וואָס דאָס האָט זיך מער געפּאַסט צו זיינע טראַגישע איבערלעבונגען און צו זיין גאַנצן דראַמאַטישן לעבנסטאַן. און אַזוי ווי דער אימפּרעסאַריאָ, וואָס האָט אַריבערגעפירט מאָגולעסקאָן מיט זיין טרופּע פון רומעניע קיין לאָנדאָן, האָט געהייסן האָלצהענדלער, — האָט שלום־עליכם, אַפּנים, זיין צווייטן העלד, דעם קאָמיקער „האָצמאַך", וואָס האָט געפירט ראַפאַלעסקאָן פון רומעניע קיין גאַליציע און קיין לאָנדאָן, אויך געגעבן אַן ענלעך־קלינגענדיקן נאָמען: האָלצמאַן. דאָס, וואָס „האָצמאַך" אַליין איז אַרויסגעקומען אינעם ראָמאַן אַ הוסטנדיקער, אַ טובערקולאָז־קראַנקער, — אין דעם האָט זיך שוין געלאָזט מערקן די „הוסטנדיקע" סביבה פון נערווי, ווו שלום־עליכם האָט געשריבן זיינע „בלאָנזענדע שטערן". אַגב, איז „האָצמאַך", צווישן אַלע פּאַרשוינען פון שלום־עליכמס ווערק, דער איינציקער טובערקולאָז־קראַנקער, וואָס דער הוסט שפּילט ביי אים אַן אָנגעזעענע ראָל אין זיינע שאַרפע בייסנדיקע געשפּרעכן.

יענע לעצטע וואָך, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין נערווי, האָב איך דאָרט מקבל פנים געווען אַ ליבן גאַסט — ס׳איז געקומען אַהין אויפן ווינטער־סעזאָן מיין חבר ז. י. אָנכי, איינער פון אונדזער יונגער ווילנער גרופּע. איך האָב פאַר שלום־עליכמען שוין לאַנג געהאַט אָפּגעלויבט אָנכין, ווי אַ שריפטשטעלער, וואָס איז אַחוץ זיין שרייבן באַגאַבט מיט אַ דראַמאַטישן טאַלאַנט, דערהויפּט אין פאָרשפּילן זיינע אייגענע מאָנאָלאָגן אונטערן נאָמען „רב אבא". נאָך זיצנדיק אין לעמבערג,

האָבן מיר אים געוואָלט צונויפפירן מיט דעם אַלטן פּישזאַנס טרופּע, מיטן תנאי, ער זאָל דאָרט שפּילן ליטעראַרישע פּיעסעס. אָנכי האָט אָבער מורא געהאַט זיך אָנצוהייבן מיט פּישזאַנען. איצט האָט שלום־עליכם אויפגענומען אָנכין זייער וואַרעם, און שוין אין די ערשטע אָוונטן זענען מיר צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל „עפּעס ווייזן". אָנכי, בטבע אַ צוריק־געהאַלטענער, אַ שעמעוודיקער, האָט זיך לאַנג געלאָזט בעטן. ער איז אָבער ניט בייגעשטאַנען דעם נסיון און פאָרט באַוויזן אַ ביסל, וואָס ער קאָן. צווישן אַנדערע זאַכן איז אין זיין רעפּערטואַר געווען אַ חסידיש לידל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן: „יאַך בין מיר אַ חסידל, אַ לוסטיקע בריאה..." שלום־עליכמען איז דאָס לידל אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט עס ביי זיך פאַרשריבן און שפּעטער אַריינגענומען אין זיין ראָמאַן אַלס האַצמאַכס „אַטראַקציע", מיט וועלכער ער שטורעמט דעם עולם.

ענדלעך האָב איך מיך אָפּגעזעגנט און זיך געלאָזט אין ווייטן וועג אַריין קיין רוסלאַנד. דאָס איז געווען אַ וועג ניט אינגאַנצן קיין גלאַטער. אין בוזעם־קעשענע האָט מיך טאַקע געוואַרעמט אַ רוסישער פּאַס, בפירוש אַרויסגעגעבן אויף מיין נאָמען; דער פּאַס האָט אָבער געטויגט נאָר אינווייניק אין רוסלאַנד, און כדי אַריינצוקומען אין לאַנד, האָב איך דערווייל געמוזט ווידער אַ מאָל, ווי מיט פיר יאָר צוריק, „גנבענען די גרענעץ". איך בין געפאָרן קיין גאַליציע, ווו איינער שלום־עליכמס אַ חסיד, וואָס איז געזעסן אין דעם גרענעץ־שטעטל פאָדוואָלאָטשיסק, האָט זיך אונטערגענומען, ווי ער האָט געשריבן, „מיך אַריינפירן צוריק אין גלות".

געקומען אינעם גאַליצישן גרענעץ־שטעטל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שלום־עליכמס חסיד איז גאָר אַ זעלטן פיינער ייד, אַ נידעריק־געוואַקסענער, אַ בייכלדיקער, נאָר זייער אַ רירעוודיקער, מיט אַ קיילע־כיקן ליכטיקן גוטן פּנים. דערצו איז ער אויך אַ משכיל און אַ ציוניסט, רעדט כסדר מיט שלום־עליכמס ווערטלעך, פּאַטשט אַייך אין פּלייצע ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט, רופט אַייך „גוטער ברודער" — פון וואָס עס ווערט אַייך באַלד לייכט אויפן האַרצן.

— נאָר ניט געדאגהט, גוטער ברודער, — בודיעט כאַראַשאָ! — האָט

ער מיך געמונטערט מיטן ספּעציעלן הומאָריסטישן נוסח, מיט וועלכן גאַליציאַנער יידן ווילן אויסנעמען ביי זייערע רוסישע ברידער. — איר זאָלט וויסן זיין, אַז די שענסטע יידן פוןביידע זייטן גרענעץ שטייען צו אייער „פּערפיגונג". זיי וועלן דאָס האַלטן פאַר אַ באַזונדערן כבוד צו העלפן שלום־עליכמס איידעם און דעם מחבר פון „מאַשקעלע חזיר" גנבענען די גרענעץ...

דערווייל האָב איך מיך באַזעצט אין אַ גרויסער קאַלטער אַכסניה און געוואַרט ביז די שענסטע יידן פון ביידע זייטן גרענעץ וועלן זיך צוזאַמענרעדן, ווי אַזוי צו העלפן מיר גנבענען די גרענעץ. פון דער זייט האָט מען זיך משתדל געווען אַרויסצובאַקומען פאַר מיר אַ „פּאַסירשיין", וואָס דערלויבט די גרענעץ־איינוווינער אַריבערפאָרן פון איין גרענעץ־שטעטל אינעם אַנדערן, און פון יענער זייט האָט מען באַדאַרפט איבער־שמועסן מיט דער רוסישער מיליטערישער וואַך, זי זאָל קוקן אויף מיר „צווישן די פינגער" און ניט שטעלן קיין איבעריקע פראַגעס. אַרויסגיין שפּאַצירן איבערן שטעטל האָט מיר מיין גאַליציאַנער פריינד ניט געראָטן. דאָס שטעטל וועט דערזען אַ נייעם פּאַרשוין, דערצו אַזאַ, וואָס רעדט אויפן ליטווישן לשון, וועט מען ווערן טשיקאַווע: ווער איז ער? און וואָס טוט ער דאָ? און טאָמער וועט מען חלילה געוואָר ווערן, ווער ער איז און וואָס ער טוט דאָ — קאָן דאָס שאַדן צום עסק, וואָרעם די רוסישע גרענעץ־נאַטשאַלסטווע דרייט זיך דאָ אום אויפן מאַרק יעדן טאָג. זי קומט אַהער „זשליאָקען", ווי אונדזער ליבער שלום־עליכם זאָגט, שאַרפן גאַליציאַנער מעד און גוטן גאַליציאַנער שליוואָוויץ.

עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין גאַליציע אַצינד, נאָכדעם ווי איך האָב עס געזען מיט עטלעכע יאָר צוריק, — האָט מיר מיין פריילעכער ייד געזאָגט, אַז ער קאָן דאָס מיר דערציילן אין צוויי ווערטער: עס גייט, גאָט צו דאַנקען, וואָס אַ יאָר אַלץ בעסער. ס'איז אויסגעוואַקסן אַ יוגנט — „פּערווי סאָרט"! קיין רעוואָלוציעס דאַרף מען דאָ ניט מאַכן, דער אַלטער פראַנץ־יאָסל איז ניט, להבדיל, ניקאָלאַי — ער מעג זיך אויסלעבן זיינע הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס אים איז באַשערט, גאַנץ רואיק. האָט מען זיך

גענומען צו אייגענע, צו אונדזערע גאַליציאַנער מה־יפיתניקעס, די „אַסי־מילאַנטן" — מע גיט זיי דאָ שמעקן פּולווער! קומט צו די פּאַרלאַמענט־וואַלן, טוט זיך אין שטעטל חושך! יונגוואַרג איז גרייט צו גיין ביז בלוט... נאָר דער עיקר פון אַלע עיקרים — די ווייסע־חברהניקעס רייסן זיך גאָרניט אויף קאַטאָוועס קיין ארץ־ישראל. אָט האָט ער אַליין צוויי בנים,ביידע „שטודענטן", וועל איך אויף טשיקאַוועס אָנקוקן ביי אים אין שטוב די דאָזיקע צוויי יונגאַטשעס! זיי מאַכן ביידע פון אים אַש און בלאָטע! „וואָס פאַר אַ ציוניסט ביסטו, טאַטעשי, — טענהן זיי מיט אים, — דו צאָלסט אַ שקל? דו כאַפּסט זיך אַראָפּ פון קאַרלסבאַד אויפן קאָנגרעס?"... אַ ציוניסט, לויט זייער יונגאַטשישן שכל, דאַרף פאַרקויפן האַק און פאַק און פאָרן, ווי זאָגט אונדזער ליבער שלום־עליכם, אַהין־צוצו — קיין ארץ־ישראל...

— איר הערט, גוטער ברודער? — פאַרענדיקט ער זיין באַריכט איבער גאַליציע און דאָס קיילעכדיקע פּנים שיינט אים ווי די ליכטיקע זון. — ס'איז ניט אויסצוהאַלטן פון די היינטיקע גאַליציאַנער עזות־פּנימער! ס'איז שוין איין מאָל גאַליציאַנער! ס'איז, ווי זאָגט אונדזער ליבער שלום־עליכם, גאַליציאַנער, אשר לא גאַליציאַנערו אבותינו!...

אַ וואָך צייט בין איך געווען פאַרשפאַרט אין מיין תפיסה, געשטאַנען ביים פענצטער און געקוקט, ווי עס גיסט אַן אָסיענדיקער רעגן אין אַ פרעמדער בלאָטע אַריין. ביז איינמאָל אין אַ טונקעלן פאַרנאַכט איז צו מיר געקומען אַ מענטש פון רוסיש־אינטעליגענטן אויסזען, מיט אַ רעגנשירם און מיט אַ פּאָרטפּעל, און עס האָט אויף מיר באַלד אַ שלאָג געגעבן מיטן באַקאַנטן היימישן גייסט פון יענער זייט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז ער איז דער ראַבינער פון דעם רוסישן גרענעץ־שטעטל וואָלאָטשיסק און וועט זיין מיין „אונטערפירער" פון דעם צווייטן צד. אַלצדינג איז שוין איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן. מע האָט געגעבן דעם קאַפּיטאַן דאָס וואָרט, אַז איך בין ניט קיין פּאָליטישער עמיגראַנט, נאָר אַ פּראָסטער חי־וקיים, און דער קאַפּיטאַן האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיך אויף מיר ניט אומקוקן. הכלל, איך קאָן שוין פּאַקן מיינע זאַכן — היינט ביינאַכט פאָרן מיר. און איך זאָל מיך גאָרניט

שרעקן, איך פאָר אויף אַן אײַזערנער בריק. דער גביר פון שטעטל אַליין וועט מיך קומען מקבל פנים זיין אויף דער „טאַמאָזשנע"...

און איך בין טאַקע געפאָרן אויף אַן אײַזערנער בריק, באַוואַכט פון צוויי גוטע שומרים: פון איין זייט דער גאַליציאַנער ציוניסט, פון דער אַנדערער זייט דער רוסישער ראַבינער. אויפן רוסישן וואָלאָטשיסקער וואָקזאַל, שטופנדיק זיך מיט מײַנע צוויי באַגלייטער צווישן אַ רוסישן עולם צום אָפּגעפּוצטן אָפּיצער, וואָס האָט אויסגעטיילט די איבערגעקוקטע פּאַספּאָרטן, האָב איך דערפילט אויף זיך די פאַרזאָרגטע געטרייע בליקן פון אַ קליינער גרופּע יידן, צווישן זיי אַן אַלטער ייד מיט אַ גרויען געשווירענעם בערדל און מיט אַ גרויען געשווירענעם קאָפּ אונטער אַ רייכער פליוסענער „קוטשמע" — אַפּנים, דער גביר אַליין. נאָר מער פון אַלע האָט מיך גערירט איינער אַ שטאַרקער ייד מיט אַ געגאָלטן פּנים און מיט געדיכטע שוואַרצע וואָנצעס, אָנגעטאָן אין אַ פּראָסטן היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק. ער האָט אויסגעזען ווי דעם גבירס משרת און איז געשטאַנען בײַ מײַן געפּעק, מיך דורכגענומען און גע־וואַרעמט פון דער ווייטן מיט זײַנע הייסע שוואַרצע איבערגעגעבענע אויגן און ווי געמונטערט: „זיי רואיק, ברודער, מיר וועלן דיך ניט איבערלאָזן אין פרעמדע הענט"... איך האָב צום ערשטן מאָל דערפילט, ווי גוט ס'איז צו טוליען זיך צום אייגענעם פאָלק.

דער אָפּגעפּוצטער אָפיצער האָט זיך אומגעקוקט אויף מיר נאָר מיט אַ האַלבן אויג און אָן ווערטער מיר אָפּגעגעבן מײַן „פּאַסירשיין". מײַנע באַוואַכער האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, און דער קליינשטעטלדיקער אַלטער גביר האָט מיר דערלאַנגט אַ ווייכע פוכקע האַנט און געזאָגט: „נו, אַצינדערט קומט אין פערווע קלאַס טרינקען אַ גלעזל טיי".

אַ פריילעך־אויפגערודערטער, ווי נאָך אַ בײַגעקומענעם שווערן נסיון, האָב איך נאָך פיר לאַנגע יאָר זיך ווידער אַריינגעזעצט אין אַ האַלב־פינצטערן קופּע פון אַ רוסישן צוג. איך האָב מיט אַ באַזונדער ציטער פון פרייד אײַנגעאָטעמט דעם רויך פון דעם „אייגענעם" לאָקאָמאָטיוו, אין וועלכן איך האָב דערפילט דעם ליבן זיסן רויך פונעם פאָטערלאַנד. האַלב־פרעמדע מענטשן האָבן מיר געוווּנטשן גליק אויף די טרעפּ

פונעם וואַגאָן. נאָר וואַרעמער פון אַלעמען האָט זיך מיט מיר גע־
זעגנט מיין גאַליציאַנער באַפרייער:

— פּראָשטשאַיטיע! — האָט ער געזאָגט אויף רוסיש. — און גריסט
האַרציק, ווי אונדזער ליבער שלום־עליכם זאָגט, אייער זוגתי! און פאַר־
געסט ניט אַמאָל אַריינוואַרפן אַ בריוול אַ גוטן ברודער אין גאַליציע!...

# אינהאַלט

